# 1870
# 1945



# 75 יאָר
# יידישע פּרעסע
## אין אַמעריקע

ארויסגעגעבן פון
**י. ל. פּרץ שרייבער פאַראיין**

ניו יאר
תש = 1945

## פינף און זיבעציק יאָר

# יידישע פּרעסע אין אַמעריקע

## 1870—1945



י. ל. פּרץ

רעדאַקציע:



יעקב גלאַטשטיין



ש. ניגער



הלל ראָגאָף

ארויסגעגעבן פון

י. ל. פּרץ שרייבער פאַראיין

ניו יאָרק, 1945 — תש"ה

# 75 YEARS
# YIDDISH PRESS
IN THE
# UNITED STATES of AMERICA

(1870 « « 1945)

Editors:

J. GLADSTONE

S. NIGER

H. ROGOFF

Published by

THE YIDDISH WRITERS UNION

New York, March, 1945

# באַאמטע

פון

# י. ל. פרץ שרייבער פאראיין

**דר. ל. הענדין,** פרעזידענט

**מ. ריבלין,** וויצע־פרעזידענט
און פאָרזיצער פון עקזעקוטיוון קאָמיטעט

**ד. טשאַרני,** סעקרעטאר־קאַסירער

עקזעקוטיווע:

ר. אייזלאנד
מ. דאנצים
ש. יודסאָן
ק. יפה

ה. ראָזענפעלד
יעקב רייך
ז. שער

---

## יובל־קאָמיטעט



פון רעכטס צו לינקס, ערשטע ריי: מ. ריבלין, פאָרזיצער; י. פישמאן, ערן וויצע־פאָרזיצער; אב. קאהאן, ערן־פאָרזיצער; ל. הענדין.
צווייט'ע ריי: ש. יודסאָן, א. גלאנץ, ז. שער, ל. קרישטאל, י. גלאטשטיין, א. אויערבאך, ה. ראָזענפעלד, מ. שטארקמאן, ל. פאָגעלמאן, מ. אָשעראָוויטש.

# אינהאַלט:

★

זייט

# 75 יאָר יידישע פּרעסע אין אַמעריקע

דאָס וואָרט יום־טוב קלינגט איצט ווי א טרויעריגער דיסאָנאַנס, אין אונזערע טעג פון בלוט און טרערן: ס'איז באמת שווער צו רעדן וועגן דעם 75־יאָריקן יובל פון דער יידישער פּרעסע אין אמעריקע, ווי פון א יום־טוב. ווי קען מען יום־טוב'ן, אויף די חורבות פון דעם אָפּגעווישטן יידישן לעבן, מעבר לים? ווי קען מען איצט רעדן וועגן פייערונג, ווען מיליאָנען יידישע לעבנס זיינען פאַרשניטן געוואָרן? אָבער דער 75 יאָריקער יובל פון יידישן צייטונג־וועזן אין אמעריקע איז פאָרט אַ סימבאָל — אַ צייכן פון נאַציאָנאלער עקשנות און כח פון ווידערשטאַנד. ס'איז א טריאומף־דאַטע, א נצחון איבער דעם שונא און א האָפנונג, אז איבער די שרפות פון יידישן לעבן פלאַטערן אונזערע אותיות, וואס פון הוילער בענקשאפט איינער נאָכן אנדערן ווערן זיי פארברידערט אין ווערטער, ביז צוזאַמען ווערן זיי דאָס אומבאזיגבאַר און נישט־איינגעשטילט קול, וואָס הערט נישט אויף צו מאָנען גערעכטיגקייט און יושר פאר דער גאנצער וועלט.

דאָס יידישע קול איז נישט נאָר א קול פון קלאָג און יאָמער, נאָר אויך פּראָפּעטישע מאָנונג און א רוף צו נקמה אין די רוצחים. די קליינע יידישע פּרעסע איז געווען די סאמע ערשטע צו אַלאַרמירן די וועלט וועגן די געפאַרן פון היטלעריזם, ווען דער צורר, ימח־שמו, האָט זיך נאָך געשפּילט מיט באָיקאָט אויף יידישע געשעפטן. דאָס יידישע קול האָט געשריגן דורך דער יידישער פּרעסע, אבער די וועלט האָט אין היטלעריזם געזען בלויז א ספּעציעלן יידישן „איינשטעל” און זי איז געווען גלייכגילטיק צו היטלער'ס „אינערלעכער יידישער אנגעלעגנהייט.”

פאר די וואָס שרייבן יידיש איז יידיש געוואָרן אַ פעסטונג און א היילגטום. די יידישע פּרעסע איז אַ מאַניפעסטאַציע פון אונזער זיין. די געשיכטע פון ציוויליזאַציע איז אונז יידן פול מיט א סך מיטלאַלטערס, און אין דעם מיטלאלטער פון אונזער איצטיקער טרויעריקער צייט, איז די יידישע פּרעסע אַ טרייסט און אַ יידישע טרייסט, פאר ווינציקסטנס אַ מיליאָן יידן. וואס וואָלטן א מיליאָן יידן אין אמעריקע געטאָן, אָן אַ יידישער צייטונג?

ס'כאפּט ממש אָן א שוידער ווען מען גיט א טראכט, ווי אזוי מיר דאָ וואָלטן איצט אויסגעזען, ווען ס'וואָלט אין אונזערע פינסטערע טעג מקוים געוואָרן די נבואה פון די אַלע שוואַרצזעער, און פון אַ סך פּיאָנערן פון דער יידישער פּרעסע, וואָס האָבן געהאַלטן אין איין פאָראויסזאָגן מיט דער גרעסטער „פּינקטלעכקייט” און עקשנות, ווען די יידישע פּרעסע וועט אונטערגיין אין אַמעריקע. ס'וואָלטן זיך ארומגעדרייט שטומע יידישע נשמות אין א קאלטער וועלט, און זיי וואָלטן געמוזט צוזען מיט הארצווייטאָג, ווי ס'יידישע אומגליק ווערט קאלטער בליי, ערגעץ אויף דער צוואנציקסטער זייט פון פרעמדע צייטונגען.

צוזאַמען מיט דעם גרויסן געיאָמער, וואָס טראָגט זיך היינטיקע צייטן פון יידישע צייטונגען, הערט מען אויך דאָס קלאַפּן פון אַ וואַרים יידיש האַרץ און דאָס געפיל פון צוזאַמענדיגקייט, פון איין גרויסער יידישער משפחה, וואָס קומט אלע טאָג מקבר זיין די טויטע, באַוויינען די גרויסע אבדות און מנחם אבל זיין, איינער דעם אַנדערן.

ס'איז א סך נאַטירלעכער צו זיין אַ ייד און צו לייענען א יידישע צייטונג. ס'איז אוודאי שווער צו זיין אַ ייד, אָבער מיט א יידישער צייטונג איז פאָרט אַ קאַפּיטשקע לייכטער.

נאָר אויב דאָס וואָרט יום־טוב קלינגט איצט פאָרט אַביסל אומהיימלעך, איז דער 75־יאָריקער יובל פון דער היגער יידישער פּרעסע, וואס דער י. ל. פּרץ שרייבער פאַראיין פייערט, אַ יום־טוב אין זין פון ימים נוראים'דיקער פייערלעכקייט און דערהויבנקייט. די וואָס קלאמערן זיך אין דער יידישער צייטונג, סיי די לעזער און סיי די שרייבער, טוען עס מיט א געפיל פון א פריידיקער פּיעטעט.

און דאָ מוז גלייך געזאָגט ווערן, אז דער יום־טוב פון דער היגער יידישער פּרעסע איז אויך דער יום־טוב פון יידישן לעזער.

דאָס יובל־בוך, וואָס דער י. ל. פּרץ שרייבער־פאַריין האָט באשלאָסן ארויסצוגעבן, צו בייצייכענען דעם ריזן־שפּרונג, פון 1870 ביז 1945, אין דער ענטוויקלונג פון דער היגער יידישער פּרעסע, איז געווען פארבונדן מיט גאָר־גרויסע שוועריגקייטן. אָבער מיר זיינען בפירוש צופרידן, וואס אזא בוך איז ארויס און וואָס מיר זיינען בייגעקומען אלע שוועריגקייטן און שטרויכלונגען. 75 יאָר איז נישט קיין גרויסע צאָל יאָרן, אָבער שוין זיינען די דרייפערטל יאָרהונדערט אַרומגערינגלט מיט דעם גלאנץ, אבער אויך מיט דעם שימל פון לעגענדע. מיר האלטן אז ס'איז איצט געווען די סאמע העכסטע צייט, צו כאפּן די געשיכטע פון דער יידישער פּרעסע, איידער זי האָט נאָך צייט געהאט פארגליווערט צו ווערן אין א שטייענדיקער פאַרגעסעניש.

דאָ זיינען צום ערשטן מאָל צוזאַמענגעבראכט געוואָרן מאַטעריאלן, וואס זיינען קיינמאָל פריער נישט פארעפנטלעכט געוואָרן אויף איין אָרט. פאר דעם

יידישן פאַרשער און אפילו פאר דעם אלגעמיינעם אינטעליגענטן לייענער איז דאָס יובל־בוך ממש אַן אוצר פון אינפאָרמאַציע. אנשטאָט מען זאָל אליין זיך דארפן שטויבן אין האלב־צעפאלענע געלע בלעטער, קריגט מען אין דעם יובל־בוך נישט נאָר וויכטיקע, נאָר טאקע אויך ריכטיקע און ראַיעלע אינפאָרמאַציע, וועגן דער ענטשטייאונג פון דער יידישער פרעסע אין אמעריקע. ס'איז אויך א גליק, וואָס אין יובל־בוך קען מען לייענען געגנווערטיקע געשיכטע און מעמואַרן פון שריפטשטעלער, וואס זיינען נאָך איצט אקטיוו אין דער יידישער צייטונגוועלט. דער לעבעדיקער מאַטעריאל און דער אַרכיוודמאַטעריאל זיינען צוזאמענגעקנאָטן געוואָרן אין אַ בוך, וואָס ווייזט אויף א קאָלירפולן אופן די פארשידענע עטאַפּן פון דער היגער יידישער פּרעסע; דאָס יובל־בוך איז אויך אָנגעפּיקעוועט מיט בילדער, וואָס זיינען איצט געוואָרן יקר המציאות'ן. ווען אַ דורכשניטלעכער לייענער זאל וועלן זיך באַקענען מיט די בילדער פון די פּיאָנערן פון דער היגער יידישער פּרעסע, וואָלט ער באַדאַרפט אָנקומען צו גאָר אַ סך פאַרשידענע און זעלטענע קוואַלן. דאָס יובל־בוך פאַרשפּאָרט אים די טרחה. דאָ ווערן אויך געבראכט בילדער פון די שרייבער, וואס רעדן צום יידישן לעזער טאָג־טעגלעך.

עס פארשטייט זיך, אז מיט דעם יובל־בוך איז ווייט נישט אויסגעשעפּט געוואָרן די געשיכטע פון דער היגער יידישער פּרעסע. מיר וואָלטן באַדאַרפט האָבן מער ווי איין באַנד אויף צו דערציילן באריכות די עוואָלוציע פון דער היגער יידישער צייטונג. אָבער נישט געקוקט אויף דער בחפזונ'דיגקייט פון אַ סך ארטיקלען, קען מען פון דעם יובל־בוך זיך שאַפן אַ גאַנץ בילד פון די פריידן און ליידן פון דער יידישער פּרעסע, פון 1870 ביזן היינטיקן טאָג.

צום באַדויערן פעלן אין יובל־בוך בעלעטריסטישע מוסטערן. דאָס ליד, די דערציילונג, די קינסטלערישע עסעי, דער שפּעטערישער ראָמאַן און אפילו די דראמע זיינען מיטגעגאנגען מיט דער יידישער פּרעסע, און געווען אינטעגראלע טיילן פון דער יידישער צייטונג. די יידישע ליטעראטור האָט זיך ענטוויקלט און איז געוואַקסן צוזאמען מיט דער יידישער צייטונג. דאָס יידישע ליד און די יידישע דערציילונג זיינען נישט אָפּגעשטאַנען, נאָר, אדרבא, זיינען געוואַקסן אין פאַרנעם און אין פארמעסט, צוזאַמען מיט דעם קאָלאָסאלן וואוקס און שוואונג פון דער היגער יידישער פּרעסע. אָבער אזעלכע מוסטערן וואָלטן פארוואנדלט דאָס יובל־בוך אין א פיל־בענדיקער רויזיקער אנטאָלאָגיע, וואָס איז געווען ווייט איבער אונזערע כחות.

די היגע יידישע פּרעסע איז געקומען אויף דער וועלט מיט אומזיכערע טריט און אָן א טיפן באַוואוסטזיין און א צו־גרויסן גלויבן, אין דער אייגענער שליחות. ס'האָט גענומען שיינע עטלעכע יאָר, ביז די ארויסגעבער פון א יידישער צייטונג האָבן גענומען באגרייפן אז זיי טוען א גרויסע און וויכטיקע ארבעט. אפילו אין פּרט פון שפּראַך האָט די היגע יידישע פּרעסע א סך געזינדיגט אין אירע ערשטע יאָרן. בעת ס'האָבן זיך שוין דערטראָגן פון יענער זייט ים די פרישע גרוסן, פון מענדעלעס געלייטערטן יידיש און פון דעם ווארימען אָטעם פון זיין יעדער אָפּגעציטערט יידיש וואָרט, האָט מען נאָך דאָ געשריבן אזא דייטשמעריש, וואס האָט ממש געריסן דאָס יידישע הארץ און יידישע אויערן, און וואס האָט פשוט פארשענדט דאָס געזונטע פּנים פון אונזער פאָלקס־לשון.

ס'האָט אבער לאנג נישט גענומען און צו דער יידישער פּרעסע זיינען געקומען אזעלכע מענטשן, וואָס זיינען עפּעס אויסן געווען און וואס האָבן מיט דער יידישער פּרעסע געוואָלט שאפן א פאראַנטוואָרטלעכע טריבונע. עס זיינען געקומען נאַציאָנאַלע יידן, סאָציאליסטישע יידן, אָרטאָדאָקסישע יידן, אַנאַרכיסטישע יידן, וואס האָבן אין דער יידישער פּרעסע געזען — יעדער אויף זיין שטייגער — אַ גרויסע מיסיע. דאָס יידישע מויל האָט לאנג נישט געקענט שטאַמלען אויף א מין פארוואולגאַריזירט צעצייעטי לשון פון „שטראַפּע פיר ניכט ערשיינען". די יידישע צונג האָט לאנג נישט געוואָלט ליגן אין דער דייטשער קימפּעט און דער סוף איז געווען, אַז די יידישע צייטונג, איז אַ דאנק אירע שעפער, פאַקטיש געוואָרן די אַקאַדעמיע פאַר אונזער שפּראַך.

דאָס מוז פארשטאַנען ווערן ביים סאמע אָנהויב: אַ יידישע צייטונג איז גאָר עפּעס אן אנדערע קאַטעגאָריע ווי א ניט־יידישע צייטונג. אַ יידישע צייטונג איז א לעבעדיקע ענציקלאָפּעדיע. א יידישע צייטונג איז 24 שעה פון יידיש לעבן; פון לייכטן טראַכטן און שווערן פארטראכטן; פון לייכטן שמועס און פון פארקנייטשן דעם שטערן; פון עצות פארן גאנצן הויז־געזינט און פון א פארטיפטן אַרטיקל איבער דעם סוד פון יצירה; פון א וויצל און א שפּריצל, ביז אַ ליד, א דערציילונג; אַ יידישע צייטונג איז א קאָמבינאַציע פון א הויז־אוניווערזיטעט און א הויז־פריינט. די יידישע צייטונג האָט גענומען דעם ערשטן שטראָם פון דער יידישער אימיגראציע און זי האָט אים אָרגאניזירט, אָרקעסטרירט, און, לאָמיר זיך נישט שעמען פאר דעם אויסדרוק, זי האָט אים אויך ציוויליזירט. זי האָט אָנגעהויבן פון לערנען אים פּשוטע מאנערן, זי האָט אים ארומגעפּוצט, אויסגעאיידלט און אים געגעבן יידישע און וועטלעכע אָריענטאַציע.

די יידישע צייטונג האָט דעם אימיגראנט געגעבן א פיזיאָנאָמיע. זי האָט אים געמאכט פאר א סאָציאליסט, א ציוניסט, אָדער גאָר א גלות־נאַציאָנאליסט.

אבער בדרך כלל האָט זי אים געמאכט פאר אַ שטאָלצן אמעריקאנער ייד.

די יידישע פּרעסע האָט דעם עם הספר געגעבן דאָס גאנצע ספר פאר א פּעני. דער דורשטיקער יידישער לעזער האָט געטרונקען ווערטלעך פון חכמים, אַן אגדתא, א מעשה'לע פון יידישן קוואל, א סאָציאַליסטיש ארטיקל, א יום־טוב'דיקע דערציילונג, אַ נאַציאָנאַל ליד, א חקירה, א וויסנשאַפטלעכע אָפּהאנדלונג.

די אידישע צייטונג אין אמעריקע האָט אָנגעהויבן ווי א פאָלקס־לערער, ביז זי האָט אויסגעבילדעט אַזאַ לעזער, וואס האָט מיט זיינע פאָדערונגען געהאָלפן ראַפינירן זיין צייטונג און ענטוויקלען איר געשמאק. לעזער און צייטונג האָבן זיך באגעגנט אינמיטן וועג, פון שטופנווייזער ענטוויקלונג, און די צייטונג האָט שוין מער נישט געקענט ארונטערדעדן צום עולם. זי האָט באלד געמוזט פטור ווערן פון איר קינדיש־פּאָפּולאריזאטאָרישן טאָן, פון כסדר׳ האלטן דאָס דרדקי טייטל אין דער האַנט.

אייגנטלעך וואָלט די רעדאקציע זיך באַדאַרפט באַגרעניצן מיט זאָגן עטלעכע ווערטער וועגן יובל־בוך אַליין, וואָס דער י. ל. פּרץ שרייבער פאראיין האָט ארויסגעגעבן, לכבוד דעם 75־יאָריקן יום טוב, אָבער כדי אָפּצושאַצן די וויכטיגקייט פון יום־טוב, מוז מען אויך באַטאָנען דעם וואוקס פון 1870 ביז 1945, און מען מוז אויך אָפּשאצן די קאָלאָסאלע וויכטיגקייט פון דער יידישער פּרעסע אין דער געשיכטע פון היגן יידישן לעבן. ווייל קיינער קען נישט לייקענען, אַז די יידישע פּרעסע איז איצט א גרויסער כח אין אמעריקאנער יידישן לעבן.

פונוואַנען איז דער כח געוואקסן ? ער איז געבוירן געוואָרן פון גרויסער ווארימקייט און איבערגעגעבנהייט צו די מאסן, פון א התלהבות'דיקן ווילן לערנען און וועגווייזן. אוודאי איז די יידישע צייטונג געווען אַ געשעפט, וואס איז געוואָרן גאָר א גרויס געשעפט, מיט א ריזיקער צירקולאַציע, אין איר גלאנץ־פּעריאָדע פון די צוואנציקער, ביז אינמיטן פון די דרייסיקער יאָרן, אָבער מיט דער געשעפטלעכער זייט איז שטענדיק געגאנגען א טיף יידיש געפיל און יידישע אחריות. פארשטייט זיך, אז יעדע יידישע צייטונג האָט אויף איר באזונדערן שטייגער געטייטשט, באַטאָנט און אנדערש באַפאַרבט די באדייטונג פון אחריות. אבער אלע יידישע צייטונגען האָבן זיך ערגעץ־וואו צוזאַמענגעזונגען אין א משפחה־געפיל צום יידישן לעזער.

דער יידישער אימיגראנט איז אהער געקומען פון מדינות, וואָס האָבן אים אָנגעטאָן געברענטע צרות. די יידישע צייטונגען האָבן קודם כל בוכשטעבלעך געקנעלט מיט דעם יידישן לעזער דעם באדייט פון שטאָלצער בירגערשאפט און איינגעפלאנצט אין דעם אימיגראנט אַן אייגנאַרטיקע יידישע ליבע צו אמעריקע, וואס איז אנדערש און דאַנקבאַרער ווי די ליבע פון אימיגראנטן פון אנדערע נאַציאָנאַליטעטן צו אונזער וואונדערלעך לאַנד.

די היגע יידישע צייטונג איז פאר דעם יידישן לעזער געוואָרן די בירזשע פאר געדאנקען, אידייען און אידעאלן. אין זיין צייטונג איז אויסגעקעמפט געוואָרן דער סאָציאַליזם, דורך אלע זיינע שאטירונגען, שפּאלטונגען, ענטוויקלונגען און נייע האָפנונגען.

דאָ, אין זיין צייטונג, איז פארטיפט געוואָרן דער ציוניזם ; דאָ איז באזונגען געוואָרן די יידישע אמונה און דאָס יידישע לעבן איז אָרגאניזירט געוואָרן, פראַטערנאַל, רעליגיעז, און געזעלשאַפטלעך. דורך דער צייטונג איז דער יידישער אַרבייטס־מאַן געוואָרן מער באַוואוסטזיניק, אפילו וועגן זיינע אייגענע אינטערעסן. זיין צייטונג האָט פאר אים געשאַפן יוניאָנס, זיי געהאָדעוועט, געפירט און ענטוויקלט.

די היגע יידישע צייטונג האָט געפורעמט דאָס יידישע לעבן און עס געפירט ביי דער האנט און דערהויבן די יידישע צעשפּליטערטקייט צו א נאציאָנאַלער איינהייט, אין איר גאַנצער פאַרביגער פאַרשידנאַרטיגקייט. דער לעזער פון א יידישער צייטונג האָט פאר זיך די פּערספּעקטיווע פון א רייכן, שטאָלצן, באַוואוסטזיניגן און קאָכיגן יידיש לעבן — אַסך, אַסך מער ווי דער ייד וואָס לייענט נישט די יידישע פּרעסע.

די יידישע צייטונג איז פון סאמע אָנהויב געווען דעם יידישן לעזער'ס היים. צו זיין צייטונג איז ער געקומען זיך באקלאָגן אויף זיין יוניאָן, אויף זיין סאָסייעטי ; צו זיין צייטונג איז ער געקומען פרעגן אַן עצה ווי צו דערציען זיין קינד און אפילו ווי זיך איבערצובעטן מיטן ווייב.

די אַזוי גערופענע גרויסע און מאַגנאַטישע „נעשאָנעל אדווערטייזערס" האָבן אויף זייער שטייגער, געשעפטלעך, אנערקענט די ראָלע פון דער היגער יידישער פּרעסע. זיי האָבן דערפילט אז די יידישע צייטונג איז נישט עפּעס א פרעמדער אנוואוקס, נאָר אַ טייל פון דער גרויסער אמעריקע, וואָס רעדט צו אַ ריזיגן עולם אמעריקאנער, וואס לייענען יידישע צייטונגען.

דאָס איז געוואָרן דער טאָן פון דער היגער יידישער צייטונג — אַן אַמעריקאַנער יידישע צייטונג, מיטן טראָפּ אויף אמעריקע און יידישקייט.

אין די ערשטע זיבעציקער יאָרן פון לעצטן יאָרהונדערט האָבן א סך יאהודים געקוקט מיט שנאה און מיט מורא אויף דער זשאַרגאָנישער פּרעסע, ווי אויף עפּעס אזוינס וואס וועט זיי אָנטאָן חרפּות־בושות. איצט, אין 1945, באגריסן די יאהודים די יידישע פּרעסע, מיט וועלכער זיי באנוצן זיך אין זייער טאָג־טעגלעכן לעבן און מיט וועלכער זיי שטייען

אין כסדר'דיקן קאָנטאַקט. זיי הערן זיך צו צום פּולס פון יידישן לעבן דורך „אַנטלייען אָן אויער" צו דער יידישער פּרעסע, און אַ סך פון זיי פילן די וויכטיגקייט פון לייענען אַ יידישע צייטונג, כדי צו זיין פארבונדן מיט כלל ישראל.

דאָס גאַנצע וואַרימע יידיש־אַמעריקאַנער האַרץ קלאַפּט אין דער יידישער פּרעסע. נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט די יידישע פּרעסע געהאָלפן גרינדן די ערשטע רעליף־אָרגאַניזאַציעס. צדקה איז אָרגאַניזירט געוואָרן און דערהויבן געוואָרן צו אַזאַ שוואונג, וואָס עס האָט זיך דעם אַמעריקאַנער ייד קיינמאָל נישט גע'חלומ'ט. דער אַמעריקאַנער ייד האָט געגעבן מיליאָנען דאָלאַר מיט שמחה. אפילו איצט, אין אָנגעזיכט פון אונזער גרויסן חורבן, שטייט דער היגער ייד נישט געפּלעפּט, נאָר ער זוכט אויס די האַנט פון דעם נויטלײַדנדן יידישן ברודער. די גאַנצע יידישע רעליף־אַרבעט איז אָנגעוואָרימט געוואָרן מיט באַגייסטערונג, דורך דער היגער יידישער פּרעסע. די יידישע פּרעסע האָט געהאָלפן מאַכן פון דער טראַדיציאָנעלער יידישער צדקה עפּעס אַזוינס, וואָס איז געוואָרן אַ מאָנומענט צו דער יידישער ברייטהערציגקייט און פרייגעביגקייט.

אָבער די יידישע פּרעסע אין אַמעריקע איז אויך נישט ריין פון זינד, און דאָ איז דאָס פּלאַץ עס צו דערמאָנען. קודם כל איז די היגע יידישע פּרעסע געווען אַזוי פאַרטאָן אין כסדר'דיקער ט ו ע ו ו ד י ג ק י י ט, אַז זי האָט פאַרגעסן צו טאָן עפּעס פאַר זיך אַליין. זי האָט זיך קיינמאָל נישט אָפּגעגעבן מיט נויטיקער זעלבסט־פּראָפּאַגאַנדע. זי האָט קיינמאָל נישט געטאָן קיין אויפקלערונג־אַרבעט וועגן דער לעבנסנויטיגקייט פון דער יידישער פּרעסע. אדרבה, זי האָט אָפט געפּרעדיקט אַמעריקאַניזאַציע, מיט אַזאַ אייפער און אַזאַ סופּער־פּאַטריאָטיזם, אַז זי האָט זיך אַליין אָפּגעווישט און פאַרלייקנט איר צוקונפט, אין דער אַרכיטעקטור פון היגן אַמעריקאַנער לעבן.

ווען ס'וואָלט נישט געקלונגען איראָניש, וואָלט מען געקענט זאָגן, אַז די יידישע פּרעסע איז געווען ריין־אידעאַליסטיש, זי האָט זיך אַליין מקריב געווען פּרעדיגענדיק איר אייגענע פאַרניכטונג. ס'איז ממש אַ נס, וואָס זי איז, צו דער גרויסער איבעראַשונג פון זיך אַליין, געבליבן לעבן, ביזן היינטיקן טאָג, צו קענען פייערן איר 75 יאָריקן יובל.

און אַז מיר זאָגן שוין מוסר זיך אַליין, מעג מען איצט, צום יום־טוב פון דער יידישער פּרעסע און פון יידישן לעזער, אויך דערמאָנען די זינד, וואָס דער יידישער לעזער איז באַגאַנגען אַנטקעגן זיין פּרעסע. דער היגער יידישער לעזער האָט באַטראַכט די יידישע צייטונג פאַר זיין פּריוואַט היימיש לעבן, אַ לעבן וואָס ער האָט, צוזאַמען מיט אַ סך איבערבלייבעכצן און „נאָכשלעפּעניש", מיטגעבראַכט פון דער אַלטער היים און וואָס ער לעבט עס דאָ אויס — ער אַליין און נישט זיינע קינדער, וואָס ער האָט ממש מיט „פּאָטערלעכער צערטלעכקייט" דערווייטערט פון דער יידישער צייטונג. ער האָט געזוכט כל'ערליי יידישע דערציאונגען, אָבער אין חשבון פון אַלע סאָרטן יידישקייט איז קיינמאָל נישט אריין די יידישע צייטונג, איינע פון די הייליגקייטן וואָס איז געבליבן לויכטן דורך אונזערע געציילטע ליכטיקע און אומצאָליקע פינסטערע יאָרן.

און פילפאַך געהייליקט איז אונזער יידיש וואָרט געוואָרן איצט דורך דעם, וואָס דער שונא האָט אויסגעמאָרדעט און פאַרטיליקט מיליאָנען יידיש־רעדער, מענער, פרויען און קינדער, וואָס האָבן ביז זייער לעצטער מינוט, מיט הייליקער תמימות זיך געוואונדערט אויף יידיש, וואָס ס'איז נאָך מעגלעך אַזאַ אומפאַרשטענדלעכע רשעות אויף דער וועלט.

דער גוואַלט־ריס צווישן טאַטע און זון און טאַטע און אייניקל, דאָ־הי, איז באמת אַ נאַציאָנאַלע קאַטאַסטראָפע, אָבער שוין איצט פילן מיר ווי ס'יערן בענקשאַפטן צו אונז, ס'שטרעקן זיך הענט פון קינדער צו יידיש, דורך שעמעוודיקע וועגן און אומוועגן, דורך פאַרבינדן ערגעצוואו יידיש מיט רעליגיע, דורך פאָרשן יידיש, דורך ווען לייענען איבערזעצונגען פון דער יידישער ליטעראַטור און פון יידישער פּובליציסטיק. ס'שטרעקן זיך הענט פון אונזערע זין אויף די שלאַכטפעלדער, אויף אַלע פראָנטן, צו אונזער יידיש לשון — זאָל זיין אין געשטאַלט פון טאַטע־מאַמע בענקעניש, דורך וועלן אַנטאָן די עלטערן אַ נחת־רוח און זיי שרייבן אַ יידיש בריוול.

איצט איז די היגע יידישע פּרעסע, צו אונזער גרויס אומגליק, די איינציק גרויסע יידישע פּרעסע, אויסער אין זיד־אַמעריקע, וואָס רעדט צו דער וועלט אין יידיש און וואָס האָט דערהויבן די חשיבות פון יידיש צו דער מדרגה פון אַ וועלט־שפּראַך.

75 יאָר היגע יידישע פּרעסע איז אַ וויכטיקע דאַטע. די דאַטע דאַרף געבן שרייבער און לעזער אַ געלעגנהייט צו אַרבעטן האַנט אין האַנט און זען, אַז אונזער טייערע ירושה זאָל נישט גיין פאַרלוירן, נאָר זאָל וואַקסן און ווערן נאָך אַ גרעסערער כח אין היגן יידישן לעבן — אַ לעבעדיקער כח וואָס זאָל קענען קוקן מיט ליכטיקע אויגן צו אַ ליכטיקער יידישער צוקונפט.

צו דעם געדאַנק פון צוזאַמענאַרבעט פאַר דער צוקונפט פון דער היגער יידישער פּרעסע איז דאָס איציקע יובל־בוך געווידמעט.

---

באַמערקונג פון דער רעדאַקציע

צוליב טעכנישע סיבות זיינען ניט אַלע אַרטיקלען אין דעם זאַמל־בוך געזעצט אין דער זעלבער אָרטאָגראַפיע. מיר דרוקן די אַרטיקלען אין דער אָרטאָגראַפיע ווי די מחברים האָבן זיי געשריבן.



# וויכטיקסטע מאמענטן אין דער געשיכטע פון דער יידישער פרעסע אין אמעריקע

פון משה שטארקמאן

## אריינפיר־ווארט

די געשיכטע פון דער יידישער פרעסע אין אמעריקע איז ניט בלויז די געשיכטע פון 75 יאר זשורנאליסטיק דא אין לאנד. די אנטשטייאונג און אנטוויקלונג פון דער אמעריקאנער יידישער פרעסע איז געקניפט און געבונדן מיט דער געשיכטע פון די מזרח-אייראפּיאישע יידן אין אמעריקע און מיט זייערע דערגרייכונגען ווי א נאציאנאלער קיבוץ.

אין די יארן פון יידישער מאסן-וואנדערונג און אין די ציטן פון יידישע נאציאנאלע קריזיסן אויף יענער זייט ים, האט די אמעריקאנער יידישע פרעסע געשפילט אן אנפירערישע און דערציערישע ראלע. זי האט דעם „גרינעם“ אימיגראנט אפט געגעבן עלעמענטארע בילדונג, געעפנט די פענצטער פון זיין טענעמענט-וואוינונג און פון זיין שאפ ניט בלויז צו די האריזאנטן פון אמעריקע, נאר אויך צו דער ברייטער וועלט, און געהויבן זיין יידישע און מענטשלעכע השיבות.

אונדזערע געזעלשאפטן און אינסטיטוציעס פאר יידישער סאציאלער פארזארגונג; די יידישע ארבעטער-באוועגונג און אירע פראפעסיאנעלע פאראיינען; די יידישע לערן-אנשטאלטן און די ארגאניזאציעס פאר יידישער הילף אויף יענער זייט ים; די קערפערשאפטן און פארטייען פארן אויפבוי פון ארץ-ישראל; דער קאמף פאר יידישע רעכט אין גאר דער וועלט; די יידישע פראטערנאלע ארדנס און די לאנדסמאנשאפטן; די באוועגונגען פאר יידישער נאציאנאל-פאליטישער אחדות — זיי אלע זיינען געשאפן געווארן, טייל — דירעקט דורך דער יידישער פרעסע, אנדערע — א דאנק איר דערמוטיקונג און מיטהילף.

די אמעריקאנער יידישע ליטעראטור איז אנטשטאנען און געוואקסן פאראלעל מיט דער יידישער פרעסע. די יידישע פרעסע האט אנטוויקלט שרייבערישע כוחות און גענעבן ארט פאר זייערע שאפונגען. די וויכטיקסטע דערגרייכונגען פון יידישן טעאטער אין אמעריקע דארפן אין א גרויסער מאס צוגעשריבן ווערן צום קרעדיט פון דער יידישער פרעסע.

עס איז ניט מיגלעך צו שילדערן דאס אלץ אין די ראמען פון א קורצער מאנאגראפיע וועגן 75 יאר יידישע פרעסע אין אמעריקע. דאס קען געטאן ווערן אין ארומנעמענדיק ווערק פון עטלעכע בענד. אין איצטיקן פאל וועלן מיר זיך באגנוגענען נאר מיט אנווייזן אויף א טייל פון די וויכטיקסטע מאמענטן אין דער געשיכטע פון דער אמעריקאנער יידישער פרעסע, זינט איר אויפקום אין 1870 ביז אונדזערע טעג.

ברייטער וועלן מיר זיך אפשטעלן בלויז אויף דער אנטשטייאונג-תקופה, ווייל די ידיעות וועגן איר זיינען נאך ווינציק באקאנט. וועגן דער שפעטערדיקער צייט זיינען שוין פאראן אי מעמוארן-ווערק, אי היסטארישע ארבעטן, און יעדער לייענער קען האבן א צוטריט צו זיי. ווען מיר וועלן קומען צו דער יידישער פרעסע אין די שפעטערדיקע יארן, וועלן מיר זי באהאנדלען ביבליאגראפיש, נאך אן אלגעמיינער כאראקטעריסטיק. די פיר ניו-יארקער יידישע טאגבלעטער ווערן באהאנדלט אין באזונדערע ארטיקלען פון באזונדערע מחברים.

### די יידישע שפּראך אין דער נייער וועלט

אין דער ערשטער העלפט פון 18-טן יארהונדערט האבן יידן שוין שטאלצירט מיטן פאקט, אז מיט דער יידישער שפּראך קען מען אויספארן די גאנצע וועלט, ווארן אפילו אין דזשאמעיקא און בארבאדאס, אויפן ווייטן און לאקנדיקן אמעריקאנער קאנטינענט, האבן דעמאלט זיך שוין געפונען יידיש-רעדנדיקע יידן. אזוי פרי ווי אין 1712 האבן פוילישע, אונגארישע און דייטשע יידן שוין געהאט אן אייגענע שול אין ניו-יארק. אויך דייטשע יידן האבן דעמאלט נאך גערעדט יידיש און קארעספאנדירט אויף דער יידישער שפּראך. זעקס יאר פאר דער אמעריקאנער רעוואלוציע האט הרב ר׳ משה בן דוד פון דער פוילישער שטאט אפט, שוין געהאט צו וועמען צו קומען קיין אמעריקע, און ער האט אנגעשלאגן אזש אין ניופארט, וואו ער האט זיך מתווכח געווען וועגן רעליגיעזע ענינים מיטן קריסטלעכן העבראאיסט עזרא סטאילס, דעם שפעטערדיקן פרעזידענט פון יעיל אוניווערסיטעט.

די צאל מזרח-אייראפּיאישע, יידיש-ריידנדיקע, יידן, האט אנגעהויבן וואקסן אנהייב 19-טן יארהונדערט. יידיש-ריידנדיקע יידן האבן אין דער ערשטער העלפט פון 19-טן יארהונדערט שוין געהאט זייערע אייגענע שולן אין סינסינעטי, באסטאן, טשארלסטאן (סאוט קעראלאינא), לואי־

ווייל (קענטאָקי), ניו-ארלינס (לואיזיאַנא). דער „גאָלד-ראָש" האָט פאַרטראָגן קיין קאַליפאָרניע אויך פּוילישע, ליטווישע און רוסישע יידן, וועלכע האָבן אין די 50-קער יאָרן שוין געהאַט אייגענע געמיינדעס אין לאָס אנדזשעלעס, סאַן פראַנציסקאָ און אַנדערע שטעט. שיקאַגא, ווידער, איז געוואָרן אַ צענטער פון סואוואַלקער און מאַריאַמפּאָלער יידן. ניו-יאָרק, אָבער, איז געווען די צאָלרייכסטע געמיינדע פון יידיש-רעדנדיקע יידן. צווישן זיי האָבן זיך געפונען אין אַמעריקע-געוואָרענע שניידערס, סטאָליאַרעס, זייגערמאַכערס, פאַרבערס, גאָלדשמידן, אויך דרוקערס, איינבינדערס און ציגאַרן-אַרבעטער. צו די גרעסטע ציגאַרן-פאַבריקאַנטן האָבן געהערט די ברידער שטאַכעלבערג פון וואַרשע. די פּיאָנערן פון דער אַמעריקאַנער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג, וועלכע זיינען געקומען קיין אַמעריקע שפּעטער, ד.ה.ביים אָנהויב פון דער גרויסער יידישער מאַסן-אימיגראַציע, 1881, האָבן אין דער פאַבריק פון די שטאַכעלבערגס צום ערשטן מאָל דערפילט דעם טעם פון שווערער פראַצע. סעמיועל גאָמפּערס, דער שפּעטער-דיקער פרעזידענט פון דער „אַמעריקאַן פעדערעישאָן אָוו לעיבאָר", האָט אויך צוערשט געאַרבעט אַ צייט אין דער דערמאָנטער פאַבריק.

ניט אַלע מזרח-אייראָפּייאישע יידן זיינען געקומען קיין אַמעריקע ווי „גרינהאָרנס". אַ טייל פון זיי האָבן עטלעכע יאָר פריער געוואוינט און געאַרבעט אין ענגלאַנד, פונוואַנען זיי האָבן מיטגעבראַכט ידיעות אין ענגליש און אויסגעלערנטע פאַכן.

היימישע לײדיק-גייער און שטעקל-דרייער, און סתם זיידענע יונגעלייטלעך, וועלכע זיינען פאַרוואָרפן געוואָרן קיין אַמעריקע, האָבן אַזוי שנעל ניט געקענט ווערן פּראָסטע באַלמעלאָכעס. האָבן זיי זיך גענומען צו פּעדלעריי. אַ סך האָבן זיך גענומען צו גלעזעריי, אַ גאָר לייכטע מלאָכה, און סוף די 50-קער יאָרן פלעגן פיל יידן זיך אַרומדרייען איבער ניו-יאָרק מיט קעסטעלעך גלאָז אויף די פּלייצעס און געזוכט הייזער וואו מ׳האָט געדאַרפט אַריינשטעלן פרישע שויבן.

די דייטשע יידן, די „יאהודים", וועלכע האָבן זיך שוין געהאַט איינגעבירגערט און עקאָנאָמיש באַפעסטיקט אין נייעם לאַנד, האָבן געקוקט קרום אויף זייערע „גלויבנס-גענאָסן" פון מזרח אייראָפּע און א טייל פון זיי האָט אפילו פּרובירט נעמען שריט, אז זייער צאָל זאָל זיך ניט פאַרגרעסערן. אָבער עס האָט זיי ווינציק געהאָלפן. דער „בית-המדרש הגדול" אויף סאַפאָלק סטריט, געגרינדעט אין 1872, האָט סימבאָליזירט דעם וואוקס פון מזרח-אייראָפּייאישן, היימיש-שטייגערישן יידישן קיבוץ ניט בלויז אין ניו-יאָרק, נאָר אויך אין אַנדערע שטעט. צווישן מזרח-אייראָפּייאישע יידן האָבן זיך שוין געפונען „יוניאָן-ברידער", אזעלכע, וואָס זיינען געווען מיטגלידער פון פּראָפּעסאָנעלע פאַראיינען.*)

### לאַנדסמאַנשאַפטן — די ערשטע יידישע יוניאָנס

אין 1864, למשל, זיינען שוין געווען גענוג ביאַליסטאָקער יידן אין ניו-יאָרק צו אָרגאַניזירן אַן אייגענע לאַנדסמאַנשאַפט. אין 1873 האָבן די ווילנער און סינייער לאַנדסלייט אין ניו-יאָרק געשאַפן אַ פאַראייניקטע „קאָנגרעגעישאָן".

די דאָזיקע לאַנדסמאַנשאַפטן זיינען פאַקטיש געווען די ערשטע יידישע יוניאָנס. אַזוי ווי די מערסטע „גרינע" פלעגן אַרבעטן אין די שעפער פון „אַרויפגעאַרבעטע" לאַנדסלייט, פלעגט דער „קראַנקען-אונטערשטיצונגס-פאַראיין" אָדער די חברה „אנשי . . ." אויך באַשיצן זייערע עקאָנאָמישע אינטערעסן.**) דער „סוועט-שאַפּ" איז דאָס געווען די דערפינדונג פון די „אַרויפגעאַרבעטע" לאַנדסלייט, וואָס האָבן עקספּלואטירט די „גרינע". דער עסטרייכיש-אונגאַרישער לאַנדסמאַנשאַפט-אָרדן „ברית אברהם" מיט זיינע פירונגען און „טייטשישען" לשון איז שפּעטער געוואָרן דער אָרגאַניזאַציאָנעלער מוסטער פאַר לאַנדסמאַנשאַפטן און „לאדזשעס" פון די מזרח-אייראָפּייאישע יידן.

### משכילים-אימיגראַנטן. — דער פאָלקיסט י. ק. בוכנער

צווישן די יידישע אימיגראַנטן פון מזרח-אייראָפּע סוף די 60-ער יאָר, האָבן זיך אויך געפונען יונגעלייט לומדים און משכילים, אַ סך פון זיי מיט אַ דורשט צו שרייבערישער טעטיקייט. מערסטע פון די דאָזיקע משכילים זיינען געקומען פון סואוואלקער געגנט, ביי דער פּרייסישער גרענעץ, האָבן געקענט דייטש און זיינען בכלל געווען „וועלטלעכער" פון די אַנדערע יידישע איינוואַנדערער. איידער די מזרח-יידישע קהילות האָבן געקענט אַריבערברענגען אהער היימישע רבנים, האָבן די אימיגראַנטישע משכיליס צוגעשטעלט די ערשטע „רעווערענד"ן און אַנדערע ר״ קודש.

---

*) וועגן מזרח־אייראָפּייאישע יידן אין אַמעריקע פאר דער גרויסער איינוואנדערונג זע אויספירלעכער ביי: י. ליפשיץ — „די רוסיש־פּוילישע אימיגראנטן אין אַמעריקע ביזן יאָר 1881", אין „געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין אמעריקע". ערשטער באנד. ארויסגעגעבן פון יידישן וויסנשאפטלעכן אינסטיטוט (ייוואָ), ניו־יאָרק, 1943, זז. 62־71; ב. שטיינבערג, „צו דער געשיכטע פון יידן אין אַמעריקע" — „יאָרבוך" פון אַמאָפּטייל, ייוואָ, ניו יאָרק, 1939, זז. 147־180. וועגן יידישן לעבן אין אַמעריקע בעת סוף די 50־קער און 60־קער יאָרן זיינען פאַראַן אינטערעסאַנטע איינצלהייטן אין יידישן רייזע־בוך „ספר מסעות שמעון" פונ׳ם קראָקעווער ייד שמעון בערמאן. דערשינען אין קראָקע, 1879. זע מנשה אונגער: „שמעון בערמאן און זיין פּראָיעקט צו קאָלאָניזירן יידן אין אמעריקע" — „יאָרבוך פון אַמאָפּטייל", יידישער וויסנשאפטלעכער אינסטיטוט, ניו־יאָרק, 1938, זז. 91־111.

**) ב. ריווקין (וויינרעבע): „די סאָציאַלע ראָלע פון די לאנדסמאנשאפטן" — אין בוך „די יידישע לאַנדסמאַנשאַפטן פון ניו־יאָרק", ארויסגעגעבן פון י. ל. פּרץ שרייבער פאריין, ניו־יאָרק 1938, זז. 68 א״וו.

פון צווישן די משכילים-אימיגראַנטן אין ניו-יאָרק האָט זיך באַזונדערס אַרויסגעטײלט די פיגור י. ק. בוכנער. פון זיינע טעטיקייטן קען מען זען, אַז ער איז געווען גיכער אַ פּאָלקיסט איידער אַ געוויינטלעכער טיפּ משכיל. די מאַגערע ביאָגראַפישע ידיעות, וואָס זיינען פאַראַן וועגן בוכנערן, דערציילן, אַז איידער ער איז געקומען קיין אַמעריקע, האָט ער געוואוינט אין דייטשלאַנד, ענגלאַנד און פראַנקרייך. אויף זיינע וואַנדערונגען האָט ער זיך אָנגעזאַפּט מיט שנאה צו די רייכע און צו די רעליגיעזע צבועקעס. אין זיין האַרץ האָט געברענט אַ באַגער צו העלפן די לײַדנדיקע און אונטערדריקטע. האָראַס גרילי, רעדאַקטאָר פון דער ניו-יאָרקער איינפלוסרייכער צייטונג „טריביון" און קאַנדידאַט פאַר פּרעזידענט אויף דעם לי-בעראַל-רעפּובליקאַנער טיקעט מיט דער אונטערשטיצונג פון די דעמאָקראַטען, האָט אים פּראָטעזשירט, און גע-האָלפן אים שאַפן אַ צייטונג פאַר די מזרח-יידן. גרילי האָט געציילט צו קריגן דורך בוכנערן די שטימעס פון יענע יידישע אימיגראַנטן, וואָס האָבן שוין געהאַט באַוויזן צו ווערן אַמעריקאַנער בירגער. פון באַריכטן אין דער ענג-ליש-יידישער פּרעסע איז צו זען, אַז בוכנער איז געווען אַ וויכטיקער טוער צווישן די יידישע אימיגראַנטן, און אויך, אַז ער איז געווען פּאַסיק פאַר דער דאָזיקער אַרבעט.

אויף בוכנערס איניציאַטיוו איז שבת בייטאָג, דעם 14-טן יאַנואַר, 1871, אין 115 איסט בראָדוויי, אָפּגע-האַלטן געוואָרן אַ פאַרזאַמלונג פון יידישע אַרבעטער, כדי צו שאַפן אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל האַלטן אַן אויג אויף זייערע עקאָנאָמישע אינטערעסן. אויף דער דאָזיקער פאַר-זאַמלונג, צו וועלכער עס זיינען געקומען אַ פינף צענדליק יידישע אַרבעטער און עטלעכע ניט יידישע פּראָלעטאַריער, איז געגרינדעט געוואָרן די „יידישע אימיגראַנטן אַרבע-טער-אינסטיטוציע". די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע האָט אויך איינגעאָרדנט פּאָלקס-לעקציעס אין קופּער-יוניאָן, און גע-שטרעבט צו הייבן דעם מצב פון די יידישע אַרבעטער-אימיגראַנטן ניט בלויז עקאָנאָמיש, נאָר אויך קולטורעל. צוויי יאָר שפּעטער, אין 1873, איז בוכנער געווען טעטיק דורכן יידישן „האַנדווערקער-פאַראיין". די דאָזיקע אַר-בעטער-אָרגאַניזאַציע האָט די אָרעמע פּראָלעטאַריער-אימיגראַנטן געשטיצט מאַטעריעל און זיך פאַרנומען מיט זוכן פון זייערטוועגן גוטע וואוינונגען פאַר ווינציק דירה-געלט. „דיא אָרעמע לייט פאָן בלוטזאַוגערס, דיא זיך הייזער איינגעקויפט, געקוועלט און געדריקט ווערען," דערציילט בוכנער אין אַ באַריכט וועגן האַנדווערקער-פאַראיינס טעטיקייט.*)

בוכנער איז געשטאַנען בראש פון דעם ניו-יאָרקער לערן-אַנשטאַלט „חיברו אינסטיטוט". פון דעם ביסל ידיעות, וואָס זיינען פאַראַן וועגן דער דאָזיקער תלמוד-תורה, איז צו זען, אַז זי איז געווען אַ וויכטיקער פּרואוו צו מאָדערניזירן דעם חינוך פון יידישע קינדער. עס איז אַפילו איינגעאָרדנט געוואָרן אַ טעאַטער-פאָרשטעלונג לטובת דעם „אינסטיטוט", אָבער די אונטערנעמונג האָט געבראַכט אַ היזק פון פופציק דאָלער.

### „די יידישע צייטונג" — די ערשטע יידישע צייטשריפט אין אַמעריקע

ווען בוכנער איז געקומען קיין אַמעריקע, האָט ער שוין געהאַט הינטער זיך זשורנאַליסטישע דערפאַרונג אויף יענער זייט ים. ער האָט איינגעזען, אַז אויב ער וויל אַרויסגעבן אַ צייטונג, קען ער זיך ניט פאַרלאָזן אינגאַנצן אויף לייענער-קונים, נאָר ער מוז אויך קריגן הילף פון אַ פּאָליטיש פאַראינטערעסירטער גרופּע. די פיפיקע דע-מאָקראַטישע פּאָליטישנס פון „טעמעני האָל", וועלכע האָבן ביי יעדער געלעגנהייט זיך אויסגעשטעלט מיט זייער הילף-אַרבעט צווישן דער ניו-יאָרקער אָרעמקייט, האָבן בוכנערן צוגעזאָגט זייער שטיצע. עס איז אָבער געווען איין גרויסע מניעה אַרויסצוגעבן אַ יידישע צייטונג: אין ניו-יאָרק איז דעמאָלט נאָך ניט געווען קיין יידישע דרוקעריי, וואו מ'זאָל קענען דרוקן אַ יידישע צייטשריפט. בלית ברירה האָט בוכנער אַרויסגעגעבן זיין צייטונג ליטאָגראַפיש.

דעם 1-טן מערץ, 1870 (כ"ה אדר, תר"ל) איז אַרויס דער ערשטער נומער, מיט דעם פאָלגנדן טיטול.

## דיא ידישע צייטונג

### ערשיינט פרייטאַג מאָרגען

**פרייז זעכס צענט דיא נוממער**

דער ענגלישער טיטול פון דער צייטונג איז געווען גאָר פּרעטענציעז:

THE NEW YORK HEBREW TIMES
A Weekly Paper of Politics, Religion, History, Science and Art

דער טיטול איז אַרומגערינגלט מיט אַ קלישע („קאָט"), וואָס האָט פּרויען-פיגורן פון ביידע זייטן. די פיגורן סימ-באָליזירן: אויף דער רעכטער זייט — „צדק" (גערעכ-טיקייט); אויף דער לינקער זייט — „אמונה" (גלויבן), ווי אַ מאָטאָ ווערט געבראַכט דער פּסוק: „והיה צדק אזור מתניו והאמונה אזור חלציו" — „און גערעכטיקייט וועט זיין דער אָנגורט פון זיינע לענדן, און טרייִשאַפט דער גאַרטל פון זיינע דיכן" (ישעיה י"א, ה').

עס זיינען באַקאַנט בלויז צוויי פאַרבליבענע נומערן פון בוכנערס „ידישע צייטונג". דער נומער צען, וואָס איז אַרויס דעם 14-טן פעברואַר, 1873, און פאַר דער מלחמה האָט ער זיך געפונען אינ'ם יידישן וויסנשאַפטלעכן אינ-סטיטוט אין ווילנע, און דער נומער 12, דאַטירט דעם 31-טן אָקטאָבער פון דעם זעלבן יאָר, אין באַזיץ פון דעם יידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר אין ניו-יאָרק. צוליב די דאַטעס אויף די צוויי באַקאַנטע נומערן האָבן אַלע פאָרשע-פאָרשער געגלויבט, אַז אָט די שריפט האָט אָנגעהויבן צו דערשיינען ערשט אין 1873.

*) וועגן בוכנערן און זיין טעטיקייט. זע: א. ר. מלאכי אין „זאמלבוך צו דער געשיכטע פון דער יידישער פּרעסע", ניו-יאָרק 1934, זז. 22-27, און ב. שטיינבערגס אַרבעט (פריער).

אָפיציעל איז „די יידישע צייטונג" געווען א וואָכנ-שריפט. אין דער אמת'ן, אָבער, איז זי דערשינען פון צייט צו צייט, א דריי-פיר מאָל אין יאָר, ווי מען קען זיך משער זיין, ווען מען באַמערקט דעם גרויסן צייט-פאַרלויף צווישן דעם 10-טן און דעם 12-טן נומער, ביידע געדרוקט אין פאָליא-פאָרמאַט.

די ערשטע זייט פון דעם נומער 10 באַשטייט פון צוויי שפּאַלטן (קאָלומס). דער ערשטער קאָלום איז פאַרנומען



FEBR. 19th 1873. 5623.

No 10 PRICE 6 Cts

THE NEW YORK
HEBREW TIMES.
A WEEKLY PAPER
OF POLITIC RELIGION HISTORY SCIENCE AND ART

די יידישע צייטונג

ערשיינט פרייטאג מארגען.
פרייז זעקס צענט די נוממער

קול קורא אל אחינו העברים

קוה לשלום ואין טוב לצדקה והנה זעקה

K. BUCHNER

די ערשטע יידישע צייטונג אין אמעריקע. א נומער פון דריטן יאָרגאַנג

מיט אַן אויפרוף פון דער געזעלשאַפט, וועלכע האָט אויסגעהאַלטן א תלמוד-תורה, געגרינדעט מיט צוויי יאָר פריער. מיר ברענגען דאָ אַ פולן אויסצוג פון אָט דעם אויפרוף, ווי אַ מוסטער פון אַמאָליקן יידישן זשורנאַליזם און ווי אינטערעסאַנטע אינפאָרמאַציע וועגן יידישער דערציאונגטעטיקייט אין ניו-יאָרק מיט 72 יאָר צוריק. דער אויפרוף לייענט זיך ווי פאָלגט :

### קול קורא אל אחינו העברים מהחברה חנוך נערים ותלמוד תורה דנויאָרק.

אחינו בני עמנו.

בערייטס זינד צווייא יאהרע פערפלאָסען אַלס וויר זיך ערמוטיגטען איינע שוללע אונטער דער נאמען אַמעריקען העברויא אינסטיטושען צוא גרינדען, וועלכע דען צוועקק פערפאָלגט ארמע קינדער היר אין דער אונטערשטאדט וועלכע איינע פאַרנאכלעסיגטע ערציאונג האַבען ניכט נאָר דיעזע אים הבערעאישען אונד דער דרינגענד נעטהיגען לאַנדעס שפּראַכע צוא אונטעררריכטען, זאָנדערען אויך דיעזעלבען איינעס האַנדווערק ערלערנען צוא לאסטען קיינע לאגע פאָן דעם פעדלער אָדער בעטלער צוא ווערדען אום איהר ברויט צוא געווינגען בעטעהיגט זיין זאָללען.

אָבוואָהל אונזער אונטערנעהמען צוועקק ענטשפּרעכענד איזט אונד וועהרענד דיעזער צייט אויך פיעלעס צויי-סטעטע האָבען זיך היר אין נויאָרק נאָר איינינגע לייטע פאָרגעפינדען דיא אונז מיט איהרע טהיילנאַמע בייגעשטאַנדען האָבען יען כי טח עיני אחינו פה בעיר הזאת לראות צדק סכל מלהשכיל כי כצל ימי אנוש על הארץ וכמו רגע יעבור ואינם ונאבד זכרם והונם ורכושם אשר קיבצו זרים יאכילו אותה ובניהם האמתים עלי תולע יחבקו אשתות וויר דערלויבען אונז דאַהער מיט דיעזעם עפפענטליכעס בריף אַן אונזערע ברידער אין נויאָרק צו וועגדען אונד דרינגענד צוא ביטטען אונס צוא דיעזעם צוועקקע איין אונטערשטיצונג צואקאָממען צואלאַססען.

דורך דיא קליינע אונטערשטיצונג ווערדען זיא אַלס מיטגלידער דיעזער זאָ וואָהלטהעטיגען שטיפטונג מיט גערעכענט ווערדען אונד איין דבר טוב בעפירדערען דאָ אין דיעזעם פאַללע אונזערע קרעפטע ניכט מעהר הינרייכענד זינד דיעזעם פערנער צוא בעשטרייטען אין דער האָפנונג לבלי השב פנינו הותם בשם ה׳.“

צום סוף איז אָנגעגעבן אויף ענגליש דער נאָמען פון י. ק. בוכנער און זיין אַדרעס אויף פוירל סטריט, ניו-יאָרק. בוכנער איז טאַקע געווען דער לייטענדער גייסט פון דעם „היברו אינסטיטוט“. אין אַ שפּעטערדיקן נומער באַקלאָגט ער זיך, אַז „אים פאָריגעס יאַהרע האַבען מיר עבען פיר דיא אונטערשטיצונג דעם העברויא אינסטיטוט איין טעאַטער-שפּיל פעראַנשטאַלט אונד ליידער איבער 50 דאָללער צוגעזעצט“. הייסט עס, אַז דער „היברו אינסטיטוט“ האָט אויך געהאַט אַ דראַמאַטישע סעקציע. אַ שאָד, וואָס ער ווערט ניט אָנגעגעבן, וואָס פאַר אַ דראַמע מען האָט געשפּילט און אויף וועלכער שפּראַך. אויב אויף יידיש, איז עס אפשר געווען די ערשטע יידישע טעאַטער-פאָרשטעלונג אין אַמעריקע.

דער צווייטער קאָלום פון דעם זעלבן נומער דערציילט וועקן קראַנקהייט אָדער טויט פון פּראָמינענטע יידישע און ניט-יידישע פּערזענלעכקייטן אין אייראָפּע און אין אַמעריקע, ווי קייזער לואיס נאַפּאָלעאָן, די מוטער פון עסטרייכישן קייזער פראַנץ, דעם רוסישן צאַר אַלעקסאַנדערס עלטסטער זון, פירשט ביסמאַרק, דזשענעראַל סואַרד, ראַבינער עטלינגער פון אַלטונע, ר׳ שמעון חזן פון לאָנדאָן, ר׳ מנחם גאָלדשמיד פון ניו-יאָרק און אַנדערע. דער קאָלום ווערט פאַרענדיקט מיט די פאָלגנדיקע „אַקינדיגונגען“ פון דער רעדאַקציע :

„אין נעכסטע נוממערן ווערדען וויר די פּאָרטרעטע דער אויסגעצייכענטסטען ידישען מעננער נעבסט איהר לעבענס געשיכטע געבען. וויר ערזוכען דאַהער דיא היעזיגען ידישען געלעהרטען זאָ וויא דיא יעניגען מעננער דיא ניכט נור דעסהאַלב זיך יודען נעננען וועיל זיא דען פאַנאַטיסמוס אָדער דעם אַבערגלויבען אונטער דען יודען צוא דערהאַלטען זוכען אונז צוא דיעזעם צוועקקע צוא אונטערשטיצען“.*)

ווי מען קען זען פון בוכנערס זשורנאַליסטיק, האָט ער גיכער געשריבן דייטש מיט יידישע אותיות ווי סתם יידיש. צי האָט דאָס אים געשאַדט צו דער צירקולאַציע פון זיין צייטונג, איז ניט באַקאַנט.

דער נומער 12 פון דער „יידישער צייטונג“, איז אַרויס ערב די שטאָטישע וואַלן ; ער פאַנגט זיך אָן מיט אַן אַרטיקל וועגן דעם קאַנדידאַט פאַר שעריף, וואָס איז נאָמינירט געוואָרן פון דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי. דערנאָך קומט אַן אַרטיקל וועגן דעם בירגערלעכן און פּאַטריאָטישן חוב פון די יידישע וויילער צו גיין צום שטימקאַסטן. אַ באַזונדערער אויפרוף אין העברייאיש פאָדערט אויף די רבנים צו דרש׳ענען אין די שולן וועגן דעם זעלבן ענין. דער איבעריקער פּלאַץ פון דעם נומער איז אויסגעפילט מיט אַ פעליעטאָן, באַריכטן פון קהל׳שן לעבן אין ניו-יאָרק, געמישט מיט רכילות וועגן א יונגען חזן און זיין לינקער געליבטע, וועלכע פאָרט אים נאָך און ער — איר . . . אין דעם פּרט איז בוכנער גאָרניט הינטערשטעליק די פליאָטקע-שרייבער פון דער מאָדערנער אַמעריקאַנער פּרעסע . . .

פאַראַן דאָרט אויך אַ צאָל אַנאָנסן, וואָס אינפאָרמירן וועגן דעם רעדאַקטאָרס זייטיקע פּרנסות. איינער פון די דאָזיקע אַנאָנסן דערציילט, אַז מען קען ביי בוכנערן באַקומען „אינזעקט-פולווער“, וואָס האָט אויף זיך אַ הכשר פון פּראָמינענטע רבנים אין לאָנדאָן און אין ניו-יאָרק, און ער גיט טאַקע אָן די נעמען פון אָט די רבנים. נו,

*) משה שטאַרקמאַן : „די אנטשטייאונג פון דער יידישער פּרעסע אין אמעריקע“ — „זאמלבוך צו דער געשיכטע פון דער יידישער פּרעסע אין אַמעריקע.“ רעד. דר. יעקב שאַצקי ניו-יאָרק, 1934, זז. 13-21.

די מאָדע צו געבן הכשרים אויף אַלץ אין דער וועלט, איז אויך ניט פון די סאַמע נייעסטע.

נומערן פון בוכנערס „יידישע ציטונג" זיינען דערשינען אַזוי שפּעט ווי אין 1877, בעיקר בעת די וואַלן אָדער אין צייט פון סענסאַציאָנעלער געשעעניש.

די אַנשטייאונג פון דער יידישער פּרעסע האָט אַרויסגערופן גרימצאָרן ביי די יאַהודימשע צייטשריפטן. צוויי פון זיי האָבן זי „באַגריסט". די „דזשואיש טאַימס" האָט געשריבן, אַז „בוכנערס „יידישע ציטונג" איז אַ וועכנטלעכער זשורנאַל, געשריבן אין דעם יידיש-פּויליש-דייטשישן זשאַרגאָן, און איר אינהאַלט איז פּונקט אַזוי לעכערלעך ווי איר שפּראַך. זי שטעלט צו אַזאַ לייענשטאָף, וואָס איז צוגעפּאַסט פאַר די נאָר-וואָס אימפּאָרטירטע רוסישע יידן, און איז אַ גלענצנדע פאָרשטייערין פון מיטל-אַלטערלעכע אַבערגלויבנס און עם-הארצות." דער סינסינעטיער „אַמעריקאַן איזראַעלאַיט", אָרגאַן פון די רעפאָרם-יידן, האָט אין זיין „באַגריסונג" געשריבן: „עס איז דערשינען אין ניו-יאָרק אַ ליטאָגראַפירטע צייטונג, וואָס הייסט „יידישע צייטונג", אין דעם קאָרופּטן יידיש - פּוילישן זשאַרגאָן מיט גרילי און בראַון אין דער שפּיץ. זי איז אַ קוריאָז, הגם אַ שאַנדע פאַר וועלכער עס איז קהילה."*)

אין די שפּעטערדיקע יאָרן איז בוכנער געווען דער אייגנטימער פון אַ געשעפט פאַר כלי-קודש-אַרטיקלען. אין 1898 האָט ער ווידער געפּרואווט זיין מזל ווי אַ רעדאַקטאָר - אַרויסגעבער. ער האָט אָנגעהויבן אַרויסגעבן אַ חודש-זשורנאַל „טעלעפאָן", אָבער מער ווי איין נומער איז ניט דערשינען.**) זיין שפּראַך און זיינע זשורנאַליסטישע באַגריפן זיינען שוין געווען צו פאַרעלטערט פאַר די יידישע לייענער ערב דעם 20-טן יאָרהונדערט.

## „די פּאָסט"

די יידישע אימיגראַנטן האָבן געבענקט אַהיים, און זיי האָבן געקענט שטילן זייער בענקשאַפט מיט ידיעות וועגן געשעענישן אויף יענער זייט ים. אָבער קיין ענגליש האָבן זיי ניט געקענט. אַ דייטש-יידישע בלאַט האָט נאָר געדינט די משכלים, אָבער ניט די „היימישע" יידן. זייער דורשט נאָך נייס איז גאָר פאַרשטאַרקט געוואָרן, ווען ס'האָט אין יולי 1870 אויסגעבראָכן דער פּרייסיש-פראַנצויזישער קריג. באַזונדערס שטאַרק פאַראינטערעסירט אין מלחמה-נייעס זיינען געווען די „קאַלוואַריער דייטשן", — רוסיש-פּוילישע יידן, וועלכע האָבן געשטאַמט פון די געגענטן, וואָס האָבן זיך געגרענעצט מיט פּרייסן.

אַ קורצע צייט פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה, האָט אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע און זיך באַזעצט אין ניו-יאָרק דעם קאַלוואַריער רב'ס איידים צבי הירש בערנשטיין, אַ פּעטער פונם שפּעטער באַקאַנטן ענגליש-יידישן זשורנאַליסט הערמאַן בערנשטיין. געזען, אַז דער יידישער עולם איז שטאַרק פאַראינטערעסירט אין מלחמה-נייעס, האָט בערנשטיין באַשלאָסן אַרויסצוגעבן אַ צייטונג אויף יידיש. גלייך ביים אָנהייב האָט ער זיך אָנגעשטויסן אויף אַ רייע שוועריגקייטן. אין ניו-יאָרק איז ניט געווען קיין דרוקעריי, וואו מ'זאָל קענען דרוקן אַ יידישע צייטונג. אויף דער באָוערי האָט זיך געפונען פראַנקס דרוקעריי, וואו מ'פלעגט דרוקן מחזורים מיט אַן ענגלישער איבערזעצונג; אין קאַראָנערס שריפט-גיסעריי אויף טשעמבערס סטריט האָט מען יאָ געקענט קריגן געגנוג יידישע אותיות, אָבער זיי זיינען ניט געווען צוגעפּאַסט פאַר אַ צייטונג. בערנשטיין האָט דעריבער געמוזט אימפּאָרטירן יידישן שריפט פון ווילנע און ווין. אַ צווייטע שוועריקייט איז געווען דער מאַנגל אין יידישע זעצער. צום גליק האָט זיך דעמאָלט געפונען אין ניו-יאָרק דער ווילנער העברייאישער שרייבער צבי גרשוני, וועלכער האָט זיך אויסגעלערנט די מלאכה פון זעצעריי בעת ער איז געווען אויף קעסט ביי די לאָנדאָנער מיסיאָנערן. בערנשטיין האָט איינגעלאַדן גערשונין צו ווערן דער זעצער און מיט-רעדאַקטאָר פון דער צייטונג. די וויכטיקסטע שוועריקייטן באַזייטיקט, האָט דאָס וואָכנבלאַט שוין געקענט אַרויסגיין, און אין אויגוסט 1870 איז דערשינען דער ערשטער נומער „די פּאָסט", די ערשטע געדרוקטע צייטשריפט אין דער נייער וועלט.

בערנשטיין און גרשוני האָבן ניט געקענט אויסקומען צווישן זיך. אַזוי שנעל ווי דער רעדאַקטאָר-אַרויסגעבער האָט געקראָגן אַן אַנדערן זעצער, האָט ער גרשונין אַוועקגעשיקט, און ער איז געוואָרן דער איינציקער באַלעבאָס איבער דער ליטעראַריש-זשורנאַליסטישער זייט פון דער צייטונג.

פון דער „פּאָסט" איז אַפילו ניט פאַרבליבן קיין איינציקער נומער. ס'איז דעריבער אוממעגלעך זי צו כאַראַקטעריזירן. די שפּראַך איז מסתמא געווען אַ דייטשמערישע, ווי ס'איז דער פאַל אויך מיט די שפּעטערדיקע אַמעריקאַנער יידישע צייטונגען, און אחוץ מלחמה-נייעס האָט מען, ווייזט אויס, אויך געגעבן אַלערליי אויסלענדישע און איינלענדישע ידיעות און אַרטיקלען פונם משכיל'שן שניט. ווי די זאַך זאָל ניט זיין, איז שוין דעמאָלט געווען פּלאַץ פאַר אַ יידישער צייטונג אין ניו-יאָרק. „די פּאָסט" איז דערשינען ניט-אונטערבראָכן זעקס חדשים נאָכאַנאַנד.*)

---

*) The Jewish Times, July 1, 1870; The American Israelite, Cincinnati, Oct. 4, 1872.

ציטירט לויט ב. שטיינבערג. (זע פריער).

**) טעלעפאָן. איינע מאָנאַטליכע צייטשריפט פיר טאָלעראַנטע אונד ליבעראַלע איזראַעליטען... ערשטע ליפערונג, יאנואר, 1898".

*) וועגן יענע טעג דערציילט בערנשטיין אין זיינע העברייאיש־געשריבענע זכרונות: „דברים אחדים על דבר היהודים והיהדות לפני שלושים וארבע שנה בנויארק" — אין „ילקוט מערבי", ניו־יאָרק, תרס"ד. וועגן בערנשטיינען און גרשוני'ן שרייבט איספּירלעך קלמן מרמר אין זיין ווערק: „דער אָנהויב פון דער יידישער ליטעראטור אין אַמעריקע" (1870־1890). שרייבער סעקציע ביים איקוף, ניו־יאָרק, 1944, 136 זייטן.





צבי הירש בערנשטיין


צבי גרשוני

### „העברעו נויעס" — אַ פיר־שפּראַכיקע צייטונג

„די פּאָסט" וואָלט מסתמא געווען עקזיסטירט ווייטער, אָבער בערנשטיין האָט זיך געלאָזט איבעררעדן פון איינעם יעקב קאהן, אַ ליטווישן ייד, וואָס איז „געלאָפן" נאָך אַ קליינעם פּאָליטישן אמט אויפן דעמאָקראַטישן צעטל, אַז זיי זאָלן בשותפות אַרויסגעבן אַ צייטונג. קאָהן האָט צוגעזאָגט צו קריגן אַ גרעסערע סומע צו פינאַנסירן די אונטערנעמונג. ביידע שותפים האָבן געדונגען אַ פּלאַץ אין „סיטי־האָל"־געגנט און איינגעשטעלט אַ גרויסע רעדאַקציע און דרוקעריי. צוויי חדשים צייט האָבן געדויערט די הכנות, און פאַר פּסח, דעם 5־טן אַפּריל 1871, איז דערשינען דער ערשטער נומער „העברעו נויעס". ווי געזאָגט, איז יעקב קאָהן געוואָרן אַ צייטונגס־אַרויסגעבער צוליב פּאָליטישע טעמים. ער האָט דעריבער געשטרעבט, אַז זיין וואָרט זאָל גרייכן אַלע שיכטן פון דער ניו־יאָרקער יידישער באַפעלקערונג: די רוסיש־פּוילישע יידן, די משכילים־העברייער, די דייטש־רעדנדיקע „יאהודים" און די אַמעריקאַניזירטע יידן. כדי צו שיסן די אַלע פייגל מיט איין שאָס, איז די „העברעו נויעס" דערשינען אין פיר שפּראַכן מיטאַמאָל: יידיש, העברייאיש, דייטש און ענגליש.

די צייטונג איז געווען שיין געדרוקט, אויף גוטן פּאַפּיר, אָבער איר אינהאַלט איז געווען אַ מישמאַש פון איבערגעדרוקטע זאַכן, אָן אַ באַשטימטן סדר. בערנשטיין ווערט אינגאַנצן ניט דערמאָנט ווי אַ שותף. קאָהן פיגורירט ווי דער איינציקער אַרויסגעבער. ווייזט אויס, אַז בערנשטיין אַליין איז געווען דער רעדאַקטאָר, און ער האָט עס צונויפגעמישט אויסצוגן פון אגדתא אין אָריגינאַל מיט אויסשניטן פון דייטש־יידישע און ענגליש־יידישע ביכער און צייטשריפטן. דאָס ביסל לאָקאַלע כראָניק און די ידיעות וועגן די טעטיקייטן פון אָרדער „קשר של ברזל" זיינען די אינטערעסאַנטסטע מאַטעריאַלן אין דער פיר־שפּראַכיקער וואָכנשריפט. עס געפינען זיך אין איר אויך אַנאָנסן פון ניט־יידישע פירמעס.

קאהן איז ניט דערוויילט געוואָרן, אָבער ער האָט באַשלאָסן אָנצוגיין מיט דער „העברעו נויעס", מסתמא ביז די שפּעטערדיקע וואַלן. דאָס צייטונגס־עסק איז אים שפּעטער, ווייזט אויס, נמאס געוואָרן, און אַחוצדעם זיינען ער און בערנשטיין ניט געווען קיין גליכע פּאָר. די צירקולאַציע האָט געמוזט זיין אַ קליינע, ניט געקוקט אויף איר פיר־שפּראַכיקייט, ווייל עס האָבן, ווייזט אויס, זיך געפונען ווינציק בעלנים צו צאָלן דעם אַבאָנימענט־פּרייז פון 5 דאָלער אַ יאָר אָדער צען סענט אַ נומער. קאָהן האָט די צייטונג אָפּגעשטעלט און זיין חלק פון דער דרוקעריי האָט ער געגעבן אַ מתנה דעם אַנשטאַלט פאַר יידישע יתומים. בערנשטיין האָט אָבער געהאַלטן, אַז אים קומט אַרויס פון שותפות אַ סך מער וויפל קאָהן האָט אים געגעבן, און ער האָט קעגן אים פאַרפירט אַ פּראָצעס. עס האָט אָבער ניט געהאָלפן, און בערנשטיין איז געבליבן בלויזביים יידישן שריפט, וואָס ער האָט אַריינגעלייגט אין געשעפט.*)

דער רעפאָרם אָרגאַן „אַמעריקאַן איזראַעלאַיט" האָט די נייע צייטונג אויפגענומען מיט דעם פאָלגנדיקן „ברוך הבא":

„חסר משוגעים אני" — אַז דער אַנטלאָפענער דוד ביים הויף פון אכיש, קעניג פון גת, האָט זיך פאַרשטעלט אַלס משוגענער זיך צו ראַטעווען זיין לעבן, האָט דער קעניג אויסגעשריגן (שמואל א' כ"א, ט"ז): „דאַרף איך נאָך האָבן משוגעים, וואָס איר'ט מיך געבראַכט דעם דאָזיקן צו שפּילן אַ משוגענעם פאַר מיר?" אָט דער דאָזיקער פּסוק איז אונדז געקומען אויפן געדאַנק בשעת מיר האָבן אַנטדעקט צווישן אונדזערע אומבייטן אַ נייע שריפט, אַרויסגעגעבן אין ניו־יאָרק אין העברייאיש־דייטש, אין העברייאישע און ענגלישע אותיות, פּרעטענדירנדיק צו זיין אַ יידיש־אָרטאָדאָקסישע וואָכנבלאַט מיט דער ספּעציעלער טענדענץ צו לערנען העברייאיש און זי אַריינברענגען אין דער מאָדערע צווישן די לייענער־קרייזן אין דער קהילה. פאַר דעם געלויבטן צוועק אַנטהאַלט זייט 1, נומער 1, ענגלישער טייל, אַ קלאָרן, קאָרעקטן, שיינעם און גאַנץ נישקשהדיק־

*) אין ארכיוו פון יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט געפינען זיך 13 נומערן פון דער „העברעו נויעס", אין גרויסן קוואַרטאָ־פאָרמאַט. דער 13טער נומער איז אַרויס דעם 14טן יולי, 1871, און ער איז מסתמא געווען דער לעצטער. ד. ה. אַז די פיר־שפּראַכיקע וואָכנשריפט האָט דערשיינט אין משך פון אַ־בער אַ פערטל יאָר.

גערדרוקטן אלף-בית, וואָס וועט אָן ספק אויפגענומען ווערן מיט בייפאַל און וועט אונטער גינסטיקע באַדינגונגען אַרויסרופן באַגייסטערונג.

„אָבער אויף דער ערשטער זייט, העברייאישע אָפּטיילונג, געפינען מיר משונהדיקע אויסשטאַלטונגען פון אהרן און משה, און אַ קאָרעקטע קאָפּיע פון די ערשטע ווערטער פון די צען געבאָטן. און גלייך, אונטערן אויסגעשפּרייטן אָדלער — די שטערן באַפּליטערטע פאָן און די פרייהייטס־היטל, זיינען דאָ די פּאָרטרעטן פון גענעראַל און קייזער ווילהעלם. דאַן געפינט זיך אַ פּאָעמע אין העברייאיש און דייטש, וואָס איז אָנגעלאָדן מיט אומפאַרשעמטע ליגנס און בייזע חניפה, שוין אָפּגערעדט פון דער מיזעראַבעלער לאַטוטניק-אַרבעט, וואָס ווערט אָנגערופן פּאָעזיע.

„אויף דער זעלבער זייט, אָן אַן אונטערשריפט, ווערט דער אייגנטימער און אַרויסגעבער אָנגערופן „דער געערטער און חשובער האר", וואָס מיט זיין אַרויסגעבן די צייטונג טוט ער דער וועלט אַזאַ גרויסע טובה. דאָס אַלץ אין אַ הויפּט-אַרטיקל, וואו דער שרייבער רייסט אַרונטער רעפאָרם. דאָס זעלבע ווערט געטאָן אויף אַ מיאוסן אופן אויף דער דריטער זייט.

„וואָס איז שייך־שפּראַך, האָט דער דייטש, ענגליש און העברייאיש אַ גלייכן ווערט. אַ זשאַרגאָן צו אַמוזירן די מאַסן, אָפּצונאַרן שוטים און צו מאַכן חוזק פון יודאַאיזם. האָבן מיר נישט גענוג משוגענע שרייבער אין אונדזער לאַנד, וואָס פּראָדוצירן אַזעלכע מיסט? דאַרפן מיר נאָך האָבן דערצו דעם פּויליש-דייטש-ענגלישן געמיש פון נאַרישקייטן אונדז צו פאַרשעמען אין די אויגן פון דער וועלט?

„ניין, זאָגט דער לייענער, מיר צווייפלען נישט, אַז אַזאַ זאַך איז נישט נייטיק אין אונדזער לאַנד. דער מר. קאהן (דזשייקאָב קאָהען) גלויבט לא תקום ולא תהיה, מסתמא אַז ער טוט עפּעס גוטס מיט דעם וואָס ער שטעלט צו געלט און מעגלעכקייטן אַ קלאַס מענטשן, וואָס קענען נישט טאָן בעסערס ווי שרייבן ווערטלאָזע זאַכן. ער וועט אָבער באַלד אויסגעפינען, אַז די הונגעריקע רויב-פויגל וועלן זיך אָנזעצן אויף זיין בייטל אַ ביסל צו פריי.

„איין זאַך מוזען מיר אייך אָבער זאָגן, אַז דאָס איז נישט דער וועג צו דערהייבן די מאַסן און ברענגען גוטע נוצן. גיט זיי גענוג אָרטאָדאָקסיע און זשורנאַלן און איר לייגט זיי מיט דעם אויס. מ'נייטיקט זיך נישט אין קיין יידישע צייטונגען אין ניו-יאָרק. וויל איינער לייענען אַ ענגלישע שריפט, האָט ער דר. באַנדרים — „היברו לידער", וויל ער לייענען אַן אָרטאָדאָקסיש בלאַט, איז דאָ אייזאַקס „מעסענדזשער", און וויל ער אַ דייטשע צייטונג, איז דאָ מרס. פרידליינס „דזשואיש טאַימס". מען דאַרף נישט האָבן קיין העברייאיש-ענגליש-דייטשן זשאַרגאָן-זשורנאַל פון אָרטאָדאָקסיע און קייזער ווילהעלם. מיר ווילן נישט קיין קייזער, קיין זשאַרגאָן און קיין פּויליש-ענגליש-דייטשע אָרטאָדאָקסיע."

דער „דזשואיש מעסענדזשער", ווידער, האָט אויף אַ קאָרעקטן אופן באַגריסט די „היברו ניוס" און איר געוואונטשן אַ נוצלעכע צוקונפט.*)

פיליפּ קאָוען, וועלכער האָט געקענט קאהנען און געדענקט זיין צייטונג, דערציילט וועגן אים אין זיינע זכרונות:

„... אַן אינטערעסאַנטער טיפּ פון אונדזער געגנט, וואָס האָט אָפט באַזוכט די שול („אדרת אל"), כאָטש נישט קיין מיטגליד, איז געווען יעקב קאָהן. ער איז געווען איינער פון די ערשטע „ריעל-עסטייטניקעס" און געוואוינט אויף דער 33-טער גאַס ... מיר, יונגעלייט, האָבן אים ליב געהאַט, און אַזוי ווי ער האָט געהאַט עטלעכע אינטערעסאַנטע טעכטער, פלעגן מיר אים באַזוכן זייער אָפט. ער האָט זיך אַביסל געמישט אין פּאָליטיק און געוואָלט דערוויילט ווערן אַלס „סופּערוויזער", דעמאָלט אַן אַמט, וואָס איז געווען העכער פון אַן „אָלדערמאַן". אויב איך געדענק ריכטיק, איז ער געווען דער באַלעבאָס פון „קאַרלס 23-טן וואָרד-פּאַרק", אַ זומער-גאָרטן אין די בראָנקס, וועלכן ער פלעגט אָוועקגעבן פריי פאַר פאַרוויילונגען לטובת וואוילטעטיקע צוועקן. ער האָט אויך פאַרמאָגט אַ גרויסע זומער-היים אין אמעניאַ, נ. י., וואוהין אַ סך פון אונדז זיינען אָפטמאָל איינגעלאָדן געוואָרן. ער איז געווען אַ ייד אַ תלמיד-חכם און פאַרהייראַט צו אַ טאָכטער פון שמואל ד. מאַס, אַ פּראָמינענטער מענטש צווישן די ערשטע פּרייסישע יידן, וועלכע האָבן געוואוינט אַרום קאַטארין סטריט און איסט-בראָדוויי. די זשורנאַליסטישע און די פּאָליטישע בין האָט געזשומעט אַרום יעקב קאָהן, און ווען ער האָט ביי זיך אָפּגעמאַכט צו לויפן פאַר „סופּערוויזער", האָט ער אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן די „דזשואיש ניוס**) אין 1871, מיט אַ רעדאַקציע אויף „טשעטהעם סקוועער". ער האָט געצילט צו דערגרייכן אַלע יידישע עלעמענטן דורך דרוקן זיין צייטונג אין ענגליש, דייטש, יידיש-דייטש און העברייאיש. אָבער דער דאָזיקער יידיש־דייטש איז נישט געווען דער יידיש פון היינט. ס'איז פּשוט געווען דייטש מיט יידישע אותיות, דאָ און דאָרט דורכגעמישט מיט אַ העברייאישן אויסדרוק. אין יענער צייט האָבן זיך שטאַרק געה'רעש'ט וועגן די באַן-רעלסן אויף דער פּערטער עוועניו, וואו זיי זיינען געווען אויף דער זעלבער פלאַך ווי די גאַס, און אַזוי אַרום פאַראורזאַכט אַ סך טויטפאַלן. קאָהן איז אַרויס מיט אַ לאָזונג (וועגן דעם). ער האָט געקראָגן אַ גרופּע יונגעלייט צו אַגיטירן פאַר אים אויף מאַסנפאַרזאַמלונגען, אָבער דאָס אַלץ האָט אים נישט

---

*) American Israelite, Cincinnati, April 21, 1871; Jewish Messenger, April 12, 1871.

איבערזעצונג ציטירט לויט ב. שטיינבערגס ארבעט. זע פריער.

**) אַ טעות. עס דאַרף זיין „היברו ניוס".

געהאָלפֿן און ער האָט באַקומען געגנוג שטימעס צו בלייבן זיצן אינדערהיים.*)

### „הצופה בארץ החדשה"

מיט דעם ביסל יידישן שריפט, וואָס בערנשטיין האָט געהאַלטן אין אַ צימערל אויף לודלאָו סטריט, איז אים באַשערט געווען צו זיין דער פּיאָנער פֿון דער העברייאיִ-שער פּרעסע אין אַמעריקע. דעם 11-טן יוני, 1871, איז אַרויס דער ערשטער נומער פֿון וואָכנבלאַט „הצופה בארץ החדשה" — די ערשטע העברייאישע צייטשריפט אין אַמעריקע.

דער „הצופה בארץ החדשה" האָט עקזיסטירט ביז 1876, מיט אַ צאָל לענגערע איבעררייסן אינצווישן. מ. יהלמשטיין, וועמען עס איז שפּעטער אויסגעקומען צו שפּילן אַ גרויסע ראָלע אַלס רעדאַקטאָר-אַרויסגעבער פֿון יידישע צייטונגען, איז געווען בערנשטיינס שריפטזעצער און שותּף-רעדאַקטאָר פֿון דער העברייאישער וואָכנשריפט. דער „הצופה" איז געגאַנגען אין די פֿוס-טריט פֿון די העב-רייאישע השכלה- און מליצה-אָרגאַנען אין דער אַלטער היים.**) נאָכן אונטערגאַנג פֿון „הצופה" האָט בערנשטיין זיך גענומען צו באַנק-געשעפֿטן, און ער איז אַ צייט אויך געווען דער אייגנטימער פֿון אַ יידיש טעאַטער.

### כתריאל צבי שרהזאָן

אין 1872 האָט אויף דער אַרענע פֿון יונגן יידישן זשורנאַליזם אין אַמעריקע זיך באַוויזן כתריאל צבי שרהזאָן, וועלכער איז שפּעטער אַ צייט לאַנג געווען דער מעכטיקסטער יידישער צייטונג-אַרויסגעבער דאָ אין לאַנד.

כתריאל צבי שרהזאָן איז געבוירן געוואָרן דעם 12-טן דעצעמבער, 1835, אין פּויזער, סואוואַלקער געגענט, וואו זיין פֿאָטער, ר' אליהו, איז געזעסן אויפֿן כּסא הרבנות. שפּעטער איז ער געווען רב אין אַנדערע, שכנישע שטעט. כתריאל צבי איז אויסגעוואַקסן אַ למדן. אין 1859, איז ר' אליהו געוואָרן רב אין סואוואַלק, וואו כתריאל צבי האָט חתונה געהאַט מיט בתיה יהלמשטיין, די טאָכטער פֿון ר' דוד יהלמשטיין, איינער פֿון די חשובֿסטע בעלי-בתּים און לומדים אין שטאָט. ר' דודס זון מרדכי איז שוין געווען אַ משכּיל מיט שרייבערישע אַמביציעס.

נאָך זיין חתונה, האָט כתריאל צבי שרהזאָן זיך גע-נומען צו מסחר. באַזוכנדיק פֿאַרשיידענע שטעט, האָט דער פֿרומער בן-הרב זיך אָנגעזאַפּט מיט „נייע געדאַנקען", אָבער די השכלה האָט אים ניט אַראָפּגעפֿירט פֿון דרך הישר. ווייזט אויס, אַז אין מסחר איז אים ניט אַזוי גוט געגאַנגען, און ווי אַ סך אַנדערע יונגעלייט פֿון יענע מקומות, איז שרהזאָן אין 1869 אַוועקגעפֿאָרן קיין אַמע-ריקע. ער האָט זיך אָבער ניט געקענט איינאָרדענען אין נייעם לאַנד, און ער איז צוריקגעפֿאָרן אַהיים. סואוואַלק איז שוין אָבער אויך ניט געווען קיין אָרט פֿאַר אים, נאָכדעם ווי ער האָט זיך געהאַט באַקענט אַביסל מיט דער גרויסער, ברייטער וועלט. אין 1871 איז ער ווידער גע-קומען קיין אַמעריקע. אין ניו-יאָרק האָט ער געעפֿנט אַ דרוקעריי בשותּפֿות מיטן שטעטינער מדפּיס ע. שרענצעל.

### „ניו-יאָרקער יידישע צייטונג"

די דרוקעריי האָט זיך געפֿונען אויף פּאַיק סטריט. קיין סך אַרבעט האָבן די צוויי יונגע, ענערגישע שותּפֿים ניט געהאַט. שרהזאָן האָט צונויפֿגעשטעלט אַן אַטלאַס מיט ידיעות וועגן פֿאַרשיידענע לענדער. איז די באַלעבאַ-טים פֿון דער פֿירמע „שרענצעל און שרהזאָן" איינגעפֿאַלן אַרויסצוגעבן אַ יידישע צייטונג. ניו-יאָרק האָט שוין דער-מאָלט פֿאַרמאָגט אַ יידישע באַפֿעלקערונג, וואָס מען האָט געשאַצט, אַז זי באַשטייט פֿון 80 טויזענט נפֿשות. אמת, אַנדערע יידישע צייטונג-אַרויסגעבער זיינען דורכגעפֿאַלן, אָבער שרהזאָן און שרענצעל האָבן געבויט אויף דעם, וואָס זיי וועלן ניט דאַרפֿן אָנקומען צו פֿרעמדע דרוקערס.

און די צוויי שותּפֿים האָבן אין 1872 אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן דאָס וואָכנבלאַט „ניו-יאָרקער יידישע צייטונג", וואָס איז לויט שרהזאָנס עדות זאָגן „געווען שיין דייטש געשריבן, און די מערסטע אַבאָנענטן, דייטשע און פּוילישע יידן, האָבן עס גערן געלעזן."

די „צייטונג" האָט זיך געהאַלטן אַרום פֿינף חדשים. דער שריפטזעצער מ. טאָפּאָלאָווסקי, האָט דערווייל גע-עפֿנט אַן אייגענע דרוקעריי. די וואָכנשריפט איז אָפּגע-שטעלט געוואָרן נאָך אַ היזק פֿון טויזנט דאָלער. די דרוקעריי האָט מען פֿאַרקויפֿט צו אַן אַלטן דייטש און שרהזאָן איז אין 1873 אַוועק קיין סיראַקיוז. דאָרט האָבן שוין געוואוינט אַ סך פֿון זיינע לאַנדסלייט. געוואָלט האָט ער זיך נעמען צו מסחר, אָבער צוליב זיין מאַטעריעלן מצב איז ער געצוואונגען געוואָרן צו ווערן רב פֿון דער דאָר-טיקער אָרטאָדאָקסישער חברה. צוליב אָט דער רבנות-שטעלע האָט ער אויך אין די שפּעטערדיקע יאָרן געטראָגן דעם טיטול „רעווערענד". דערנאָך איז ער געוואָרן אַ גע-שעפֿטסמאַן אין שיקאַגאָ.*)

### די „יידישע גאַזעטן"

אין 1873 איז שרהזאָן אַהיימגעפֿאָרן קיין אייראָפּע אַהערצוברענגען זיין פֿאַמיליע. אין 1874 איז ער שוין געווען צוריק אין ניו-יאָרק, און מיט דער הילף פֿון זיין

*) Memories of An American Jew, by Philip Cowen. The International Press. 1932, pp. 31-32.

**) א. ר. מלאכי "תולדות העתונות העברית באמריקה" — "התורן", שנה א' גליון ב', תרע"ג.

*) משה שטאַרקמאַן: "די שרהזאָן-זכרונות וועגן דער יידישער פּרעסע אין אַמעריקע" — „יאָרבוך" פֿון אַמאָפּטייל", באַנד 1. יידישער וויסנשאַפֿטלעכער אינסטיטוט, ניו-יאָרק, 1938, זז. 273-295. אין דעמדאָזיקן אַרטיקל זיינען איבערגע-דרוקט די אָפּט-ציטירטע זכרונות פֿון כתריאל צבי שרהזאָן ("יידישע גאַזעטן". דעם 20טן אַפּריל און 4טן מאַי, 1894); און די מעמוארן פֿון זיין זון יחזקאל שרהזאָן ("יידישעס טאַ-געבלאַט", דעם 20טן מערץ, 1910).


THE JEWISH GAZETTE.
יודישע גאזעטטען.
OFFICE: 98 EAST BROADWAY.

אַ נומער פון 1886


כתריאל צבי שרהזאָן
ארויסגעבער פון די
„יידישע גאַזעטן“


יאָהאָן פּאַליי
לאַנג־יאָריקער רעדאַקטאָר פון
„גאַזעטן“ און „טאַגעבלאַט“

שוואָגער מרדכי יהלמשטיין האָט ער אָנגעהויבן אַרויס-צוגעבן די „יידישע גאַזעטן“, אַ וואָכנשריפט, וועלכע האָט עקזיסטירט 54 יאָר, ביז זי איז אין 1928 פאַראייניקט געוואָרן מיטן „אַמעריקאַנער“.

די רעדאַקציע פון „גאַזעטן“ האָט זיך געפונען אין 112 קאַנעל סטריט, אין דער דרוקעריי פון מ. טאָפּאָלאָווסקי, דער סאַמע בעסטער ניו-יאָרקער יידישער „פּרינטער“ אין די זיבעציקער יאָרן. כאָטש די „גאַזעטן“ זיינען פאָרמעל געווען אַ וואָכנבלאַט, איז אָבער די צייטונג ניט דערשינען רעגלמעסיק. דער אַרויסגעבער האָט געמוזט אָנקומען צו שותפים און פּריוואַטע אונטערשטיצערס. שרהזאָן אַליין דערציילט:

„די ערשטע ניין מאָנאַטן האָבן די „גאַזעטן“ געהאַט שותפים מערער ווי אַ טערקישער פּאַשאַ האָט פרויען, ווייל קאַפּיטאַל איז געווען דאָס נויטיקסטע אַרטיקל, וואָס די „גאַזעטן“ האָט געפעלט, און-יעדער, וואָס האָט געזען, אַז דער גליקלעכער חלום איז נאָר אַ חלום פשוט, האָט זיך אָפּגעוואָרפן, און די „גאַזעטן“ זיינען געבליבן נאָר ביי כתריאל צבי שרהזאָן און מ. יהלמשטיין. אַ גאַנץ יאָר נאָכדעם האָבן מיר צוזאַמען זיך געקווילט מיט דער אויס-גאַבע, ווייל די „גאַזעטן“ האָבן דעמאָלט געהאַט אַ דריי-פאַכן קאַמף, היינו: פאַנאַטיזמוס, משכיליזמוס און קאַ-פּיטאַליזמוס; דער פרומער יהודי האָט געזאָגט, אַז מען טאָר די „גאַזעטן“ אום שבת ניט לעזן. מען מוז די צייט בעסער מיט תהילים זאָגן אָדער חומש לערנען פאַרברענ-גען. די משכילים, וועלכע זיינען אימשטאַנד געווען אַ דע-פּעשע אין דער „שטאַטס-צייטונג“ צו לעזן, אָדער ווער רעדט נאָך דעם, וואָס האָט דעם „המגיד“ געלייענט, האָט גאָרניט געפּאַסט די „גאַזעטן“ אין האַנט צו נעמען. אָבער דער שווערסטער קאַמף איז געווען מיטן, אָדער ריכטיקער אָן קאַפּיטאַל. דער געלט-מאַנגל, חסרון כיס, האָט מיך מער ווי איינמאָל אין פאַרצווייפלונג געבראַכט . . . אייגענע אותיות האָבן מיר ניט געהאַט און מען האָט געמוזט צאָלן צו אַ געוויסן מר. מ. טאָפּאָלאָווסקי, אַ דרוקער, פאַר נוצן זיין שריפט. נאָך אַ שוועריקייט איז געווען יעדע וואָך, וואָס מיר, שותפים, האָבן נישט געשטימט מיט אונדזערע אידייען אין שרייבן; וואָס איינעם איז געפעלן, האָט דעם אַנדערן ניט געפּאַסט . . . אַ טייל וואָכן זיינען די „גאַזעטן“ רעגלמעסיק דערשינען — און איינמאָל איינפאַך גאָרניט, ווייל עס האָט געפעלט עטלעכע דאָלער אויף פּאַפּיר; און ווייל צו יענער צייט איז נאָר איין איינציקער שריפט-זעצער געווען, איז גאַנץ לייכט געווען צו שרייבן די אַנ-דערע וואָך אַ תירוץ, אַז דער זעצער איז קראַנק געוואָרן, און דערווייל האָט מען איין וואָך די הוצאות איינגע-שפּאָרט . . . ביי די אַלע גליקן האָט זיך מיין דרוקער טאָפּאָלאָווסקי אָנגעפאַנגען צו חלום׳ען דעם רעדאַקטאָרס גליקלעכער חלום, און מיט אַ ריכטיקן גרונט: „סטייטש, אַז שרהזאָן האָט ניט קיין שריפט און ניט קיין געלט, און ער האַלט זיך דאָך, אַ פשיטא שוין, אַז איך האָב דאָך אַן אייגענע דרוקעריי און אַ רייכע שוויגער, וואָס ביי איר וועט זיין אַ כבוד גדול צו האָבן אַן איידים אַ רעדאַקטאָר, וועט דאָך פון מיינע לופטשלעסער ווערן טאַקע ריכטיקע שלע-סער. געטראַכט און געטאָן: באַלד איז באַשאַפן געוואָרן אַ „פאָלקס-צייטונג“, זייער שיין אויסגעשטאַטעט . . . איך בין געבליבן אָן שריפט, אָן געלט און אָן אַ זעצער, ווייל דעם זעצער האָט ער אויך צוגענומען . . . איך האָב גע-טראַכט, אַז איצט איז די צייט צו באַווייזן, אַז מען קען אַ גאַנצע צייטונג, אָן דער נויטיקער שריפט און אָן אַר-בעטער, אַרויסגעבן . . . מיר האָבן איין וואָך די גאַנצע „גאַזעטן“ אויפגעשריבן מיט כתיב׳טע אותיות, מיט לי-טאָגראַפישער טינט, און אַלע קאָפּיעס אָפּגעצויגן אויף אַ שטיין . . . דאָס בלאַט איז זייער ניט שיין געווען, בעת אונדזער קאָנקורענטס בלאַט איז געווען אויסגעצייכנט שיין געדרוקט.

„אָבער מיט פרישן מוט האָבן מיר ווייטער אַ מיטל געזוכט און באַלד אויך געפונען אותיות צו אַ שרייב-מאַשין און מיין זון, יחזקאל, האָט די גאַנצע 8 זייטן „גאַזעטן“ דערמיט אָפּגעקלאַפּט, און דערנאָך האָבן מיר

עס ליטאָגראַפירט און ווידער די „גאַזעטן“ געשאַפן. צו אונדזער באַדויערן איז אויך דער נומער שלעכט ארויסגעקומען . . .

„איך ווייס נאָך ביז היינט ניט, ווי אַזוי גאָט האָט מיר צוגעשיקט אַ סומע פון 6 דאָלער . . . און פאַר די 6 דאָלער האָב איך דורך אַ צופאַל געקראָגן צו קויפן אָפּגעניצטע בלייענע אותיות . . . מיינע צוויי קליינע קינדער זיינען געווען די זעצער . . . פון יעדע 20 ליינס האָב איך געמאַכט סטערעטייפּס . . . אָפּגעזעצט 20 שורות האָט מען די ערשטע 20 אָפּגעלייגט און מיט די דאָזיקע קליינע סטערעאָטייפּס האָט מען די „גאַזעטן“ געשאַפן . . . אָבער שטעלט זיך פאָר מיין לאַגע, אַז ביי דעם שווערן מיטל, ביים מאַכן די סטערעאָטייפּס, בין איך איינמאָל פון מידקייט איינגעשלאָפן. דער אויוון איז געוואָרן אַביסל צו הייס און אַלע 20 ליינס בליי-טייפּס זיינען צעשמאָלצן געוואָרן און אַ העלפט פון מיין דרוקעריי, מיין האַלב פאַרמעגן, איז צו גרונט געגאַנגען.“

אין יענע ערשטע יאָרן פון די „גאַזעטן“, ווען שרהזאָן האָט נאָך ניט געהאַט קיין אייגענע דרוקעריי און געמוזט אָנקומען צו פאַנטאַסטישע פאָרטלען, האָט ער אַ לאַנגע צייט געקראָגן צוגעשיקט פון מאַינץ אַ היפּש ביסל עקזעמפּלאַרן פון „הישראלי“, אַ יידיש וואָכנבלאַט, געדרוקט אויף דייטש, מיט יידישע אותיות. אויף די עקזעמפּלאַרן, וואָס שרהזאָן האָט באַשטעלט, איז די ערשטע זייט געווען אינגאַנצן ליידיק, און אין ניו-יאָרק האָט מען צוגעדרוקט די ערשטע זייט מיט דער איבערשריפט „יידישע גאַזעטן“.

## „נוא-יאָרקער יזראַעליט“

דאָס שותפות צווישן די שוואָגערס שרהזאָן און יהלמשטיין האָט לאַנג ניט אָנגעהאַלטן, און אין זומער 1875 האָט יהלמשטיין אָנגעהויבן אַרויסגעבן אַן אייגענע וואָכנשריפט, דעם „נוא-יאָרקער יזראַעליט“. דער „יזראַעליט“ איז געווען געדרוקט אין קליינעם קוואַרטאָ-פאָרמאַט. ווי מען קען זען פון דער ערשטער און פערטער זייט פון נומער 7, דער איינציקער סימן, וואָס איז פאַרבליבן פון דער דאָזיקער וואָכנשריפט, איז דער „יזראַעליט“ געווען אַ גאַנץ לעבעדיק בלעטל. דער נומער הייבט זיך אָן מיט „וועלטלעכע נייעס“, צווישן וועלכע עס פאַרנעמט דעם אויבנאָן די געשיכטע וועגן דעם טויט פון דעם ניו-יאָרקער יידישן מיליאָנער בענדזשאַמין נאַטאַן, וועמען מען האָט געפונען דערמאָרדעט דעם 28-טן אויגוסט 1870, אין זיין היים אויף דער 23-טער גאַס. די אָפּטיילונג פון יידישע נייעס אויף דער לעצטער זייט ברענגט ידיעות פון בערלין, פראַנקפורט, ברעסלוי, בראָד און בוקאַרעסט. דער נומער ווערט פאַרענדיקט מיט 4 אַנאָנסן. דער ערשטער אַנאָנס איז פון דער שיקאַגער „ק״ק אוהבי אמונה“, וועלכע „פערלאַנגט איינעם גוטען חזן“. משה ליוואַי פון 47 עסעקס סטריט אַנאָנסירט, אַז ער איז אַ גוטער „דרעס-מייקער“ און רעכנט ביליקע פרייזן; י. ד. אייזענשטיין, דער באַקאַנטער העברייאישער שריפטשטעלער, האָט אַן אַדווערטייזמענט וועגן זיין שאָפּ אויף לודלאָו סטריט, וואו עס ווערן „אָבערהעמדען גוט געמאַכט“; יוסף גאָלדשטיין עט קאָמפּאַני פון 5 עלדרידזש סטריט, מאַנופעקטשורערס פון בלעך, לאָזט וויסן וועגן „ניטער פיר פעדלערס“, דורך וועלכע מען קען פאַרדינען „דרייסיק פּראָצענט פון יעדען דאָללאַר“. דער לעצטער אַנאָנס לייענט זיך:

„בילליג! בילליג! בילליג! אַללע זאָרטען פון ווייסע אָבערהעמדין פערטיגע אויך צו אָרדער גוט געמאַכט און צו בילליגע פרייזען, זינד צו בעקאָממען ביִיא מ. ליפּטאָהן, 3 עללען סטריט.“

דער „יזראַעליט“, פּונקט ווי די „גאַזעטן“, האָט זיך געדרוקט אין טאַפּאַלאָווסקי׳ס דרוקעריי. מער פון עטלעכע חדשים האָט יהלמשטיין ניט געקענט אויסהאַלטן זיין וואָכנבלאַט. ער האָט צוריק געשלאָסן שותפות מיט זיין שוואָגער שרהזאָן, און איז געוואָרן רעדאַקטאָר פון די „גאַזעטן“, אַן אַמט וועלכן ער האָט אָנגעהאַלטן ביז זיין טויט אין 1897.

## „איזראַעליטישע פּרעססע“ — די ערשטע יידישע צייטונג אין שיקאַגאָ

דער גרינדער און אַרויסגעבער פון דער דאָזיקער יידישער צייטשריפט אין שיקאַגע נחמן דוב עטעלזאָן, איז געבוירן געוואָרן אין 1828 אין שאַקי, סואַוואַלקער גובערניע, און געקומען איז ער קיין אַמעריקע אין 1851.

אַ ייד אַ למדן און משכיל, האָט ער, באַזעצנדיק זיך אין שיקאַגע, מיט דער צייט געעפנט אַ דרוקעריי. אין יענע טעג האָבן אין ניו יאָרק זיך שוין געהאַט באַוויזן אַ ריי יידישע וואָכנשריפטן, און די דערפאָלגרייכסטע צווישן זיי איז געווען די „יידישע גאַזעטן“, וואָס כתריאל צבי שרהזאָן האָט אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן אין 1874. אַן אייגענע דרוקעריי האָט ער דאָך געהאַט, האָט עטעלזאָן אויך באַשלאָסן צו ווערן אַ צייטונגס-אַרויסגעבער, און אַ געלעגנהייט זיין פּלאַן צו פאַרווירקלעכן האָט זיך אים אונטערגערוקט, ווען ס׳האָט אויסגעבראָכן דער טערקיש-רוסישער קריג אין 1877. די מזרח-אייראָפּעאישע יידישע אימיגראַנטן, דאָס רוב געקומענע פון רוסלאַנד, האָבן געדורשט נאָך מלחמה-נייס. דאָס יידישע שיקאַגע האָט שוין אויך געהאַט אייגענע געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען, אַזוי אַז עס איז שוין געווען אַן אָרט פאַר אַ לאָקאַלער צייטונג, בפרט ווען ניט אַלע האָבן געהאַט אַ מעגלעכקייט אויסצושרייבן די ניו-יאָרקער צייטונג, וואָס פלעגט אָנקומען מיט אַ גרויסער פאַרשפּעטיקונג.

ווי דער 88-יאָריקער עטעלזאָן האָט דערקלערט*) אין סעפּטעמבער, 1916, איז דער „הויפּטצוועק פון דער צייטונג געווען ניט צו פריידיקן אַ וועלכע-עס-איז אידייע, נאָר צו געבן דעם יידישן עולם נייס און אַמאָל אויך אַ באַלייכטונג פון אַ געוויסער צייטפראַגע“.

*) ק. מרמר: די ערשטע שיקאַגער צייטונג אין יידיש און איר רעדאַקטאָר־אַרויסגעבער — "פּנקס", ניו־יאָרק, 1927, זז. 50־47.

פּאַרן געהילף-רעדאקטאָר פון זיין וואָכנשריפט האָט עטעלזאָן אָנגעשטעלט א משכיל און העברייער מיטן נאָמען ש. ל. מאַרקוס. ער איז געקומען קיין שיקאַגאָ פון אַלאַבאַמאַ (אַ סאָוטערן סטייט, וועלכער באַזיצט פיר „אלפן", זאָגט מארקוס אליין עדות אין זיינס א קאַפּיטל זכרונות), און ער איז שפּעטער געווען א לערער אין איי-פון די צוויי יידישע שולן פאר קינדער, אין וועלכע מען האָט געלערנט „חומש מיט מענדעלסאָנס איבערזעצונג און דקדוק לשון עברי". צבי גרשוני, רעדאקטאָר פון דער „פּאָסט", די צווייטע יידישע צייטשריפט אין אמעריקע, ארויסגעגעבן פון צבי הירש בערנשטיין אין ניו יאָרק אין משך פון 1870-1871, איז געווען איינער פון דער קאָמיסיע, וואס האָט עקזאַמינירט די קאנדידאטן פאר לערע-שטעלעס, און ער האָט מבינות געזאָגט, אז מארקוס טויג זיך אוים צו לערעריי.

די „איזראַעליטישע פּרעססע" איז דערשינען אין שי־קאַגאָ דריי יאָר כסדר. די וואָכנשריפט איז דערנאָך אריבערגעטראָגן געוואָרן קיין ניו-יאָרק, וואו זי האָט געפּירט א שארפע קאָנקורענץ מיט שרהזאָנס „אידישע גאַזעטן". אין דעם קאמף האָט די „איזראַעליטישע פּרעססע" פּארלוירן, און נאָך אָן אכט-יאָריקער עקזיסטענץ איז זי אונטערגעגאנגען דעם 9טן אפּריל, 1884, ווען ס'איז דער-שינען דער לעצטער נומער. די „איזראַעליטישע פּרעססע" האָט אויסגעהויכט איר זשורנאַליסטישע נשמה מיט אַ בי-טערער אַטאַקע אויף די „אידישע גאַזעטן" און זייער ארויסגעבער כתריאל צבי שרהזאָן.

אַ פולן עקזעמפּלאַר „איזראַעליטישע פּרעססע" איז דערווייל ניט געלונגען צו קריגן. עס זענען פּאַראַן צוויי אָריגינאַל-זייטן (5—6) פון א נומער, וואס איז ארוים אָנ-הייב 80קער יאָרן (קיין דאַטע איז ניט אָנגעגעבן) און פאָ-טאָגראַפיעס פון די ערשטע זייטן פון צוויי באַזונדערע נו-מערן: פון נומער, וואס איז דערשינען אין שיקאַגע דעם 4טן אפּריל, 1879 (דריטער יאָרגאנג) און פון דעם לעצטן נומער, וואס איז ארוים אין ניו יאָרק דעם 9טן אפּריל, 1884.

די „איזראַעליטישע פּרעססע" איז געווען געדרוקט אין פאָליא-פאָרמאַט, מיט דריי ברייטע עמודים אויף יע-דער זייט; „דער פּרייז פיר איין יאָר 2 דאָללאר. פיר זעקס מאָנאַטע 1 דאָללאר. פיר אויסלאנד 3 דאָללאר. איין בלאַטט 5 סענט. — פיר מודעות איינע ציילע 10 סענט. ביים מאָנאַט 10 פּראָצענט ביללינגער. ביים יאָהר 20 פּ׳צ ביללינגער. פיר קאָנגרעגאציאָנען (שולן און חברות — מ. ש.) דיא העלפטע בערעכענט" ווערט אָנגעגעבן אין אַ קעסטעלע, וואס ציט זיך אונטער דער גאַנצער ברייט פון דער וואָכנשריפטס נאָמען.

די „איזראַעליטישע פּרעססע" האָט אויך געהאַט אַ העברעאישע ביילאַגע „היכל העבריה", וואו משכילים-העברייער האָבן זיך געקוויקט מיט דער בית-השמים, און דער רעפאָרם-ראַבינער פּולזענטהאַל, וואָס האָט אויפגע-שטורעמט די אָרטאָדאָקסיע מיט זיין פּאָרשלאַג, אז מען זאָל גרים באַפרייען פון מילה, האָט אין דער דאָזיקער ביי-לאַגע געקראָגן זיין פּסק פאר אָט-דער געוואגטקייט.

אויף איינער פון די צוויי אָריגינאַל-זייטן פון דער „איזראַעליטישע פּרעססע" (געפינט זיך אין דער צענטראַ־לער יידישער ביבליאָטעק און פּרעסע ארכיוו פון ייוו"אָ) זאָגט די רעדאקציע מיט א גרויסער איבערשריפט:

„אדווערטייזט אין דער „איזראַעליטישע פּרעססע"— דיע פיינסטע יודיש-דייטשע צייטונג אין דער וועלט. דיע „איזראַעליטישע פּרעססע" האָט מעהר לעזעשטאָף אלס אירגענד איינע אנדערע יודישע צייטונג".

די „איזראַעליטישע פּרעססע" איז הן אינהאַלטלעך, הן שפּראַכלעך, ניט אַנדערש פון שרהזאָנס „גאַזעטן", וואָס זענען דערשינען אין ניו יאָרק. די ערשטע זייט הייבט זיך תמיד אָן מיט אלגעמיינע און יידישע נייס, אַמעריקאַנער און אויסלענדישע, און דאָס איבעריקע פון לייען-שטאָף באַשטייט פון היסטאָרישע נאָוועלן, דאָס רוב איבערגעזעצטע פון די דייטש-יידישע און ענגליש-יידישע זשורנאַלן און אויך, ניט זעלטן, פון די העברעאישע וואָכנבלעטער אין אייראָפּע.

איין זייט פון די צוויי-אָריגינאַל-זייטן „איזראַעלי-טישע פּרעססע" הייבט זיך אָן מיטן המשך פון אַ לענגערער ידיעה וועגן א יידיש מיידל, וואס איז פאַר-וואונדעט געוואָרן אין אַ שיסעריי צווישן אַ פּאָליציימאַן און באַנדיטן. נאָכדעם גייט די באַשרייבונג פון א שיכור-טע וואָס איר מאַן האָט באַצאָלט אין געריכט צען דאָלאר, מען זאָל זי באַפרייען, און אונטער דעם געריכט-בילדל די פאָלגנדיקע ידיעה:

### פריידע פיר יודען.

„דיא יודען אין ווהילינג, וועסט-ווירדזשיניא, זינד אין פריידיגער אויפרעגונג איבער איינע זענדונג פאָן ערדע פאָן דעם יודישען בית עולם בייא ירושלים. דאָס דיא ערדע איזט עכט בעווייזט דער זיעגעל דעם אַמעריקאַנישען וויצע-קאָנצול הערר יאַקוב שומאַכער. דער גליקליכער ערהאַלטער דער ערדע איזט איין געוויססער אויגוסט פּאָלאַק, אויך צעדערן אונד זאמען פאָן טרויבען זינד צור זעלבען צייט פאָן ירושלים איינגעטראָפּפען".

נאָך דער באַשרייבונג ווי אַזוי מען האָט אין וואַיט פּלעינס הינגעריכטעט אַ געוויסן האָפמאַן פאַר דערמאָרדן אַ יידישן פּעדלער, גייט אַ לענגערע ידיעה א. נ. „רעליגיאָן אונד ליעבע" וועגן אַ מעשה, וואָס האָט זיך געטראָפן אין דער דאַקאָטאַ-טעריטאָריע (שפּעטער זיינען צפון- און דרום-דאַקאָטאַ געוואָרן באַזונדערע שטאַטן) מיט אַ יונגן קאַטוילישן אַדוואָקאַט, וואָס האָט זיך בסוד מל געווען חתונה צו האָבן מיט אַ 16יאָריק יידיש מיידל. אָבער דאָס מיידל איז געשטאָרבן און איר ליבהאָבער איז קראַנק געוואָרן פון ערגערניש. אויפן טויטן-בעט האָט ער דער-ציילט זיינע קאַטוילישע טאַטע-מאַמע, אַז ער האָט זיך מגייר געווען, און געבעטן מען זאָל אים באַערדיקן אויפן יידישן בית-עולם לעבן קבר פון זיין כלה. די דאָזיקע

ידיעה פאַרנעמט אַ שפּאַלט און דריי-פערטל, און די נייס-אַפּטיילונג ווערט פאַרענדיקט מיט אַ מיטטיילונג פון ברידזשפאָרט, קאָנעטיקוט, אַז אַ ייד איז דורך אַ צופאַל געטויט געוואָרן, ווען אַ פעדלער, וואָס איז אַריינגעקומען צו אים אין שטוב, האָט גענומען באַטראַכטן אַן אָנגע-לאָדענעם רעוואָלווער, וואָס איז געלעגן אויפן טיש, און דער רעוואָלווער האָט פון זיך אַליין אויסגעשאָסן.

כמעט דער גאַנצער לעצטער שפּאַלט פון זייט 5 און איבער צוויי און אַ האַלב שפּאַלטן פון זייט 6 זיינען אויסגעפילט געוואָרן מיט אַ היסטאָרישער דערציילונג „דער זעקסטער פערלאַנגג“, ווי אַזוי אַן אָרימער יידישער פעלצ-הענדלער פון דאַנציג האָט געראַטעוועט פרידריך דעם גרויסנס לעבן און מיט וואָס דער מאָנאַרך האָט אים אָפּ-געצאָלט פאַר דער טובה. די דערציילונג איז אַרויסגע-נומען פון דער ענגליש-יידישער וואָכנשריפט „היברו סטאַנדאַרד“. דערנאָך קומט אַ ידיעה וועגן אַ קאָנפערענץ צו גרינדן אַן אַנשטאַלט אויפן נאָמען פון משה מאָנטע-פיאָרע צו זיין הונדערט-יאָריקן געבוירנטאָג, און דער לעצטער שפּאַלט ווערט אויסגעפילט פון דריי מודעות: וועגן טויט פון ר' אברהם לייב שו״ב פון שיקאַגאָ; וועגן דעם ש״ץ, שו״ב ומהל אברהם ראָזענטאַל פון ראָטשעס-טער, נ. י. אַז ביי אים ווערן „אָרדערס פיר מהלשאַפט צו אַללער צייט אַנגענאָממען“ און „שנעלע היילונגען גאַ-ראַנטירט“; און פון שאַפּנערס וויין-געשעפט. דער דאָ-זיקער אַנאָנס איז איין העלפט אויף ענגליש און די צווייטע אויף יידיש. די רעדאַקציע לאָזט אויך וויסן, אַז „דיא פאָרטזעצונג פאָן ילתא דיא טאָכטער רבי חפניא'ס גאון סוריא ווירד נעכסטע וואָכע ערשיינען“.

## „דיא יודישע פאָלקסצייטונג“

נאָך איידער ער האָט זיך גענומען צו צייטונגס-פאַר-לעגעריי, איז מ. טאָפּאָלאָווסקי געווען דער אייגנטימער פון דער גרעסטער און בעסטער יידישער דרוקעריי אין ניו-יאָרק. די דרוקעריי האָט זיך געפונען אין 121 קאַנאַל סטריט, און דאָרט האָבן זיך געדרוקט שרהזאָנס „יידישע גאַזעטן און י. מ. יהלמשטיינס „יזראַעליט“.

דער דרוקער טאָפּאָלאָווסקי האָט געקראָגן אַ פּאַסיקן מענטשן פאַרן רעדאַקטאָר-אַמט אין דער פּערזאָן פון ג. לאַנדוי, און אין זומער 1878 האָט די נייע וואָכנשריפט, „די גרעסטע אונד ביללינסטע יידישע צייטונג אין אַמע-ריקאַ“, אָנגעהויבן אַרויסצוגיין.

פאַרשטייט זיך, אַז די „גאַזעטן“ און די „פאָלקס-צייטונג“ האָבן צווישן זיך שטאַרק קאָנקורירט, און איין אַרויסגעבער האָט געזוכט איבערצושטייגן דעם צווייטן. די „פאָלקסצייטונג“ איז באמת געווען שיין אין טעכנישן זין, אָבער פאַר צוויי צייטונגען איז נאָך דערמאָלט קיין פּלאַץ ניט געווען אין ניו-יאָרק. טאָפּאָלאָווסקין איז דער ענין פון אַרויסגעבעריי ביסלעכווייז נמאס געוואָרן, און ער האָט געזוכט אַ פּאַסיקע געלעגנהייט ווי אַזוי פּטור צו ווערן פון זיין צייטונג אויף אַ שיינעם אופן. די געלעגנ-


ISRAELITISCHE PRESSE.

איזראעליטישע פרעססע.

N. B. Ettelsohn, Publisher.

Chicago, April 4, 1879

Volume III.

No. 14.

די ערשטע יידישע צייטונג אין שיקאַגאָ.
אַ נומער פון 1879

הייט איז געקומען אין מאַי 1880. און אָט ווי די זאַך איז צוגעגאַנגען:

„אין יענעם טאָג זיינען מיר ביידע, טאָפּאָלאָווסקי און איך — דערציילט שרהזאָן אין זיינע זכרונות — צוזאַמען געווען אַלס דעלעגאַטן אויף אַ קאָנווענשאָן פון אָרדער ברית אברהם. פּלוצים איז ער צו מיר צוגעקומען מיט אַ פריינטלעכן „גוד איווונינג מיסטער שרהזאָן“ און איז גלייך ווייטער אַרויס מיט די פאָלגנדע דייטלעכע ווערטער: „איך קען שוין לענגער ניט אויסהאַלטן, וואָס וועט זיין דער תכלית מיט קאָנקורירן איינער קעגן דעם אַנדערן. דאָס פעלד איז זייער באַשרענקט, און איך זע, אַז איך וועל ניט אויספירן . . . איך וועל אייך מיין „פאָלקס-צייטונג“ פאַרקויפן, די אותיות, די סובסקריפּשאָן ביכער, מיינע אויסשטייענדיקע חובות און אַלץ. איך ווייס דאָך, אַז איר האָט נישט קיין קעש געלט, קענט איר מאַכן די צאָלונגען אין קליינע ראַטעס“. עס האָט קיין 24 שעה ניט געדויערט, און די גאַנצע יידישע שריפט, מיט די ביכער, און אויך דער זעצער פון דער „פאָלקסצייטונג“ זיינען ביי אונדז אין שטוב געווען“.

אין די „יודישע גאַזעטן“ פון 28-טן מאַי, 1880 (6-טער יאָרגאַנג, נומ. 21), איז אָפּגעדרוקט אויף דער ערשטער

זייט די פאָלגנדיקע דערקלערונג פון מ. טאָפּאָלאָווסקי וועגן דער ליקווידאַציע פון דער „פאָלקסצייטונג“:

„פּאָם הערויסגעבער יודישן פאָלקס-צייטונג

נאָך ביינאהע צווייא יעהריגער הערויסגאַבע דער „יודישען פאָלקס-צייטונג“, האָבען וויר יעטצט בעשלאָססען, דיא ווייטערע הערויסגאַבע דער זעלבען אויפצוגעבען.

אַלס איך פאַר 2 יאָהרע דיא יודישע פאָלקס-צייטונג געגרינדעט האַבע, האטטע זיך איינע גראָססע צאָהל פאָן סובסקרייבער אָנגעשלאָססען און האָפּטע איך דיעזעס בלאָטט צו איינעם בעלעהרענדן אונד ניטצליכען צו מאַכען. צו דיעזעם צוועקק האַבע איך שטעטס בעשטרעבט פּער-בעססערונגען צו אָנצוברענגען. לײדער האָבען מיך דיעזע אַבאָנענטען אים שטיכע געלאַססען, דער גרעסטער טהייל האָט טראָטץ ביטטען אונד מאַהנען דאָס אַבאָנעמענטס געלד ניכט איינגעשיקט — פאָן דער ערשטער ביז דער לעצטער וואָכע האַבע איך שטעטס יעדע וואָכע שווערהע-רעס געלד צוגעזעצט, אונד גלויבטע פיעללייכט ווירד עס בעסער ווערדען. עס לאַג ניכט דיא שולד אַן דיא צאָהל דער סובסקרייבער זאָנדערן אַן דיא ניכט פינקטליכע צאָהלונגען. עס איז דאָס טרויעריגע דאָס פילע סובסקריי־בער בעטראַכטען דאָס אַבאָנעמענטסגעלד אַלס איינע נדבה דיא זיא דעם הערויסגעבער געבע, אונד פיעלע האלטען זיך זאָגאר ניכט פערפּפליכטעט זעלבסט דיא נדבה צו געבען. דערהאַלב מוסטע איך דיא צייטונג אויפגעבען.

„דען פריינדען דיא מיך וועהרענד דער צייט דורך פּראַמפּטע צאָהלונגען אונטערשטיצען, דריקקע איך היער-מיט מיינען הערציגסטען דאַנק אויס, זאָ וויא דאָס שמערצ-ליכע בעדויערן פאָן איהנען אבשיעד נעהמען צו מיססען. צור צופריעדענשטעלונג דער יעניגען סובסקרייבער אונד אַדוועטייזער, דיא אונז אים פאָראויס בעצאָהלט האַבען אונד דיא צייט איהרע סובסקריבציאָן אונד אַדוועטייזינג איזט ניכט אַבגעלויפען, האַבען פיר מיט מיסטער שרהזאָן דעם הערויסגעבער דער „יודישען גאַזעטטען“, אַן דעם וויר אונזערע יודישע פאָלקס-צייטונג וויא אויך וואַס דאַצו בעלאַנגט פירקויפט האַבען, ריקשפּראַכע גענאָמען, אונד אויסבעססערונגען, דאַסס ער זאָל אָן דיא פעהלענדע נומ-מערן דורך דיא זעלבע צאָהל בלעטטער דער יודישען גאַזעטטען פרייא אונד אונגעלטליך נאַכדרוקקען אונד צו-קאמען צולאַססען. וואָס מיסטער שרהזאָן האָט אויך איבערנעבען אונד שריפטליך זיך פערפּפליכטעט צו טהון. דאַגעגען האַבען וויר אונזערער זייטס אַן מיסטער שרהזאָן אַללע אונזערע אויסשטעהענדע פאָדערונגען און סוב-סקריבשאָן געלדער אונד מודעות איבערגעגעבען. אונד מיסטער שרהזאָן איזט היערמיט ערמעכטיגט אַללע אונ-זערע ריקשטענדיגע סובסקריבשאָנס געלדער פיר דיא פאָלקס צייטונג וויא פיר מודעות אָדער אַדוועטייזמענטס צו קאָלעקטען איינצוקאַסירען אונד דאַפיר צו קוויטירען.

איך ביטטע דאַהער אַללע געעהרטע אַבאָנענטען פאָן סיטי אונד קאָנטרע וועלכע זינד מיר נאָך ריקשטענדיג, דאָס זיא אַללע דיא מיר צוקאָמענדע סובסקריבשאָן געל-[?] געלדער צו זענדען אַן מיסטער שרהזאָן, 21 אַללען סט.

מ. טאָפּאָלאָווסקי, הערויסגעבער דער פאָלקס-צייטונג.

ניו יאָרק, מאַי דען 18טען, 1880“.

REV. K. H. SARASOHN

21 Allen Street New York

*I hereby for value received sell and transfer to K. H. SARASOHN, all the debts due to me from subscribers or advertisers in or to the "Judische Volks Zeitung" newspaper and authorize him to collect all moneys therefore.*

*New York, May 24th,* 1880. M. Topolowsky.

City and County of New York, on this 24th day of May, 1880, before me personally came Moses Topolowsky, known to me to be the person described in and who executed the foregoing paper and acknowledged to me that he executed the same.

CHARLES H. SMITH
Notary Public,
*New York County.*

פון אַ רעפּראָדוקציע פון דער ערשטער זייט פון נומער 13 „יודישע פאָלקסצייטונג“, דאַטירט ניו יאָרק, פרייטאָג. ז. תשרי, תרל״ט, איז צו זען, אַז פאַר די אַבאָ-נענטן איז געווען דער „פּרייז אין ניו-יאָרק: 3 מאָנאַט 40 סענט, 6 מאָנאַט 80 ס. יעהרליך $1.50. פּרייז פיר קאָנטרע (פּראָווינץ): 3 מאָנאַט 50 ס., 6 מאָנאַט $1.00 יעהרליך $1.75“.

אַזוי ווי אויפן נומער איז ניט אָנגעגעבן דער פּרייז פון אַן איינצלנעם עקזעמפּלאַר, מעג מען אפשר אָננעמען, אַז אויך די לאָקאַלע לעזער פלעגן זיך אַבאָנירן אויף דער דאָזיקער וואָכנשריפט, וואָס איז זיי געבראַכט געוואָרן אהיים דורך ספּעציעלע צייטונגס-טרעגער און מסתמא אויך דורך דער פּאָסט.

נאָכדעם ווי די לעזער ווערן געבעטן אַריינצושיקן די „פּערנומעראַציאָנס-געלדער פיר דאָס לעצטע קוואַרטאַל“, ווערט געגעבן דער פאָלגנדיקער „אינהאַלט“ פון נומער: „פּאָליטישע ניים. פּאָליטישע איבערזיכט. יודיש נייעס. אויסלענדיש נייעס: שענע צושטענדע. דער קאַיזער, דיא צייטונגען אונד דיא ניהיליסטען. ראַכע דער ניהיליסטען. איין ווייבליכער רויבערהויפּטמאַן. סולײמאַן פּאַשאַ אונד דאָס קריעגסגעריכט. איין אַזיאַטישער פירסט אונד זיין זאָהן. איין וואָרט פיר דיא עפּפענטלעכקייט. דער יודישער פעדלער (אָריגינאַל ראָמאַן), אָנצייגען“.

פון דעם אינהאַלטס-פאַרצייכעניש קאָן מען זען, אַז ווערליג דעם צושטאַנד פון יידישן זשורנאַליזם אין אַמע-ריקע אין יענער צייט איז די „פאָלקסצייטונג“ באמת גע-ווען אַ גוט-צונויפגעשטעלטע וואָכנשריפט מיט אינטערע-סאַנטע „פּיטשורים“ אָפּגעבנדיק דערביי אַ סך פּלאַץ דעם אַלגעמיינעם פּאָליטישן און יידישן לעבן ניט בלויז אין אַמעריקע, נאָר אויך אויף יענער זייט ים.

יעדע זייט איז באַשטאַנען פון דריי עמודים. מיר ברענגען דאָ אַן אויסצוג פון די „פּאָליטישע נייעס“, וועל-

כע פאַרנעמען אַ שפּאַלט און אַ פערטל פון דער ערשטער זייט, כדי צו שאַפן זיך אַ באַגריף וועגן וואָס און ווי אַזוי מען האָט געשריבן אין דער „יודישער פאָלקס-צייטונג".

## פּאָליטעשע נייעס

„דיא עסטרייכער האָבן די פעסטונג דוואָרניק אין באָסניען באַזעצט, דאדורך האָבן די אינסורגענטען זעהר פיעל פערלאָרען, אונד איזט האָפפונג פערהאנדען דאָסס דער קריג אין באָסניען באַלד צו ענדע זיין ווירד. ביי וויעגראָד, אין באָסניען, האָבען דיא עסטרייכער איינען זעהר גראָססען זיעג ערפאכטען. דיא אינסורגענטען פליעהען נאָך סערביען. דער עסטרייכישער אָבער גענע-ראַל פיליפאָוויטש האָט געשריעבען, דאָסס ער ענדרע אָק-טאָבער פיעל מיליטער נאָך הויזע צוריק שיקען ווירד. מאן קאָן אָבער נאָך ניכט וויססען וויא דיא זאַכען אויס-זעהען ווירדען, ווען דאָס שלעכטע וועטטער קאָממען ווירד.

„דיא עסטרייכער האָבן די לעצטע פעסטונג וועלכע דיא אינסורגענטען נאָך אין דער הערצאָגווינא געהאבט האבען נאמענס קלאבוק עראָבערט. עסטרייך ווירד גלייך דיא פעסטונג ( . . . ) *) לאססען ( . . . ) זעטצען זאָלל.

„גריכישע צייטונגען טהיילען דיא נאַכריכט מיט, דאָסס דיא אינסורגענטען אין טעססאליען 8 הונדערט מאן טיר-קישעס מיליטער ביי דער שטאָדט אפרידאַ געשלאָגן האָבען. רוססלאַנד פערלאַנגט דאסס איהם דיא טירקייא 310 אונד איינע האַלבע מיליאָן פראַנקס (77 מיליאָנען דאָללאר) קריעגעס קאָסטען צאָהלען זאָלל. אין דעם בערלינער פער-טראג איזט נעמלעך איבער דיא קריעגסקאָסטען גאָר ניכטס אָבגעמאַכט וואָרדען.

„דיא ניהיליסטישע פאַרטהיי ווירד אין רוססלאַנד מיט יעדעם מאלע שטארקער. עס הייססט, דאסס זיא איינע צייטונג הערויסגעבן ווירד, דיא אין פרייסען נאהע ביי דער רוססישן גרענצע ערשיינען ווירד. דיא רוססישע פּאָ-ליציי האָט פאָן דער רעגיערונג דען בעפעהל בעקאָממען אין אללע פאַבריקען ( . . . ) *) צו האַלטען. אונד אַללע אַרבייטער דיא אין פערדאַכט שטעהען צו דען ניהיליסטען צו געהערען, צו אַררעסטירען.

„דיא רומענישע קאממער (קאָנגרעס) איזט ערעפנעט וואָרדען.

„עס איזט מיט בעשטיממטהייט צו ערוואַרטען, דאסס דער קריעג צווישען ענגלאַנד אונד אפגאניסטאן אין אַזיען באַלד אויסברעכן ווירד. ענגלאנד ציעהט זיין גאַנצעס אינ-דישעס מיליטער פאן פלימוטה אין ענגלאַנד דאָרטהין גע-שיקט. אַללעס איזט שאָן פארבערייטעט, אונד זיא וואַרטען נור נאָך איינען בעפעהל אָב, אום אין אפגאניסטאן איינ-צומאַרשיערען. דער פירסט פאָן אפגאַניסטאן, שור אַלי, האָט איינען בריף פון סולטאן נאָך קאָנסטאנטינאָפּאָל געשריבען, אין וועלכען ער איהנען דען ראטה גיבט דיא מאַכמעדאַנער זאָללען זיך מיט רוססלאַנד פעראייניגען.

אונד ער האָט אויך געשריעבען, דאסס ער איינער פערטראג מיט רוססלאנד אָבשליעסען ווירד. עס איזט קיין צווייפעל מעהר, דאסס רוססלאנד דען פירסטען געגען ענגלאנד אויפגעהעצט האָט".

פאַרגלייכט מען די שפּראַך פון דער „יידישער פאָלקס-צייטונג" מיט דער שפּראַך פון די „יידישע גאַזעטען", זעט מען טאַקע, אַז די ערשטע איז געשריבן געוואָרן אין אַ פיל לייכטערן סטיל, און ס'איז דערפאַר קיין וואונדער ניט, וואָס שרהזאָן האָט געהאַלטן טאָפּאָלאָווסקין פאַר זיין געפערלעכסטן קאָנקורענט. דער אַרויסגעבער פון די „גאַ-זעטען" האָט דערפאַר געהאַט גענוג אורזאַכן צו זיין צו-פרידן, ווען טאָפּאָלאָווסקי האָט אים זיין „פאָלקסצייטונג" פאַרקויפט.

ווער ג. לאַנדוי, רעדאַקטאָר פון דער „פאָלקס-צייטונג", איז געווען, איז אונדז דערווייל ניט געלונגען צו דערגיין. צו זיין שבח זאָל געזאָגט ווערן, אַז לויט דעם צונויפשטעל פון דער „פאָלקסצייטונג" און לויט דעם ריינעם סטיל, אין וועלכן זי איז געשריבן געוואָרן (ד. ה. אין אַ לייכטערן דייטשמעריש), איז ער בלי ספק געווען דער בעסטער יידישער רעדאַקטאָר אין יענע יאָרן.

## „די טעגליכע גאַזעטען"

אַ היפּש ביסל שטערונגען און קאָנקורענטן האָט דער ענערגישער כתריאל שרהזאָן געדאַרפט בייקומען פון 1874 ביז 1880, אַז זיינע „יידישע גאַזעטען" זאָלן שטיין אויף אַ פעסטן פונדאַמענט. אין 1880 האָט ער שוין געהאַט אָפּגעדונגען אין 21 עלען סטריט אַ קליינע דרוקעריי, וואָס האָט געהערט צו אַ דייטש. די „גאַזעטן", וועלכע פלעגן ביז דעמאָלט אין געוויסע וואָכן אינגאַנצן ניט אַרויסגיין, האָבן אָנגעהויבן צו דערשיינען רעגלמעסיג.

דער באַלעבאָס פון דער דרוקעריי האָט אָבער פלוצים באַשלאָסן זיך אינגאַנצן אַרויסצוציען פון ניו-יאָרק, און ער האָט איינגערעדט שרהזאָנען, ער זאָל די דרוקעריי ביי אים אָפּקויפן. שרהזאָן האָט דעם דייטש אַוועקגעגעבן זיין גאַנץ פאַרמעגן, אָבער עטלעכע טעג נאָך דעם איז געקומען דער מאַרשאַל איינמאָנען אַ „מאָרטגעדזש". שרהזאָן האָט ניט געהאַט מיט וואָס צו באַצאָלן, און מען האָט די דרו-קעריי ליציטירט, און שרהזאָנען אַליין איז געלונגען צוריק אָפּצוקויפן די דרוקעריי מיט דעם ביסל געלט, וואָס ער האָט אין לעצטן מאָמענט באַקומען אויסגעבאָרגט, און אין זיין אַרויסגעבערישער טעטיקייט האָט זיך אָנגעהויבן אַ נאָרמאַלע צייט. אין מאַי 1881 האָבן די „גאַזעטן" און די דרוקעריי צוזאַמען מיט דעם אַרויסגעבערס גאַנצער משפּחה זיך אַריבערגעצויגן אין 5 איסט בראָדוויי. אונטן איז געווען אַ מעבל-געשעפט; דעם ערשטן שטאָק האָבן פאַרנומען די „גאַזעטן" און די שרהזאָן משפּחה, און אויפן צווייטן שטאָק האָט זיך געפונען די כּוואַלקער שול.

## פּאָגראָמען און אימיגראַציע

שרהזאָן האָט שוין געוואוסט פון פריערדיקע דערפאַ-רונגען, אַז מלחמות און נאַציאָנאַלע צרות האָבן געשאַפן

---

*) ניט לעזבאַר אויף דער רעפּראָדוקציע.

מעגלעכקייטן פאַר דער גרינדונג, דערשיינונג און אויסברייטערונג פון יידישע צייטונגען. ווען עס האָבן זיך אָנגעהויבן די מוראדיקע פּאָגראָמען אין רוסלאַנד אָנהייב די 80-ער יאָרן, האָבן גענומען שטראָמען קיין אַמעריקע מאַסן יידן פון צאַרן-לאַנד. יענע מזרח-יידן, וועלכע זיינען שוין געווען פון פריער אין אַמעריקע, באַזונדערס אין ניו-יאָרק און אין די אַנדערע גרעסערע נאָנטע און ווייטע שטעט, האָבן געדורשט נאָך נייס פון יידישן לעבן אין אייראָפּע.

שרהזאָן האָט איינגעזען, אַז דאָס איז אַ שעת-הכושר אַרויסצוגעבן אַ יידישע צייטונג יעדן טאָג.

דעם 18-טן יוני, 1881, איז אין ניו-יאָרק דערשינען דער ערשטער נומער פון די „טעגלעכע גאַזעטן" — די ערשטע יידישע טעגלעכע צייטונג אין אַמעריקע, און אויף דער גאַנצער וועלט.

פון די „טעגלעכע גאַזעטן" פון יענער צייט איז בלויז פאַרבליבן אַ רעפּראָדוקציע פון דער ערשטער זייט פון צווייטן נומער. דערשינען דעם 19-טן יוני, 1881. דריי און אַ פערטל שפּאַלטן זיינען פאַרנומען מיט אַ באַריכט פון דער „חברה כל ישראל חברים" (אַליאַנס איזראַעליט) וועגן דער לאַגע אין די פּאָגראָם-צענטרען, און דאָס איבעריקע פון פערטן שפּאַלט איז אויסגעפילט מיט קורצע, פּאָר שורהדיקע נייס פון בולגאַריע, ענגלאַנד, דייטשלאַנד, פראַנקרייך און זיד-אַמעריקע.

אין ניו-יאָרקער יידישן קוואַרטאַל זיינען דעמאָלט נאָך ניט געווען קיין יידישע צייטונגס-קיאָסקן. האָט מען די „גאַזעטן" פאַרטיילט צווישן די שפּייז-קראָמען („גראָסערים"), און ווען די באַלעבאָסטעס זיינען געקומען איינקויפן, האָבן זיי אין איין וועג שוין אויך איינגעהאַנדלט די „גאַזעטן". דער יידישער לעזער פון יענער צייט איז אָבער געוואוינט געווען צו קויפן אַ צייטונג בלויז ערב שבת, זיינען דערפאַר דאָס רוב נומערן פון די „טעגליכע גאַזעטן" געבליבן ניט פאַרקויפט.

נאָך צוויי חדשים דערשיינען טעגלעך (אייגנטלעך פינף מאָל אין וואָך), אויסער שבת און זונטיק זיינען די „גאַזעטן" צוריק פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ וועכנטלעכער אויסגאַבע.

## די באַנייטע „טעגלעכע גאַזעטן"

כאָטש זיין פּרואוו אין 1881 אַרויסצוגעבן אין ניו-יאָרק אַ יידישע טעגלעכע צייטונג איז ניט געלונגען, האָט שרהזאָן נאָך אַלץ געוואַרט אויף אַ געלעגנהייט ווידער צו גרינדן אַ טאָגבלאַט.

אין יאָר 1883, ווען די יידישע באַפעלקערונג אין אַמעריקע איז שטאַרק פאַרגרעסערט געוואָרן מיטן צופלוס פון נייע איינוואַנדערער פון די יידיש-רעדנדיקע צענטרען, האָט שרהזאָן ווידער אַרויסגעגעבן די „טעגליכע גאַזעטן". די רעדאַקציע האָט דעמאָלט זיך שוין געפונען אין 44 איסט בראָדוויי, און פאַרנומען דעם גאַנצן צווייטן שטאָק פון דער דאַזיקער געביידע. שרהזאָן האָט ניט געצווייפלט, אַז דאָס מאָל וועלן די „טעגלעכע גאַזעטן" געפינען אַן אָפּגאַנג ביים יידישן עולם, צווישן וועלכן עס זיינען אויך געווען אַ סך ערשט אַריבערגעקומענע משכילים. האָט ער דערפאַר זיך צוגעגרייט מיט אַ נייער צילינדער פּרעס-מאַשין, וואָס האָט אים געקאָסט 12 הונדערט דאָלער — ניט קיין קליינע מטבע פאַר אַ יידישן צייטונג-אַרויסגעבער אין יענע יאָרן.

דער ערשטער נומער פון די נייע „טעגלעכע גאַזעטן" איז דערשינען דעם 6-טן אַפּריל, 1883, און האָט געקאָסט 2 סענט אַן עקזעמפּלאַר. ווי מען קאָן זען פון אַ פאָטאָגראַפיע פון דער ערשטער זייט (און דאָס איז אַלץ, וואָס איז פון אים פאַרבליבן פאַר די קומענדיקע דורות), הייבט זיך אָן דער ערשטער נומער מיט אַ לענגערן לייט-אַרטיקל און אַנטהאַלט אויך צוויי און אַ האַלב שפּאַלטן אַלגעמיינע נייס פון ענגלאַנד, רוסלאַנד, דייטשלאַנד און בעלגיע. די דאַזיקע זייט ווערט פאַרענדיקט מיט אַן אַנאָנס, אַ האַלבן שפּאַלט די גרויס, וועגן אַ יידיש טעקסטבוך זיך צו לערנען ענגליש.

דאָס לייט אַרטיקל אין ערשטן נומער פון די באַנייטע „טעגלעכע גאַזעטן" ברענגען מיר דאָ ווייטער אין דער אָריגינעלער אָרטאָגראַפיע. דאָס דאַזיקע לייט-אַרטיקל איז ניט בלויז אַ מוסטער פון יידישן זשורנאַליזם אין אַמעריקע מיט איבער 62 יאָר צוריק, נאָר עס ווייזט אונדז אויך ווי אַזוי אַ יידישער רעדאַקטאָר אין די פאַראייניקטע שטאַטן האָט דעמאָלט געקוקט אויף דער יידישער און העברייאישער פּרעסע און ליטעראַטור אין אייראָפּע.

דאָס לייט-אַרטיקל לייענט זיך:

„דיא צאָהל דער יהודים האָט זיך אין דען לעצטען פּאָר יאָהרען אין אמעריקע בעדייטענד פערגרעססערט, דורך די שטאַרקע אויסוואַנדערונג אויס רוסלאַנד, עסטרייך אונד רומעניען וועלכער האָט אין דער לעצטען צייט אַלס פאָלגע דער יודענפערפאָלגונגען אויס דען גענאַנטען לענדערן בידייטענד צוגענאָמען. דיא מעהרסטע דיעזען נייען איינוואַנדערער זינד אים שטאַנדע קיינע אַנדערע שפּראַכע אַלס דיא יידיש-דייטשע, אונד דאָס נור אין דער יודישער שריפט צו לעזען אונד צו פערשטעהן. דיעזע לייטע וואַרען אָבער שאָן אין רוסלאנד אונד אין עסטרייך אונד אין רומעניען געוואָהנט צייטונגען, ענטוועדער צייטונגען אום יודישען שארגאָן אָדער זאָגאר אין לשון קודש צו לעזען. ווייל דאָרט בעשטעהען בערייטס זייט מעהרערען יאָהרען פערשיעדענע צייטונגען וועלכע ערשיינען ענטוועדער אים יודישען שאַרגאָן, ווי צום ביישפּיעל „דאָס פאָלקסבלאַט", „דער ישראלי", דער „קול מבשר", „וויענער איזראַעליט", „די פּעסטער יודישע צייטונג", דער בוקארעסטער „היועץ" אונד דערגלייכען, אָדער אין לשון קודש וויא דער „המגיד", „הצפירה", „הכרמל", „העברי", אונד בעזאָנדערס דער אין פּעטערסבורג יעצט צווייםאָל וועכענטליך ערשיינענדע „המליץ", אונד אויסער דעם ערשיינען דאָרט אין יעדעם יאָהר הונדערטע קליינע געשיכטען אונד אַנדערע ביכער אונד ספרים אין דען צוויי גענאַנטען שפּראַכען, וועלכע ווערדען פאָן הונדערט טויזענדע יהודים פלייסיג געלעזען. אונד דיא מערסטע רוסישע יודישע איינוואַנדערער זינד אויך פלייסיגע לעזער, וויא וויר האָבען אונז גענוגענד איבערצייגט פאָן דען פיעלען בריעפען אונד צושריפטען, וועלכע וויר האָבען אין דער

לעטצטען צייט פאָן איהנען ערהאַלטען מיט דעם וואונש דאס די הערויסגעבער דער גאַזעטען, דיא ביז יעטצט נור איינמאָל אין דער וואָכע ערשיינען, זאָללען אנשטאַטט דעם איינע טעגליכע צייטונג הערויסגעבען, אונד דיא יעניגע לעזער, וועלכע פערשטעהען אויך אַנדרע שפּראַכען אונד ציהען עס פאר אונזערע „גאַזעטען" ליבער אַלס אַנדרע צייטונג צו לעזן, האָבען זיך מיט רעכט בעקלאָגט, דאָס עס גיבט נאָך ניכט איין יידישעס טאַגעבלאַטט, אונד בייא דער יעצטיגען צייט אַלס אַללע טעגליכע צייטונגען ברינגען דיא עראייגניססע אונד נייאיגקייטען פאָן דער גאנצער וועלט אין דעמזעלבען טאָג און אין וועלכעס דיא עראייגניסטע זינד געשעהן, ערפאַהרען עס דיא לעזער דער „גאַזעטען" מאַנכעסמאָל ערשט אַכט טאַגע שפּעטער, אַלס דיא לעזער אַנדערע צייטונגען, אונד דיא נייאיגקייטען זינד קיינע נייאיגקייטען מעהר, דארום האָבען וויר בעשלאָסען טעגליך דיא „גאַזעטען" מיט אויסנאהמע פאָן שבת וי"ט הערויסצוגעבען. דאַדורך ווערדען וויר אים שטאַנדע זיין אונזערע לעזער דיא נייאיגקייטען פאָן יעדעס טאָג גלייך דען זעלבען טאָג נאָכמיטאג מיטצוטהיילען, אָבוואָהל דיעזעס אונטערנעהמען איזט, וויא יעדער קאָן זעלבסט פערשטעהן, מיט פיעלער אַרבייט אונד מיט גראָסען קאָסטען פערבונדען, טהוען וויר עס דאָך גערן אונד מיט פערגניגען, אום די גראָסע צאָהל לעזער וועלכע האָבען אונז דארום ערזוכט, צופריעדען צו שטעללען. וויר האָפּפען דאָס אַללע סובסקרייבערס, וועלכע האָבען אונזער וואָכענבלאט געהאַלטען, ווערדען אויף דאָס טאַגעבלאט אום זאָ ברייטוויללינגער אַבאָנירען."

אונטערן לייט-אַרטיקל גייט די מודעה, אַז די „טעגליכע גאַזעטן" וועלן געשיקט איבערן גאַנצן לאַנד פאַר פינף דאָלער א יאָר, $2.75 פאר א האלב יאָר און $1.50 פאַר דריי חדשים. אַן עקזעמפּלאַר קאָסט צוויי סענט. די רעדאַקציע לאָזט אויך וויסן, אַז די וועכנטלעכע „גאַזעטן" וועלן ווייטער דערשיינען יעדן פרייטיק, ווי פריער, אין אַכט זייטן, אבער מיט מער לייען-מאַטעריאַל.

די באַנייטע „טעגליכע גאַזעטן" זיינען דערשינען דריי חדשים כסדר, און פון יולי אָן צוריק וועכנטלעך, ווייל אַ יידיש טאָגבלאַט אין אַמעריקע האָט זיך דעמאָלט נאָך אַלץ ניט געקאָנט אויסהאַלטן.

אַ טעגלעכע יידישע צייטונג האָט טאַקע דעמאָלט נאָך ניט געקאָנט עקזיסטירן, אָבער אַ סך יידישע לעזער האָבן זיך שוין ניט געקאָנט באַנוגענען מיט אַ צייטונג בלויז איין מאָל אַ וואָך. צופרידנצושטעלן די דאָזיקע געטרייערע לעזער האָט שרהזאָן אויף אַ שטיק צייט אַרויסגעגעבן יעדן דינסטיק די „יודישע פאָלקס צייטונג" (זע פריער), וואָס ער האָט אין 1880 אָפּגעקויפט ביי מ. טאָפּאָלאָווסקין און זי געהאַט אָפּגעשטעלט.

צי שרהזאָן האָט אַרויסגעגעבן די אָפּגעקויפטע „יודישע פאָלקס-צייטונג" אויך בעת ער האָט אַרויסגעגעבן די ערשטע „טעגליכע גאַזעטן" נאָך זייער פאַרוואַנדלט ווערן צוריק אין אַ וואָכנבלאַט, איז ניט באַקאַנט. אין 1887, ווען עס האָט אָנגעהויבן אַרויסגיין דאָס „אידישעס וואָכענבלאַט" איז עס געווען אַ מין המשך פון דער „פאָלקס-צייטונג." *)

## „יידישעס טאַגעבלאַט"

צווישן דעם ערשטן פּרואוו שרהזאָנס און דעם צווייטן אַרויסצוגעבן אַ טעגלעכע צייטונג האָט געדויערט בערך 2 יאָר, און צו מאַכן דעם דריטן פּרואוו האָט ער אויך אָפּגעוואַרט אַזוי לאַנג, אָבער דאָס מאָל איז אים שוין די אונטערנעמונג געלונגען.

די „גאַזעטן" זיינען פאַרבליבן אַ וועכנטלעכע אויסגאַבע ווי פריער. אין יאַנואַר 1885 האָט שרהזאָן אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן זיין „יידישעס טאַגעבלאַט", וואָס איז דערשינען אָן איבעררייס 45 יאָר, ביז די צייטונג איז דעם 30-טן אַפּריל, 1928, איינגעשלונגען געוואָרן פון „מאָרגן זשורנאַל", און די וועכנטלעכע יידישע „גאַזעטן" זיינען דעמאָלט פאַראייניקט געוואָרן מיטן „אַמעריקאַנער פרויען מאַגאַזין" נאָך אַן עקזיסטענץ פון 56 יאָר.

פון די ערשטע נומערן „יידישעס טאַגעבלאַט" זיינען פאַרבליבן אויסצוגן, וואָס זיינען איבערגעדרוקט געוואָרן אין דעם נומער צום 25-יאָריקן יובילײ פון דער צייטונג — דעם 20-טן מערץ, 1910. עס איז אויך פאַראַן אַ רעפּראָדוקציע פון דער ערשטער זייט פון אַן אַלטן נומער „טאַגעבלאַט", דאַטירט דעם 20-טן מערץ, 1888, ד. ה. איבער דריי יאָר נאָך דער גרינדונג פון דער צייטונג. די ערשטע צוויי שפּאַלטן פון דער דאָזיקער זייט זיינען אויסגעפילט מיט „קאַבעל-דעפּעשן אויס אַללען וועלטטהיילען", די איבעריקע צוויי מיט „אינלענדישעס" און „יידישעס".

פאַר אַ מוסטער ווי אַזוי מען האָט אין דעם ערשטן יאָרגאַנג „טאַגעבלאַט", טאַקע אין די ערשטע טעג פון דערשיינען, איבערגעגעבן יידישע נייס און נייס בכלל, דרוקן מיר דאָ איבער אַן אויסצוג פון נומער, וואָס איז אַרויס דעם 30-טן יאַנואַר 1885, ד. ה. מיט זעכציק יאָר צוריק. דער אויסצוג לייענט זיך אַזוי:

„עס ווירד אויס קיעוו (רוסלאַנד) געמעלדעט, דאָס אַן דעם טאַגע אַלס סיר מאָזעס מאָנטעפיאָרע זיין הונדערט יעהריגעס יובילעאום פייערטע, ווירדע דאָרט איינע דענקמינצע געפּרעגט. אויף דער אייער זייטע איזט דאָס בילד פאָן מאָנטעפיאָרע. דיא מינצע איזט אין דער געשטאַלט איינעס מגן דוד, אויף די שפּיטצען איזט דיא יאָהרעסצאָהל תקמ"ח אונד אויף דער ענטגעגענגעזעצטער זייטע תרמ"ח, אין דער מיטע דאָס וואָרט ירושלים, אונד הערום אם אשכחך ירושלים תשכח ימיני איינגראַווירט. דיא מינצען זינד אויס בראָנז אונד קאָסטעס 50 קאָפּ, פערגאָלדעט 2 רובל אונד אויס גאָלד 15 רובל. דאָס פיר דיעזען מינצען געלעזטע געלד ווירד אין איינער העלפטע צור אונטערשטיצונג דער קאָלאָניסטען פאָן ארץ ישראל אונד דיא צווייטע העלפטע פיר ישוב א"י איינגעזענדעט".

אין 1881, ווען שרהזאָן האָט געמאַכט דעם ערשטן פּרואוו אַרויסצוגעבן אַ יידישע טעגלעכע צייטונג, האָט

---

*) א. ר. מלאכי: „יידישעס וואָכענבלאַט", „פּרעסע־זאַמלבוך", רעד. פון דר. יעקב שאַצקי; יידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט, ניו־יאָרק, 1937, זז. 175־196.

מען יעדן טאָג אויסגעטיילט די נומערן צווישן די שפּייזקראָמען, וואו די באַלעבאָסטעס האָבן איינגעהאַנדלט דאָס „בלאַט“ ביים קויפן מילכיקס און געבעקס. דאָס רוב עקזעמפּלאַרן זיינען געבליבן ליגן, ווייל דער יידישער עולם איז נאָך ניט געווען צוגעוואוינט צו אַ טעגלעכער צייטונג, נאָר צו אַ וואָכנבלאַט, וואָס מען האָט געקויפט ערב שבת; אָבער אין 1885, ווען שרהזאָן האָט גענומען אַרויסגעבן דאָס „יידישע טאַגעבלאַט“, איז שוין זיין זון יחזקאל געווען אַ דערוואַקסענער בחור, און ער האָט אויף זיך גענומען צו אָרגאַניזירן דעם פאַרקויף פון דער צייטונג אויף אַ „מאָדערנערן“ אופן, ד.ה. דורך צייטונגס-יינגלעך. עס זיינען שוין דעמאָלט געווען אַ סך יידישע יינגלעך, וואָס האָבן אין דער פרייער צייט זיך פאַרנומען מיט פאַרקויפן צייטונגען. זיי זיינען אָבער געווען געוואוינט אויסצורופן און פאַרקויפן בלויז ענגלישע צייטונגען, אָדער אַרומטראָגן זיך מיט אַ יידישער צייטונג און הויך אויסשרייען איר נאָמען האָבן זיי זיך געשעמט. יחזקאל שרהזאָן האָט דערפאַר געדונגען ניט-יידישע „ניוס-באָיס“ צו פאַרקויפן דאָס „טאַגעבלאַט“.

וואָס איז שייך יידישע נייס, האָט דאָס „טאַגעבלאַט“ זיי הויפּטזעכלעך געשעפּט פון לאָנדאָנער ענגלישן „דזשואיש קראָניקל“, פון די העברייאישע צייטשריפטן אין מזרח-אייראָפּע און פון מאַינצער „ישראלי“.

אַמעריקאַנער און אַלגעמיינע נייס האָט מען איבערגעזעצט אַביסל פון די ענגלישע צייטונגען, אָבער אַזוי ווי מערסטע יידישע זשורנאַליסטן פון יענער צייט זיינען געווען „גרינהאָרנס“ און האָבן ניט געקענט ענגליש ווי געהעריק, האָט מען דאָס רוב אַלגעמיינע נייס איבערגעזעצט פון דער „שטאַטס-צייטונג“ און פון „העראָלד“, די צוויי דייטשישע טאָג-בלעטער, וואָס זיינען דעמאָלט דערשינען אין ניו-יאָרק.

אין יענע ווייטע טעג, ווען די „טעגליכע גאַזעטן“ און דאָס „יידישע טאַגעבלאַט“ זיינען געגרינדעט געוואָרן, און אויך יאָרן שפּעטער, איז געווען איינגעפירט אין די יידישע רעדאַקציעס, אַז יעדער שרייבער האָט געדאַרפט קויפן מיטן אייגענעם געלט די דייטשישע אָדער ענגלישע צייטונג, פון וועלכער ער האָט איבערגעזעצט. די פאַרדינסטן פון אַ יידישן זשורנאַליסט זיינען אָבער דעמאָלט געווען זייער קליינע, האָט יעדער שרייבער געזען, ווי ווייט מעגלעך איינצושפּאָרן זיך געלט, און פון איין-און-דעמזעלביקן עקזעמפּלאַר „העראָלד“ און „שטאַטס-צייטונג“ איבערגעזעצט וואָכן נאָכאַנאַנד. אי וואָס די נייס זיינען שוין געוואָרן אַלט-געבאַקן, דאָס איז ניט געווען קיין אָפּהאַלט.

דאָס „טאַגעבלאַט“ האָט זיך ביסלעכווייז איינגעפונדעוועט, און שפּעטער זיינען די „גאַזעטן“ געוואָרן אַ וועכנטלעכער איבערדרוק פון אַלץ, וואָס האָט זיך פריער געדרוקט פון זונטיק ביז פרייטיק, אינם „טאַגעבלאַט“. בעת דאָס „טאַגעבלאַט“ איז פאַרשפּרייט געוואָרן, באַזונדערס אין די שטאַטן אַרום ניו-יאָרק, זיינען די וועכנטלעכע „גאַזעטן“, דאָס הייסט, דער איבערדרוק פון „טאַגעבלאַט“, געלייענט געוואָרן אין אַלע טיילן פון לאַנד, וואו יידיש-לייענדיקע יידן האָבן געוואוינט. און אַ היפּש ביסל עקזעמפּלאַרן פון די „גאַזעטן“ זיינען זיך צעגאַנגען אי אין דער ווייטער זיד-אַמעריקע, אי אין דער נאָך ווייטערער זיד-אַפריקע.

יהלמשטיין, רעדאַקטאָר פון „טאַגעבלאַט“, האָט אין דער צייטונג אויך איינגעפירט אי אַ העברעאישע אָפּטיילונג, אי אַן ענגלישע, און אַזוי אַרום געשאַפן „שולע“ אין דער געשיכטע פון אַמעריקאַנער יידישן זשורנאַליזם ווייל זינט דעמאָלט האָבן שוין כמעט אַלע אַנדערע יידישע טעגלעכע צייטונגען דאָ אין לאַנד פּרובירט פאַרגרעסערן זייער צירקולאַציע דורך דרוקן העברעאישע אַרטיקלען און דורך ענגלישע אָפּטיילונגען („דעפּאַרטמענטס“) פאַר די קינדער פון זייערע לעזער. אויפן גורל פון פּרץ וויערניק, דעם שפּעטערדיקן שעף-רעדאַקטאָר פון ניו יאָרקער „מאָרגען-זשורנאַל“, איז אויסגעפאַלן צו זיין איינער פון די מיטאַרבעטער, און שפּעטער רעדאַקטאָר פון דעם „ענגלישן דעפּאַרטמענט“ (ענגלישע אָפּטיילונג) פון „טאַגעבלאַט“.

## „די נייע צייט“ — ערשטע רעוואָלוציאָנערע יידישע צייטשריפט אין אַמעריקע

צוויי יונגע יידישע רעוואָלוציאָנערע אינטעליגענטן, אב. קאַהאַן פון ווילנע און טש. שאַמראַיעווסקי פון קרעמענטשוג, האָבן געטרוימט וועגן אַ יידישער אַרבעטער-צייטונג. קאַהאַן האָט שוין געהאַט הינטער זיך אַ שטיקל זשורנאַליסטישע פאַרגאַנגענהייט ווי אַ קאָרעספּאָנדענט פון „רוסקי יעוורעי“ און „וויעסטניק יעווראָפּי“, וועלכע זיינען דערשינען אין פּעטערבורג. שאַמראַיעווסקי איז געווען אַ פאַרדינער פון זיין אַרבעט אין אַ זייף-פאַבריק, און ער האָט מיט זיינע אָפּגעשפּאָרטע צען דאָלער פינאַנסירט די אונטערנעמונג. ערב שבועות, 1886, איז אַרויס דער ערשטער נומער פון וואָכנבלאַט „די נייע צייט“, — די ערשטע רעוואָלוציאָנערע יידישע צייטשריפט אין אַמעריקע.

אין פאַרגלייך מיט די קאַפּיטאַליסטישע יידישע צייטונגען, וואָס האָבן דעמאָלט דערשיינט אין ניו-יאָרק, איז „די נייע צייט“ געדרוקט געוואָרן אויף פּראָסט-יידיש, און ניט אין משכילשן דייטשמעריש, ווי ס'איז אין יענע טעג און אויך שפּעטער געווען די מאָדע. די צוויי שותּפים האָבן ניט געהאַט קיין געלט צו דעקן די ערשטע דעפּיציטן. מיטן פערטן נומער איז „די נייע צייט“ אונטערגעגאַנגען.

קאַהאַן האָט יאָרן שפּעטער דערציילט, אַז „די נייע צייט“ האָט „אַנטהאַלטן די סאַמע התחלה פון סאָציאַליסטישער אַגיטאַציע. מיין אַרטיקל אין דעם ערשטן נומער איז געווען אַ צימליך-נאַאיווער. צוזאַמענבינדענדיק די דערשיינונג פון אונזער צייטונג מיטן שבועות, האָב איך גערעדט וועגן מתּן-תורה; איך האָב די יידישע אַרבעטער געזאָגט, אַז די סאָציאַליסטישע געדאַנקען, וועלכע מיר

וועלן זיי דערקלערן, דארפן זיין זייער נייע תורה. אלזאָ, איז אונזער ציטונג א נייע מתן-תורה. — אויסער מיינע און ראַיעווסקים אַרטיקלען, האָט דער ערשטער נומער אנטהאַלטן אַן ארטיקל פון אלכסנדר הארקאַווי, וועגן „די אַרבעטער אין משה רבינוס צייטן". אַ פעליעטאָן אין דיזן נומער האָט ענטהאלטן א סאָציאַליסטישן משל מיט אַ נמשל.*)

### די ניו־יאָרקער „יודישע פאָלקס־צייטונג"

די פּיאָנערן פון יידישן סאָציאַליזם און אַנאַרכיזם אין אַמעריקע האָבן זיך געהאלטן פאַר „יידיש-שפּרעכנדע", ד. ה. זיי האָבן פאָרמעל ניט אנערקענט די עקזיסטענץ פון א יידיש פאָלק און זיך געהאלטן פאַר מיטגלידער פון דער אַלגעמיינער מענטשהייט. גלויבנדיק אין אָט דער פרימיטיווער פאָרם פון קאָסמאָפּאָליטיזם, האָבן אָבער די „יידיש-שפּרעכנדע", אליין ניט וויסנדיק, געלייגט די יסודות פאַר א יידישער נאַציאָנאַלער קולטור, פּרעסע און אַרבעטער-באַוועגונג.

צווישן די יידישע ראַדיקאַלן אין אמעריקע אין דער צווייטער העלפט פון די 80ער יאָרן זענען שוין אויך געווען אזעלכע, וואס האָבן גענומען שאפן א סינטעז פונם קאַמף-אידעאַל פאַר אַלמענטשלעכער באַפרייאונג — סאָציאַליזם און אַנאַרכיזם — און דעם קאַמף-אידעאַל פאַר יידיש-נאַציאָנאַלער באַפרייאונג — חיבת ציון. צווישן אָט די דאָזיקע סינטעז-זוכער איז געווען משה מינץ — איינער פון די פינף ברידער מינץ, וועלכע האָבן געהאַט אַ גרויסן חלק אין דער אנטוויקלונג פון דער אמעריקאַנער יידישער פּרעסע.

משה מינץ — שפּעטער באַקאַנט אלס דר. מאָזעס מינץ — איז געקומען קיין אמעריקע אין 1885, נאָכדעם ווי ער האָט א צייט געלעבט אין ארץ ישראל ווי איינער פון דער גרופּע ביל"ו. ארום צען חדשים נאָך מינצ'ס קומען אהער, האָבן צוויי יידישע ארבעטער-אינטעליגענטן, ברוקס און קאַנטאָר באַשלאָסן ארויסצוגעבן א יידישע וואָכנשריפט, וואס זאָל דינען די אינטערעסן פון די יידישע ארבעטער און פאָלקס-מאסן. די צוויי שותּפים האָבן געהאַט אָפּגעשפּאָרט קרוב צו טויזנט דאָלער און איינגעאָרדנט אַן איינענע דרוקעריי. פאַר רעדאַקטאָרן האָבן ברוקס און קאַנטאָר צוגעצויגן אבעל בראַסלאָווסקי — דער שפּעטערדיקער דר. ברעסלאָו — וועלכער האָט פאַרטראָטן די סאָציאַליסטישע ריכטונג, און משה מינץ, וועלכער האָט פארטראָטן די חיבת-ציון ריכטונג. פרייטיק, דעם 25טן יוני, 1886, איז ארויס דער ערשטער נומער פון דער ניו-יאָרקער „יודישע פאָלקס-צייטונג", וועלכע איז אין א סך פּרטים געווען די ערשטע מאָדערנע יידישע צייטשריפט אין אמעריקע. די „פאָלקס-צייטונג" איז געווען ניט בלויז א קעמפערן פאַר די רעכט פון די יידישע ארבעטער און א לערערן פון די יידישע אימיגראַנטן, נאָר די ערשטע טריבונע פון דער אמעריקאַנער יידישער ליטעראַטור. עס האָט אין איר דעביוטירט מאָריס ראָזענפעלד,*) און צווישן אירע מיטאַרבעטער זיינען געווען אַזעלכע שפּעטער באַרימטע געוואָרענע זשורנאַליסטן און שריפטשטעלער ווי געצל זעליקאָוויץ, משה זייפערט, אלכסנדר הארקאַווי, פּ. וויערניק, ש. יאַנאָווסקי, חיים ספּיוואַק, יוסף יאַפּפּא, ד. מ. הערמאַלין, לעאָן זאָלאָטקאָף, דוד עדעלשטאַדט, י. א. מעריסאָן, מאָריס הילקאָוויץ (הילקוויט) און דוד אַפּאָטעקער. אין דער זעלבער צייטונג זיינען אויך איבערגעזעצט געוואָרן מוסטערן פון דער וועלט-ליטעראַטור.

פון דער „פאָלקס-צייטונג" זיינען ארויס 178 נומערן. זי איז אונטערגעגאַנגען דעם 20טן דעצעמבער, 1889, מחמת מאַנגל אין פינאַנציעלע מיטלען. ווייל די דאָזיקע וואָכנשריפט איז פאַקטיש געווען די לאַבאָראַטאָריע פאַרן יידישן זשורנאַליזם אין אמעריקע, ברענגען מיר דאָ דעם פולן טעקסט פון איר פּראָגראַם דערקלערונג, געדרוקט אינ'ם ערשטן נומער:

### דיא פּראָגראַממע פון דער ניו־יאָרקער „יודישער פאָלקס־צייטונג"

אַ יודישער ארבייטער, וועלכער וויל ניטצליך פערברענגען זיינע טעגליכע פּאָאָר שטונדען, בעצאָהלט א פּאָאָר סענט פאַר אַ בלאַט ציטונג אום זיא צו לעזען.

וואָס זוכט ער אין דער „ציטונג"? וואָס וויל ער דאָרט געפינען?

אַלס ארבייטער איז זיין לאַגע גלייך פערבונדען מיט אַללע ארבייטער פון דער וועלט. זיין שיקזאל העגנט אָב פון דעם שיקזאל פון דיא איבריגע ארבייטער; זיין צוקונפט איז דיא צוקונפט פון אַללע זיינע מיטברידער, זיינע האָפנונגען זענען דיא זעלבע וויא פון דיא לעצטע. ער זעהט, ער ווייסט, ער פיהלט, אַז אין דער קייט פון דער ארבייטער-וועלט איז ער א גלייכער רינג מיט דיא איבעריגע. אַז דיא זעלבע קראַפט וואָס האלט צוזאַממען אַללע רינגען, האלט איהם אויך. ער פערשטעהט, אַז וואס די רינגען זענען שטארקער אויסגעגאָסען איז דיא קייט שטאַרקער און שווערער צום צוברעכען... און זעהט ער, אַז דיא קייט ווערד אַללע מאָהל גרעססער, שווערער און לענגער און מיט איהר ווערד אויך גרעססער און שטארקער דיא קראַפט וואס האלט זייא צוזאַממען.

פון דער צווייטער זייט זעהט ער אַן אַנדערע מאַכט, אַ קאַפּיטאַליסטישע קראַפט, וועלכע בעניטצט אַללע איהרע מיטלען אום צו צערייסען דיא קייט פון דיא ארבייטער, צו ברעכען און צו שיטען אַללע איהרע אויפגעבינדענע רינגען. וואָס דיא קאַפּיטאַליסטען מיינען מיט דעם, פערשטעהט ער גאַנץ גוט: איינעם איז פיעל לייכטער צו קוועטשען און אונטערדריקען וויא עטליכע צוזאַממען.

---

*) אב. קאַהאַן: „בלעטער פון מיין לעבן", צווייטער באַנד. אַרויסגעגעבן פון „פאָרווערטס"-אַסס'ן, ניו-יאָרק, 1926, זז. 239-244.

*) משה שטאַרקמאַן: מאָריס ראָזענפעלד'ס אַנהייב — „פּנקס", ניו-יאָרק, 1927, זז. 53-57.

אזעלכע פערשיעדענע שטרעבונגען בילדען א קריעג און א שטארקען קאמפּף צווישען דיא פערשיעדענע צווייא קלאססען; דיא ארבייטער און דיא קאפּיטאליסטען. וואָס ווייטער ווערד דער קריעג גרעססער און שטארקער; וואָס מעהר דיא קאפּיטאליסטען דרענגען פינדען זיך דיא ארבייטער צוזאממען מיט א שטארקערען צעמענט, נעהמען זיך פעסטער פאר דיא הענד און ווערען ווארעמע ברידער.

וואָס קאָן ארויס קאָמען פון אזא קריעג? וויא לאנג קאָן ער דויערן, ווען האָט ער זיך אָנגעהויבען, ווער ווירד זיין דער בעזיגער, דער געווינער? אין וואָס פאר א לאגע געפינט זיך יעצט דער קאמפּף? וואס פאר א מיטלען האָבען די ארבייטער דערצו וואָס דענקען דאריבער דיא פאָרשטעהער פון דער ארבייטער באוועגונג, דיא געבילדעטע מעננער, וועלכע פערשטעהען דען קאמפּף זעהר גוט? וואָס פאר א ראטה לעגען זייא פאָר? אויף דיא אללע וויכטיגע פראגען זוכט דער יודעשער ארבייטער אלס ארבייטער א ריכטיגען אנטוואָרט אין דעם בלאט צייטונג וואָס ער הויבט אָן צו לעזען.

אלס יוד איז זיין לאגע גאנץ אנדערס. דיא יודישע פראגע איז נאָך גאנץ אָפען. מיט איהר איז ער אָפּגעשיעדען פון דער גאנצער וועלט, מיט איהר האָט ער נאָך גאנץ אלטע און גרויסע רעכנונגען. אין פעלד קאמפּף, אלס ארבייטער האָט ער זעהר פיעל מיט-ברידער. אין פעלד קאמפּף אלס יוד האָט ער זעהר וועניג. דיא יודישע פראגע איז זעהר וויכטיג און זיא פערדיענט אז מען זאָלל גוט טראכטען אום א גוטען אנטוואָרט צו געבן. דעם אנטוואָרט קאָן ער פערשטעהען נור דאמאָלס, ווען ער ווירד זיין בעקאנט מיט דער יודישער געשיכטע.

אלס מענש האָט דער יודישער ארבייטער דאָס רעכט צו וויססען דיא לאגע און דיא רעזולטאטען פון דער יעצטיגער בילדונג, ציוויליזאציאָן און קולטור — צו וויססען פון אלע ערפינדונגען און פון יעדעם טריט פון דעם מענשליכען פּראָגרעסס.

אויך איז וויכטיג פיר איהם צו לעזען פערשיעדענע וויכטיגע און פיינע אָריגינעלע ערצעהלונגען, אויך וויא גוטע איבערזעטצונגען.

אלס מיטגליעד פון דיא אמעריקאנישע שטאאטען איז פיר דעם יודישען ארבייטער זעהר וויכטיג צו וויססען דיא לאגע פון דיא פּאָליטישע פראגען אין אמעריקא, אויך פון אנדערע פערשיעדענע פעלקער, וויא פון דיא, וואס האָבען פערקעהר מיט אמעריקא, וויא אויך פון גאנץ ווייטע לענדער וויא דער היממעל איז נאָך דיק בעזעצט מיט פינסטערע וואָלקענס, וויא דיא שטראהלען פון דער ליכטיגער זון פון דער ציוויליזאציאָן שיינען זעהר זעלטען און וויא דער מענש שטעהט נאָך גאנץ נאָהנט צו דער פיערפיסיגער טיהר.

דאָס זענען דיא הויפּט פּונקטען, וועלכע דארפען און מוזען ליגען אלס פונדאמענט פאר א צייטונג, וועלכע ווערד געלעזען פון דיא יודישע ארבייטער.

ווען מיר בעטראכטען דיא פונדאמענטען, אויף וועלכע זענען געבויעט דיא פארשיעדענע אמעריקאנישע יודישע צייטונגען, זעהען מיר דאָרט צווישען דיא שטיינער גאנץ גרויסע לעכער, זעהר פיעל אונרעגעלמעסיקייטען און א היבשע צאָהל פערנאכעליססיגקייטען. דיא שטארקייט פון א געביידע הענגט אָב פון דער שטארקייט פון דעם פונדאמענט. א שוואכער פונדאמענט צייגט אז דער ארכיטעקטאָר האָט גאנץ וועניג פערשטאנד איבער דער קונסט פון בויען. דארום האלטען מיר פיר רעכט און גוט בעקאנט צו מאכען די יודישע פּובליק מיט דער פּראָגראמע און מיט דעם פונדאמענט פון אונזער צייטונג.

## דיא פּראָגראמע איז פאָלגענדע:

1. דיא ארבייטער פראגע, איהרע גאנצע ענטוויקלונג פון אָנפאנג ביז יעצטיגער צייט, אללע טריט, וועלכע דיא ארבייטער האָבען געמאכט אין פערשיעדענע לענדער אום צו פארבעססערען זייער לאגע, און אללע מיטלען, וועלכע זענען פאָרגעלעגט געוואָרען פון דיא געלעהרטע און וויכטיגסטע פאָרשטעהער פון דער ארבייטער בעוועגונג אום מיט דער ארבייטער פראגע אן ענדע צו מאָכען.

2. א שטארקע, פעסטע און ריכטיגע פּראָפּאגאנדע און ערקלערונג פון דיא יעניגע ווארהייט און אידעאלען, וועלכע מוזען ארייננדרינגען אין דיא הערצער און אין דיא געדאנקען פון אללע ארבייטער און וועלכע וועללען אָם ענדע ברענגען דיא וועלט צו גלייכהייט, פרייהייט און ברידערליכקייט.

3. די לאגע פון דעם יודישען ארבייטער אין דער וועלט אים אלגעמיינעם און בעזאָנדערס אין אמעריקא.

4. דיא יודעשע פראגע אין פארבינדונג מיט דער ענטוויקלונג פון דער קולטור און דער ציוויליזאציאָן בייא פערשיעדענע פעלקער.

5. די אלגעמיינע ענטוויקלונג פון דער קולטור און דער ציוויליזאציאָן אין פערשיעדענע שטעללען פון דער וועלט פון דיא אלטע צייטען ביז יעצט.

6. דיא הויפּט ארטיקלען און מאָמענטען פון דער יודעשער געשיכטע צוזאמענגעזעצט פון דיא בעסטע און וויכטיגסטע יודישע געשיכטע שרייבער.

7. אינטערעסאנטע אָריגינעלע ערצעהלונגען און גוטע איבערזעטצונגען פון דיא נייעסטע שריפטשטעלער.

8. דיא לאגע פון דיא פּאָליטישע פראגען בייא פערשיעדענע פעלקער.

די ענטוויקלונג פון דיעזער פּראָגראממע ווירד זיין דיא געביידע פון אונזער צייטונג, דיא ריינע וואהרהייט, דיא ריכטיגע קריטיק ווירד זיין איהר פונדאמענט, און ביידע צוזאממען וועללען זיין א שפּיגעל, אין וועלכען דער יודעשער ארבייטער ווירד זעהען זיין געשטאלט אין דער אלטער וועלט, זיינע פיזיאָגנאָמיע אין יעצטיגער צייט און פיעלע שטריכען פון זיין צוקונפט.

## א פּאָר ווערטער וועגען דעָר שפּראך

דער יודישער זשארגאָן איז צוזאממענגעזעצט פון ווערטער פון פערשיעדענע שפּראכען. ער איז אָהן רעג-

# פארשטאָרבענע פּיאָנערן און בויער פון דער יידישער פּרעסע אין אַמעריקע


דר. משה מינין


מאָריס ראָזענפעלד


דוד עדעלשטאדט


מאָריס ווינטשעווסקי


אלכסנדר הארקאווי


ש.| יאנאָווסקי


דר. ה. זאָלאטאראָוו


לואיס ע. מילער


פּרין וויערניק


נ. מ. שייקעוויטש (שמ"ר)


ח. י. מיניקעס


דוד אפּאטהעקער


יעקב סאפּירשטיין


געצל זעליקאָוויץ


א. ליעסין


דר. חיים זשיטלאָווסקי


יצחק גאָניקמאן


הערמאן בערנשטיין

לען און אָהן א גראממער. מיר האַלטען פיר אוננויטצליך אריינצוברענגען אין אונזער צייטונג נור איין זשארגאָן. דארום זאָללען אונזערע ווערטהע לעזער זיך נישט וויג- דערן, דאָס פערשידענע ארטיקלען זאנען אויף פערשיע- דענע זשארגאָנען געשריעבען. מיר האַלטען נור פיר רעכט אַללע רוססישע ווערטער פון אונזער צייטונג ארויס צו ווארפען".

### דאָס ערשטע ליד פון מאָריס ראָזענפעלד

אין 26טן נומער פון „דיא ניו-יאָרקער יידישע פאָלקס-צייטונג" (דעם 17טן דעצעמבער, 1886), האָט גע- מאַכט זיין דיכטערישן דעביו מאָריס ראָזענפעלד — מיט א הספד אויפן יאָר, וואס האָט זיך געהאַלטן אין פאַר- ענדיקן. דאָס ליד באַשטייט פון דרייצן אַכט-שורהדיקע סטראָפעס. מיר ברענגען דאָ עטלעכע פראַגמענטן:

דאָס 1886 יאָהר,<br>
איז שוין באלד דיא עווינקייט פארגאַנגנען,<br>
ערקלער מיר מיין פאָלק, ערקלער מיר אויף קלאָר,<br>
וואָס האָסט דוא אונטער דער צייט דערגאַנגנען?<br>
וואָס פיר א נוטצען האָבן דיר געבראַכט<br>
אָ די אַללע פארגאַנגענע יאָהרן?<br>
דוא שלאָפסט, מיין פאָלק, דוא מיינסט עס איז נאַכט —<br>
ערהויב דיך שנעלל — ניט געה פארלאָרן!

הערסט דוא, מיין פאָלק, דיא הארפע דער צייט?<br>
פרייע ליעדער שפּיעלט זיא שוין א צינד,<br>
זיא וועקט דיא מענשן, דער וועלט אויף דעם שטרייט!<br>
דיך, מיין פאָלק, מיינט מען אויך, שטעה אויף געשווינד<br>
ערהויב דיך, מיין פאָלק, שטעלל זינדער אַנידער,<br>
צום וועלט-קאַמף זייא גרייט מיט אַללע צוגלייך,<br>
האנד אין האנד מיט אַללע דיינע ברידער,<br>
אָן ענדע צו מאַכן צו אָרעם אונד רייך!"

---

„זיעבענקע ליעדעלאָך זינגט מען דיר איין,<br>
אין וויעג „פאנאטיזמוס" — שלאָפסט דוא געשמאַק.<br>
מע-זאָגט דיר, אז אַנדערש קאָן גאָר ניט זיין,<br>
זעה נור, מיין פאָלק, וויא מען פיערט דיך אין זאַק<br>
דינים — רבנים — שווינדלער דער וועלט!<br>
זייא שפּיעלען פערשטעלט זייער ראָללע א צינד,<br>
זייא לאָזען דיך איבער שרעקליך געקוועהלט,<br>
אונד רעדען דיר איין, אז דוא ליידסט פאר דיין זינד."

---

„מאַך אָן ענדע מיט די הערן, פּפאָפען, טיראַנען,<br>
אָן ענדע מיט בערזע, געלט-זאַק אונד שווינדעל!<br>
אָן ענדע מיט אָפּפערס, שקלאַפען מיללייאָנען,<br>
אָן ענדע מיט דעם רויבער-געזינדעל!<br>
שטעה ניט מיין פאָלק, שטעה ניט פון דער וויטען,<br>
דיין הילפע איז נאָהענט-א! זייט ניט פערשוואַכט!<br>
פעראייניג דיך — אין איינעם צו שטרייטען,<br>
זאָ ווערט אָן ענדע מיט דער פינסטערער נאַכט."

### אַנדערע פּרואוון

דר. מ. וועקסלער, א טוער צווישן די אונגארישע יידן, האָט צווישן 1885 און 1899 ארויסגעגעבן די וואָכנשריפט „ניו-יאָרקער יודישע צייטונג". אין 1888 האָט ער ארויס- געגעבן א קורצע צייט „די וויבערשע צייטונג" — דער ערשטער יידישער פרויען-זשורנאַל אין אמעריקע.

טש. ראַיעווסקי האָט אין 1888 אָנגעהויבן ארויסגעבן א סאָציאַליסטישע וואָכנשריפט „די נייע וועלט". זי האָט ניט געהאט קיין אריכת ימים. עס זיינען ארויס בלויז פינף נומערן.

דעם 27טן יולי, 1888, האָט אין ניו-יאָרק אָנגעהויבן דערשיינען די וואָכנשריפט „פאָלקס-אדוואָקאַט", ארויס- געגעבן פון מייקעל מינץ, אונטער דער רעדאקציע פון געצל זעליקאָוויטש. דער „פאָלקס-אדוואָקאַט" איז ניט געווען אָפיציעל סאָציאַליסטיש, אבער ער האָט זיך באַצויגן מיט סימפּאַטיע צו דער וואַקסנדיקער יידישער ארבעטער בא- וועגונג, און צווישן די באַטייליקטע אין איר האָבן זיך געפונען אברהם גאָלדפאַדען, יאָהאַן פּאַליי (שפּעטערדיקער רעדאַקטאָר פון „טאָגעבלאַט"), יצחק ראַבינאָוויטש און אב. קאַהאַן (אב-שך). סוף דעצעמבער, 1889, איז משה מינץ געוואָרן רעדאַקטאָר פון „פאָלקס-אדוואָקאַט". פון דער דאָזיקער וואָכנשריפט איז אין 1891 ארויסגעוואַקסן דער „טעגלעכער העראָלד", מיטן „פאָלקס-אדוואָקאַט" ווי א וועכנטלעכע אויסגאַבע. אין 1905 איז דער „העראָלד" פאַרוואַנדלט געוואָרן אין „די װאַרהייט", אונטער דער רעדאַקציע פון ל. ע. מילער, און דער „פאָלקס-אדוואָקאַט" איז געבליבן א וואָכן-אויסגאַבע פון דער „וואַהרהייט", און איז אָפּגעשטעלט געוואָרן דעם 26טן דעצעמבער, 1924, עטלעכע יאָר נאָכדעם ווי די „װאַרהייט" און דער „טאָג" זיינען פאַראייניקט געוואָרן.

### וואָכנשריפט די „וואַהרהייט"

די יידישע אַנאַרכיסטן זיינען געווען די ערשטע אָרגאַ- ניזירטע גרופּע פון יידישע ארבעטער און ראַדיקאַלן צו פּרובירן ארויסגעבן אן אייגענע צייטונג. דעם 15טן פעב- רואַר, 1889, האָט אָנגעהויבן דערשיינען די „וואַהרהייט" — „דיא איינציגע וועכענטליכע ארבייטער צייטונג אין די פעראייניגטע שטאאַטען". דער דאָזיקער אַנאַרכיסטישער אָרגאַן האָט אין אָנהייב געהאַט א צירקולאַציע פון צוויי און א האַלב טויזנט. זי איז אונטערגעגאַנגען מיטן 20טן נומער — דעם 2טן יולי, 1889. אין משך פון איר קור- צער עקזיסטענץ האָט די „וואַרהייט" געהאַט עטלעכע רע- דאַקטאָרן. דעם ערשטן נומער האָבן רעדאַקטירט הלל זאָלאָטאַראָוו און דוד עדעלשטאַט; די וויטערדיקע — י. יאַפּע, געוועזענער אַנאַרכיסטישער רעדאַקטאָר פון לאָנ- דאָנער „ארבייטער פריינד". דערנאָך האָט די רעדאַקציע איבערגענומען ש. יאַנאָווסקי. נאָענטע מיטארבעטער זיי- נען געווען: ר. לואיס, י. א. מעריסאָן (פ. א. פראַנק) און משה קאַטץ. דער קאַמף קעגן רעליגיע און דאָס דעמאָס-

קירן די קאַפּיטאַליסטישע אָרדענונג, אי דורך ערנסטע אַר-
טיקלען, אי דורך סאַטירישער אַגיטאַציע, זיינען געווען די
הויפּט-טעמעס אין דער „וואהרהייט".*)

די אַנאַרכיסטן האָבן געהאַלטן, אַז די יידישע אַרבע-
טער-פּרעסע דאַרף אויפגעהאַלטן ווערן בשותפות פון די
סאָציאַליסטן און אַנאַרכיסטן, און זי זאָל זיין אומפּאַרטיי-
איש צו ביידע ריכטונגען. זייערע פּרואוון צו דערגרייכן
אַזא גאָלדענעם מיטלוועג האָבן זיך ניט איינגעגעבן.

בערך א האַלב יאָר נאָכן אונטערגאַנג פון דער
„וואהרהייט", האָט אפרים לאָנדאָן, פאָטער פון שפּעטער
באַקאַנטן סאָציאַליסטישן פירער און קאָנגרעסמאַן מאיר
לאָנדאָן, אָנגעהויבן אַרויסגעבן אַן אומפּאַרטייאיש-אַנאַר-
כיסטישע וואָכנשריפט. דער ערשטער נומער איז אַרויס
דעם 17טן יאַנואַר, 1890. די רעדאַקטאָרן זיינען געווען:
אַב. בראַסלאַווסקי, אבנר טאַנענבוים און י. יאַפּפאַ. דער
לעצטער 32טער נומער איז אַרויס דעם 20טן יוני,
1890.**)

## ליטעראַרישע צייטשריפטן

צווישן די יידישע צייטשריפטן, וואָס זיינען אַרויס אין
דער צווייטער העלפט פון די 80ער יאָרן, זיינען צוויי גע-
ווען כמעט אויסשליסלעך ליטעראַרישע צייטשריפטן.

אַברהם גאָלדפאַדען האָט בעת זיין ערשטן באַזוך אין
אַמעריקע ניט געקראָגן די מעגלעכקייט צו שפּילן אַן אָנ-
פירענדיקע ראָלע אין יידישן טעאַטער. האָט ער אָנגע-
הויבן אַרויסגעבן א צוויי-וואָכנשריפט „ניו-יאָרקער יודי-
שע אילוסטרירטע צייטונג". דער פּראָבע-נומער איז דער-
שינען דעם 22טן אָקטאָבער, 1887. פונם 15טן נאָוועמ-
בער ביזן 12טן יולי, 1888, איז די צייטשריפט דערשינען
רעגלמעסיק, מיט חשובע שרייבער ווי מיטאַרבעטער, אָבער
ביים 18טן נומער איז גאָלדפאַדענס צוויי-וואָכנשריפט אונ-
טערגעגאַנגען.***)

18 נומערן האָט אויך אויסגעהאַלטן „דער הויזפריינד"
— „איין וועכענטליכע צייטונג פיר ליטעראַטור, וויססענ-
שאַפט און אונטערהאַלטונג", אַרויסגעגעבן פון ש. קאַפּלין.
דער ערשטער נומער איז אַרויס דעם 19-טן סעפּטעמבער,
1889; דער לעצטער — דעם 17טן יאַנואַר, 1890. די
ערשטע אכט נומערן האָט רעדאַקטירט י. יאַפּפאַ; די אי-
בעריקע יוסף פּעטריקאָווסקי.

## יידישע שריפטזעצער יוניאָן

אין דער אַנטשטייאונג און אַנטוויקלונג פון דער
אַמעריקאַנער יידישער פּרעסע האָבן געהאַט א גרויסן חלק
די יידישע שריפטזעצער, וועלכע האָבן אונטער די שווער-
סטע באַדינגונגען און פאַר א קלעגלעכן לוין געטאָן זייער
אַרבעט. אין 1886 האָבן די שריפטזעצער געמאַכט דעם
ערשטן פּרואוו זיך צו אָרגאַניזירן, אָבער דער ערשטער
סטרייק פונם יונגן שריפטזעצער פאַריין האָט זיך ניט
איינגעגעבן. ערשט אין זומער 1888 איז אָרגאַניזירט
געוואָרן די עקזיסטירנדיקע „יידישע שריפטזעצער יוניאָן",
וועלכע האָט אין משך פון איר 57 יאָריקער עקזיסטענץ
אויסגעקעמפט פאַר אירע מיטגלידער די סאַמע צופרידנ-
שטעלנדיקסטע אַרבעט און לוין-באַדינגונגען.*)

## ערשטער יידישער שרייבער פאַריין

בערך א יאָר מיט א פערטל נאָך דער גרינדונג פון דער
יידישער שריפטזעצער יוניאָן, האָבן די יידישע שריפט-
שטעלער אָרגאַניזירט דעם ערשטן יידישן שרייבער
פאַריין — דעם ערשטן אין גאַר דער וועלט.

אינם אויבנדערמאָנטן וואָכנבלאַט „דער הויז פריינד",
אין נומער פון 25טן אָקטאָבער, 1889, איז דערשינען דער
פאָלגנדער אויפרוף פון אָרגאַניזיר-קאָמיטעט:

„דער ניו-יאָרקער זשאַרגאָן פּרעסע-קלוב"

„דער אימער וואַקסנדער פּראָגרעס דער זשאַרגאָן-לי-
טעראַטור אין דער אַלגעמיינער ליטעראַרישער וועלט, זיין
אימער שטאַרקערער אויפשוואונג צו איינער קראַפט,
וועלכע פאַנגט שוין אָן אַלס זאָלכע אַנערקענט צו ווערן,
האָט די ערליך דענקענדע אידישע ליטעראַטן, פּראָפעסער
און דראַמאַטורגן באַוועגן א ניכטערן בליק אַרום זיך צו
וואַרפן און צו בעאָבאַכטן דעם יעצטיגן צושטאַנד פון
דער היינטיגער אידישער זשאַרגאָן פּרעסע. — ליידער מוז
מען זאָגן, דאָס דיזעלבע מוז איינער שטאַרקער קריטיק
אונטערוואָרפן ווערן. און אין דער טאַט, וועלכן שמוץ,
וועלכן אונזין, וועלכע פּערדאַמונגס ווערטע באַציאונגען
צווישן פּערשידענע צייטונגען, וועלכע געגנצליכע אַפּוועזנ-
הייט פון דער געגנזייטיגער אַכטונג און פּרינציפּן טאָלע-
ראַנץ האָט אונזער אָרימע ליטעראַטור ניט אויפצואווייזן.

„און דאַסהאַלב האָבן עס די אונטערצייכנטע גרינדער
פון אָבענגענאַנטן קלוב געפונען פיר זייער הייליגסטע
פליכט די פּעלערן און די אָרגאַנישע קראַנקהייט פון דעם
יונגן און בליענדן קערפּער נאָך רעכטצייטיג צו ענטפּערן.

„צו דיזן צוועק פּערופן מיר, אונטערצייכנדע, אַלע
אידישע ראַדאַקטאָרע, פּערפּאַסער, דראַמאַטורגן און מיט-

---

*) אליהו שולמאַן: די „וואהרהייט", ערשטע געזעלשאַפט-
לעכע יידישע צייטונג אין אַמעריקע — „זאַמלבוך לכבוד דעם
250טן יובל פון דער יידישער פּרעסע. רעד. פון דר. יעקב
שאַצקי. ייד. וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט, ניו-יאָרק, 1937,
זז. 197-211.

**) וועגן דער יידישער אַרבעטער-פּרעסע אין די 80קער
יאָרן זע: די אויבנדערמאָנטע ווערק פון בורגין, מרמר, שול-
מאַן. אויך: א. ש. זאַקס: „געשיכטע פון אַרבייטער רינג",
1925; דר. יעקב שאַצקי: „געשיכטע פון דער יידישער פּרעסע
פּרעסע — „אַלגעמיינע ענציקלאָפּעדיע", יידן ג, ניו-יאָרק,
1942, זז. 256-171.

***) א. ר. מלאכי: „גאָלדפאַדען אַלס רעדאַקטאָר" — „אונ-
זער בוך", באַנד 1, ניו-יאָרק 1926, זז. 256-261.

*) ש. שיינפעלד: די געשיכטע פון דער יידישער שריפט-
זעצער יוניאָן — „פופציק יאָר יידישע שריפטזעצער יוניאָן"
ניו-יאָרק, 1938, 255 זייטן.

אַרבייטער צו איינער פערזאַמלונג, וועלכע וועט שטאַטפינדען פרייטאג אָוונטס, דעם 25טן אָקטאָבער, פּונקט 8 אור, אין פּאַסיפיק האָל, 209 איסט בראָדוויי, רום נומער 2, אום דאס פּראָגראם אויסצוארבייטען און דעם קלוב אין דאס לעבן צו רופן.

„מיר האָפן, דאָס אַלע ערליך-דענקענדע שריפטשטעלער, וועמען די אינטערעסן פון דער זשאַרגאָן ליטעראַטור זיינען טייער, וועלן ניט פערפעלן פּינקטליך צו ערשיינען".

„אַכטונגספאָל, „פיר דאס קאָמיטע, י. יאפּא".

צווישן די „עדיטאָריאַלס" אין דעם זעלביקן נומער (ז. 90-91), איז אויך פאַראַן אַ נאָטיץ וועגן דער נויטווענדיגקייט פון אַ ליטעראַטן-קלוב.

די פאַרזאַמלונג וואס דער אָרגאַניזיר-קאָמיטעט האָט פאַרופן, איז צושטאַנד געקומען. אַ באַריכט פון דעם דאָזיגן מיטינג איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אינם „הויזפריינד".

דער באַריכט לייענט זיך אַזוי:

„פרייטאג אָוונדס, דעם 25 ד"מ, האָבן זיך די ליטעראַטן דער זשאַרגאָנישער שפּראַכע אין פּאַסיפיק האָל פערזאַמלט און אָרגאַניזירט.

„אַלס פאָרזיצנדער פיר דיזן אָוונט איז געווײלט געוואָרן אַ. ראַבעלים, אַלס קאַסירער פון פעראיין י. יאפּא, אַלס סעקרעטער י. זילבערבערג, פאָרלויפיג איז פאָלגענדעם באַשלאָסן געוואָרן:

„1) דער נאָמען דעם פעראיינס: זשאַרגאָן ליטעראַטן פעראיין.

„2) דער צוועק: א) אויסבעסערונג דער זשאַרגאָנישער ליטעראַטור און גייסטיגער באַציאונג און אויסערער פאָרם: ב) געגנזייטיגער אונטערשטיצונג פון די זשאַרגאָן ליטעראַטן אין גייסטיגער און מאַטעריעלער זאַגע;

„3) מיטל — איינקויפסגעלט, וואָכן בייטראַגע, עפנטליכע אונטערהאַלטונגען, פאָרלעזונגען;

„4) אויפגענומען ווערן נור זאַלכע מיטגלידער, וועלכע פון דעם פעראיין אַלס פעהיגע זשאַרגאָן-שרייבער אַנערקענט ווערן;

„5) אַלס קאָמיטע צור אויסאַרבייטונג דער שטאַטוטן זיינען געווײלט געוואָרן: י. באַרסקי (ישראל בן עולם), ד. אַפּאַטעקער, י. פעטריקאָווסקי, מאָריס ראָזנפעלד, יאַן פּאַליי.

„6) אַלס ספּעציעלער אָרגאַן פיר פעראיינס אַנגעלעגנהייטן איז איינשטווײלן געווײלט געוואָרן דער „הויזפריינד". נעכסטע פערזאַמלונג וועט אָפּגעהאַלטן ווערן דאָנערסטאַג דעם 31טן אָקטאָבער, אין 56 אָרטשאַרד סטריט, 1 פלאָר, 8 אור אָוונדס, צו וועלכער עס ווערן איינגעלאַדן אַלע ליטעראַטן דער שטאַט ניו-יאָרק: רעדאַקטערע, מיטאַרבייטער, דיכטער, פערפאַסער פון דראַמאַטישע שטיקע א. ז. וו.

„צו גלייכער צייט ערזוכן מיר אַלע זשאַרגאָנישע שרייבער פון סיטי ניו-יאָרק און אַלע קאָנטרים דער פעראייניגטען שטאַטען זייערע אַדרעסן אונז איינצושיקן אויף דעם פון אונזער סעקרעטאַר:

G. Silverberg, 342 Cherry St., New York

דער פאַריין האָט לאַנג ניט עקזיסטירט.

## אָנהייב פון חיבת ציון פּרעסע

אויף וויפיל דער חיבת ציון געדאַנק האָט געשלאָגן וואָרצלען צווישן די מזרח-יידישע אימיגראַנטן, האָט ער זיך אָפּגעשפּיגלט אויך אין דער אַלגעמיינער יידישער פּרעסע, אָבער די פּיאָנערן פון דער ארץ ישראל באַוועגונג האָבן סוף די 80גער יאָרן און אָנהייב די 90גער יאָרן גענומען פּרוואוון בויען אַן איינענע פּרעסע. אַזאַ פּרואוו איז געווען די „ציוניסטיש-סאָציאַליסטישע וואָכנשריפט ניו-יאָרקער „יודישע פאָלקס-צייטונג" (זע פריער). די ערשטע אויסשליסלעכע חיבת ציון צייטשריפט איז געווען „דער חובב ציון", אונטער דער רעדאַקציע פון דר. יוסף אהרן בלאָשטיין. אַ צווייטער וויכטיקער פּרואוו איז געווען די וואָכנשריפט „שולמית", וואס האָט דערשיינט אין 1889-1890.

עס איז געווען שווער צו שאַפן אַ ספּעציעלע ציוניסטישע פּרעסע ווייל די עקזיסטירנדיקע בירגערלעכע יידישע צייטונגען האָבן, וועלכע מער, וועלכע ווינציקער, געשטיצט דעם חיבת ציון געדאַנק, אַגיטירט צו העלפן די עקזיסטירנדיקע ארץ-ישראלדיקע יידישע אינסטיטוציעס און צו העלפן בויען נייע.*)

אין 1894 האָבן די ניו-יאָרקער „חובבי-ציון" אָנגעהויבן אַרויסגעבן אַ חודש-זשורנאַל „דער ציוניסט", וואָס איז רעדאַקטירט געוואָרן פון יצחק מירסקי. עס זיינען אַרויס בלויז 4 נומערן. אין 1898, נאָכן ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס, ווען עס איז שוין אין די פאַרייניגטע שטאַטן געגרינדעט געוואָרן אַ ציוניסטישע פעדעראַציע, האָט די דאָזיגע קערפּערשאַפט אַרויסגעגעבן אַ וואָכנשריפט „מבשרת ציון", רעדאַקטירט פון אבנר טאַנענבוים. אבער אויך די אויסגאַבע האָט ניט געהאַט קיין אריכת ימים און נאָך די ערשטע עטלעכע נומערן איז זי אָפּגעשטעלט געוואָרן. צווישן די ערשטע ציוניסטישע צייטשריפטן דאַרף אויך דערמאָנט ווערן „די אידישע וועלט. אָרגאַן פיר דיא ציוניסטישע בעוועגונג, אידישע וויססענשאַפט אונד ליטעראַטור." רעדאַקטירט פון א. טאַנענבוים. פאָרמעל אַ צוויי-וואָכנשריפט, אבער ניט דערשינען רעגולער צווישן 1899-1900.

וויליאַם בראָכ׳ס „ציונ׳ס מאָנאַטס-בלעטער", וואָס זיינען אַרויס אין 1899 זיינען געווען דייטש מיט יידישע אותיות.

## אַ פּרואוו פאַר אַרבעטער־שותפות

אין דער וואָך פון ניטל, 1889, איז אין ניו-יאָרק פאָרגעקומען די קאָנפערענץ פון יידישע אַרבעטער-אָרגאַניזאַ-

*) וועגן די אָנהייבן פון אַ ציוניסטישער פּרעסע אין אַמעריקע זע: יעקב שמואל הערמאַן: „די שולמית" — „יודישע גאַזעטן", אַפּריל 20, 1894.

ציעס — סאָציאַליסטישע און אַנאַרכיסטישע, כדי צו גרינדן די „אומפּאַרטייאישע" וואָכנשריפט, וואָס זאָל פאַרטרעטן ביידע ריכטונגען. 47 דעלעגאַטן האָבן פאַר־טראָטן, אי ביידע ריכטונגען, אי די יוניאָנס, וואָס זיינען געווען פעדערירט אין די „געווערקשאַפטן". דער פירער פון די אַנאַרכיסטן אויפ'ן צוזאַמענפאָר איז געווען ראָ־מאַן לואיס; פון די סאָציאַליסטן — לואיס ע. מילער. די גאַנצע צייט איז אָנגעגאַנגען א שטאַרקער ווערטער־שלאַכט צווישן די פירער פון ביידע צדדים, און — די קאָנפע־רענץ האָט זיך געענדיקט מיט א שפּאַלטונג דעם 2טן יאַנואַר, 1890. די סאָציאַל־דעמאָקראַטן האָבן ניט גע־קענט איינגיין אויף א שותפות'דיקער צייטונג; די אַנאַר־כיסטן, ווידער, האָבן באַשלאָסן צו פאַרווירקלעכן זייער אָריגינעלן פּלאַן פאַר א בשותפות'דיקער אויסגאַבע.

### די אנטשטייאונג פון „אַרבייטער צייטונג" און „פרייע ארבייטער שטימע"

ווען די יידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן האָבן באַשלאָסן ארויסצוגעבן אן אייגענע וואָכנשריפט א. נ. „אַרבייטער־צייטונג", האָבן זיי צוערשט געגרינדעט די „אַרבייטער צייטונג פּאַבלישינג אסס'ן". א ריי אקטיווע טוער פון דער יידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, צווישן זיי אַב. קאַהאַן, — וועלכער האָט אָנגעשריבן א פלוגבלאַט וועגן די צילן און דעם כאַראַקטער פון דער „אַרבייטער צייטונג", לואיס ע. מילער, מאָרים הילקאָוויץ (הילקוויט), יוסף באַראָנדעס און אנדערע זיינען געגאַנגען איבער די יוניאָן מיטינגען און איבער די שעפּער און געזאַמלט געלט פאַרן פאָנד ארויסצוגעבן די „אַרבייטער צייטונג". די אַנאַרכיסטן, ווידער, האָבן אָנגעוויזן אויף דער שעדלעכ־קייט, וואָס א סעפּעראַטע סאָציאַליסטישע צייטונג טראָגט מיט זיך פאַר דער יונגער יידישער ארבעטער־באַוועגונג בכלל.

די סאָציאַליסטן האָבן אויך באַשטימט איינצולאַדן פאַר רעדאַקטאָר פיליפּ קראַנצן, וואָס האָט דעמאָלט גע־וואוינט אין לאָנדאָן און דאָרט רעדאַקטירט דעם „אַרביי־טער פריינד". קראַנץ האָט אָנגענומען די איינלאַדונג פון די אמעריקאַנער „גענאָסן", און ער איז שפּעטער אָפּגע־פאָרן קיין אמעריקע. זיין געהאַלט פאַר רעדאַקטירן די „אַרבייטער צייטונג" איז געווען זיבן דאָלער א וואָך.

קראַנץ האָט אָנגעהויבן גרייטן דעם מאַטעריאַל פאַרן ערשטן נומער. צווישן זיינע נאָענטסטע מיטאַרבייטער זיינען געווען אַב. קאַהאַן און לואיס ע. מילער. אין דער נאַכט פון 6טן אויפן 7טן מערץ, 1890, איז ארויס דער ערשטער נומער „אַרבייטער צייטונג". די ערשטע זעקס נומערן זיינען געווען פון פיר זייטן, אָבער דער דערפאָלג פון דער וואָכנשריפט איז געווען אזא אומגע־ריכטער, אז זי האָט אָנגעהויבן דערשיינען אין אכט זייטן. דער טיראַזש אירער אין די שפּעטערע יאָרן האָט דער־גרייכט צו קרוב זיבן טויזנט. א גרויסע הילף פאַר דער „אַרבייטער צייטונג" איז געווען דער פאַקט, וואָס די „פאַר־



פיליפּ קראַנץ



מ. קאַטץ

אייניגטע דייטשע געווערקשאַפטן" האָבן זי געשטיצט און די „פאַראייניגטע יידישע געווערקשאַפטן" האָבן זי אנער־קענט פאַר זייער אָפיציעלן אָרגאַן.*)

נאָך אן ענערגישער קאַנטער־אַגיטאַציע און טיכטיקער אָרגאַניזיר־אַרבעט אין ניו־יאָרק און איבערן לאַנד, האָבן די אַנאַרכיסטן, אויף דער איניציאַטיוו פון די „פּיאָנערן דער פרייהייט", געשאַפן א פאַרלאַג־געזעלשאַפט פאַר דער צייטונג, וועלכער מ'האָט, אויפן פאָרשלאַג פון ש. יאַ־נאָווסקי, א נאָמען געגעבן „פרייע ארבייטער שטימע", און דעם 4טן יוני, 1890, איז ארויס דער ערשטער נומער.

די „פ. א. ש." האָט געהאַט צוויי רעדאַקטאָרן: אַן אַנאַרכיסטישן און א סאָציאַל־דעמאָקראַטישן. דוד

*) מ. ש.—ן (שטאַרקמאַן): די קאָנסטיטוציע פון דער „אַרבייטער צייטונג" — „יאָרבוך" פון אַמאָפּטייל ייווא, ניו־יאָרק, 1938, זז. 331־346.



THE WORKMANS PAPER. — דיא — DIE ARBEITER ZEITUNG.

# אַרבּײטער צײטונג

NEW YORK, MAY 5th 1893. — No. 18 (171) Vol. II. — פּרייז 3 סענט

די ערשטע סאָציאַליסטישע וואָכנשריפט. א נומער פון 1893

ערדעלישטאַדט האָט שפּעטער געמוזט אויפגעבן זיין רע-דאקציע-אמט, ווייל איבער זיין לונגען-קראנקהייט איז ער אוועקגעפאָרן קיין דענווער, קאָלאָראַדאָ. זיין טויט האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט די גרעסטע אבדה, וואס די יונגע יידישע אנארכיסטישע באוועגונג האָט געליטן.

נאָכן צוזאמענפאַר פון די „פּיאָנערן" סוף 1890 איז יצחק אייזיק הורוויטש געוואָרן דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער רעדאקטאָר. ער האָט אבער רעדאקטירט בלויז איין נומער. דערנאָך האָט איבערגענומען די רעדאקציע מ. קאַץ, ביי דער נאָענטער מיטהילף פון א. טאַנענבוים.

זאָלאָטאַראָוו האָט, אחוץ ארטיקלען פּרובירט שרייבן לידער — אונטער די איניציאַלן XYZ, אָבער ערדעלשטאַדט איז געווען ד ע ר פּאָעט פון דער „פ. א. ש." מעריסאָן איז געווען טעטיג אלס פעליעטאָניסט און שרייבער פון ערנסטע און וויסנשאַפטלעכע און טעאָרעטישע אָפּהאַנדלונגען. משה קאַץ האָט זיך ארויסגעוויזן מיט זיינע „רעיונות פון א בעל-מחשבה", און דאָס, וואס ער האָט זיין רעדאקטאָר-געהאַלט פון 5 דאָלער א וואָך באקומען זעלטן, האָט ניט אָפּגעקילט זיין אידעאַליזם. צווישן די נאָענטע מיטארבעטער האָבן זיך געפונען י. קאַפּעלאָוו, וועלכער האָט געשריבן „הפטורות" — „א קענן-גיפט" צו אב. קאהאנס סדרות פון „פּראָלעטארישן מגיד" אין דער „ארבייטער צייטונג" — און מכלומרשטע קאָרעספּאָנדענציעס (אונטער א פּסעוודאָנים), מ. לעאָנטיעף (ל. מאָיסעיעף), א. טאַנענבוים.

די הוצאות פאַר דער „פ. א. ש." זיינען געווען לפי-ערך גרויסע, אבער די הכנסה איז געווען א מינימאַלע ביז גאָר. צו דעקן די דעפיציטן, האָבן א טייל אנארכיסטן אוועקגעגעבן זייערע לעצטע אָפּגעשפּאָרטע דאָלארן. דער צווייטער יום-כפּור באַל איז אויפגעגעבן געוואָרן אין לעצטן מאָמענט כדי אויסצומיידן א פּאָליציייאישן איבערפאַל און ראַיאָטן, און דאָס האָט נאָכמער פארשטאַרקט דעם מאַטעריעלן דרוק.

אין זומער 1892 האָט מען שוין געפילט די טריט פון אָנקומענדיגן עקאָנאָמישן קריזיס, און די אָפּגעשוואַכטע „פ. א. ש." איז גלייך געפאַלן א קרבן — זי איז אָפּגעשטעלט געוואָרן. די „פּיאָנערן" האָבן זיך ניט געוואָלט אזוי שנעל אונטערגעבן, און אין מערץ, 1893, פּרובירט זי באנייען. עס האָבן אָבער געפעלט די מיטלען צו זיכערן איר עקזיסטענץ, און זי איז דערפאַר ניט ארויס רעגעלמעסיג ביז איר צווייטן אָפּשטעל אין 1894.

דער באַיקאָט פון די „געווערקשאַפטן" אויף דער „פ. א. ש." האָט באוואוינגן די אנארכיסטן צו שאַפן אַן אייגענעם פּראָפעסיאָנעלן פארבאנד, וואס האָט געטראָגן דעם נאָמען „יונייטעד טרעיד יוניאָנס". די „יוניאָן צייטונג" פון נייעם פארבאנד האָט געפירט דעם קענן אָנגריף.

## שמ"ר'ס צייטשריפטן

דער פּאָפּולערער ראָמאַניסט נחום מאיר שייקעוויטש-שמ"ר איז אין 1889 געקומען קיין אַמעריקע און דאָ האָט ער אַחוץ שרייבן דראַמען און ראָמאַנען אויך אָנגעהויבן אַרויסגעבן צייטשריפטן. צווישן זיי:

„דער מענשענפריינד". וואָכנשריפט. דערשינען צווישן 1889 און 1891. דאָס איז געווען אַ „בעלעטריסטישע וואָכנשריפט פיר נייעס, ליטעראַטור, קונסט אונד אונ-טערהאַלטונג".

„דער נייער טעלעפאָן". וואָכנבלאַט. עס זיינען אַרויס בלויז עטלעכע נומערן.

„דער וועגווייזער אין דער אַמעריקאַנער ביזנעס-וועלט". וואָכנשריפט. האָט אָנגעהויבן דערשיינען דעם 8טן פעב-רואַר, 1892. עס זיינען אַרויס 3 נומערן.

## הומאָריסטישע בלעטער

סוף די 80קער יאָרן האָבן זיך באַוויזן די ערשטע הו-מאָריסטישע צייטשריפטן, און זייער צאָל האָט שפּעטער גענומען שטייגן, אָבער זיי האָבן ניט געהאַט קיין אריכת ימים. עס זיינען באַקאַנט די פאָלגנדע הומאָריסטישע בלעטער:

„פרייטאַג-צו-נאַכטס", רעדאַקטירט פון לואיס שנא-בעל, ניו-יאָרק, 1888.

„די גרויסע בייטש", רעדאַקטירט פון דוד אַפּאָטהע-קער און יוסף פּעטריקאָווסקי, ניו-יאָרק. דערשינען 15 נומערן. דער זשורנאַל איז געווען געווידמעט ליטעראַ-רישער פּאָלעמיק.

„דער ליטוואַקעל", וואָכנבלאַט, רעדאַקטירט פון י. אַ. יאַפּפאַ, ניו-יאָרק, 1889. בלויז עטלעכע נומערן זיינען אַרויס.

„דער פּלוידערזאַק", הומאָריסטישע אויסגאַבע, ניו-יאָרק, 1893. עטלעכע נומערן.

„דער אשמדאי", וואָכנבלאַט, רעדאַקטירט פון מאָרים ראָזענפעלד און א. מ. שאַרקאַנסקי, 1894. דער לעצטער נומער איז טיטולירט „דער המן קלאַפּפער".

„דער יודישער פּאָק", וואָכנשריפט, רעדאַקטירט פון נחום מאיר שייקעוויטש-שמר און משה זייפערט. האָט אָנגעהויבן דערשיינען דעם 29טן נאָוועמבער, 1894, און איז אַרויס ביז 1896.

## יום־טוב בלעטער

דעם ערשטן פּרוּוו אַרויסצוגעבן ספּעציעלע זאַמלונ-גען לכבוד יום-טוב האָט געמאַכט נחום מאיר שייקע-וויטש-שמ"ר. דעם 17טן אָקטאָבער, 1893, האָט גענומען דערשיינען זיין הומאָריסטישער זשורנאַל „דער לאַנד-חכם", אָבער די ווייטערדיקע נומערן זיינען געווען בעיקר צו דער געלעגנהייט פון ימים-טובים, ווי „דער שרייער" (פּורים), „דער אפיקומן" (פּסח), „דער גרינער" (מאַי), „דער גן-עדן" (שבועות), „דער כל-בוניק" (זומער), „דער שופר" (ימים נוראים), „דער אתרוג" (סוכות).

די דויערנדיגסטע יום-טוב אויסגאַבעס זיינען אַרויס-געגעבן געוואָרן פון חנן יעקב מיניקעס. דעם 6טן יוני, 1897, איז אַרויס די ערשטע זאַמלונג פון מיניקעס' „יום-טוב-בלעטער", וואָס זיינען דערשינען ביז זיין טויט אין 1932. מיניקעס האָט אויך פּרובירט אַרויסגעבן יאָרבי-כער און אַ צייט אַפילו פאַרוואַנדלט די „יום-טוב בלעטער" אין אַ חודש-זשורנאַל. אין די לעצטע יאָרן זיינען „מיני-קעס יום טוב בלעטער" געווען זאַמלונגען פון ליטעראַרישן מאַטעריאַל, וואָס ער האָט אַרויסגענומען פון דער יידי-שער טעגלעכער פּרעסע.

## יעקב גאָרדין, ב. פייגענבוים

אין 1891 איז געקומען קיין אַמעריקע יעקב גאָרדין, וועלכער האָט זיך קונה-שם געווען אין רוסלאַנד אַלס פּי-רער פון דער „ביבלישער ברידערשאַפט" („ביבלעיסקאָיע בראַטסטוואָ"). גאָרדין האָט דעביוטירט אין דער „אַרביי-טער צייטונג" מיט אַ דערציילונג „די אַבלאַווע" (גע-דרוקט דעם 4טן סעפּטעמבער, 1891), אָבער כדי צו דער-נערן זיך און זיין משפּחה האָט ער געדאַרפט גרעסערע פאַרדינסטן. אַ דאַנק קראַנצן איז גאָרדין צוגעצויגן גע-וואָרן צו דער יידישער בינע ווי אַ דראַמאַטורג און מיט זיין ערשטער פּיעסע „סיביר" האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע תקופה אין אַמעריקאַנער יידישן טעאַטער, אין יידישן טע־אַטער בכלל און אין דער יידישער דראַמאַטורגיע.

אַ וויכטיקן סאָציאַליסטישן שריפטשטעלער און פריידענקערישן אַגיטאַטאָר האָט די „א. צ." צוגעקראָגן ווען בנימין פייגענבוים איז פון לאָנדאָן געקומען קיין אַמעריקע.

געצל זעליקאָוויטש און די דיכטער יוסף באָווּשאָווער, מאָרים ראָזענפעלד און א. מ. שאַרקאַנסקי זיינען געווען צווישן די פּאָעטן וועמעס לידער ס'האָבן זיך אָפט געוויזן אין דער „א. צ." אין 1894 האָבן די לייענער זיך אָנ-געהויבן באַקענען מיט די לידער פון א. ליעסין, — דעם אין-מינסק און-ווילנע פּאָפּולערן אברהם וואַלט.

קראַנץ איז געווען רעדאַקטאָר פון דער „אַרבייטער צײ-טונג" ביז זומער 1891. דערנאָך איז ער אַוועקגעפאָרן קיין שיקאַגע. רעדאַקטאָר איז געוואָרן אַב. קאַהאַן. צוריקגעקומען האָט קראַנץ זיך אַריינגעטאָן אין זיין שטודיום צו ווערן אַ כעמיקער און פאַר דער „אַר-בייטער צייטונג" האָט ער געשריבן פון צייט-צו-צייט. אונטער קאַהאַנס רעדאַקציע האָבן אין דער „אַ. צ." זיך אָנגעהויבן דרוקן דערציילונגען און פעליעטאָנען פון י. ל. פּרץ, אונטערן פּסעוודאָנים פּלא"י. שפּעטער זיינען אויך צוגעקומען אַלס מיטאַרבעטער ב. גאָרין (י. גוידאָ), וועלכער איז שוין פון אייראָפּע געקומען מיט אַ שם אַלס „פּראָלעטאַרישער" דערציילער אויף העברייאיש, לעאָן קאָברין און ז. ליבין.

## „די צוקונפט"

„די צוקונפט" איז געגרינדעט געוואָרן דעם 5טן יולי, 1891, אויף אַ קאָנפערענץ פון יידישע סאָציאַליסטישע


Das Abend Blatt. — דאס אבענד-בלאַטט — The Evening Paper.

VOL. II No. 473 — NEW YORK & PHILADELPHIA SATURDAY, MAY 2, 1896. — PRICE ONE CENT.

דאָס ערשטע יידישע סאָציאַליסטישע טאָג-בלאַט. א נומער פון 1896

פאַריינען — אָפּטיילונגען פון דער סאָציאַליסטישער אַר-
בעטער פּאַרטיי (ס. ל. פּ.) — און דאָס איז ניט געווען
סתם א קאַפּריז מצד די פירער פון דער אַלץ מער זיך
אויסשפּרייטנדיגער יידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג.
עס האָט זיך געפילט די נויטיגקייט אין א זשורנאַל, וואָס
זאָל געבן דעם וויסן-דורשטיגן יידישן אַרבעטער און ראַ-
דיקאַל אַזא גייסטיגע שפּייז, וואָס די פּאַרטיי-פּרעסע איז
ניט געווען מסוגל צו געבן. פאַר רעדאַקטאָר איז אויסגע-
קליבן געוואָרן פיליפּ קראַנץ. דער ערשטער נומער איז
אַרויס אין יאַנואַר, 1892.

פאָרמעל איז די „צוקונפט" געווען א חודש-זשורנאַל
— „א וויסנשאַפטלעך-סאָציאַליסטישע מאָנאַט-שריפט"—
אָבער אין דער ערשטער צייט איז זי דערשינען מיט א סך
איבעררייסן. אין משך פון די ערשטע צוויי יאָר זיינען
אַרויס נאָר ניין נומערן. נאָך דעם ווי אב. קאַהאַן איז
אויסגעקליבן געוואָרן פאַר רעדאַקטאָר — אויפן פּאַרטיי-
צוזאַמענפאָר אין נואַרק, נ. דזש., סוף 1893 און אָנהויב
1894, איז די „צוקונפט" דערשינען רעגולער יעדן חודש,
ביז זי איז אָפּגעשטעלט געוואָרן אין אויגוסט, 1897, אי-
בער דער שפּאַלטונג אין די יידישע סאָציאַליסטישע
רייען.*)

*) משה שטאַרקמאַן: „די צוקונפט" — „צוקונפט", מאַי-יוני, 1942, זז. 262-272.

## ראָמאַנען און העפטן

פּאַראַלעל מיט דער פּאָפּולער-וויסנשאַפטלעכער ליטע-
ראַטור פאַר וויסנדורשטיקן יידישן אימיגראַנט, האָט זיך
אויך אַנטוויקלט דער סענסאַציאָנעלער ראָמאַן. יעקב סאַ-
פּירשטיין, שפּעטערדיקער אַרויסגעבער פון „אבענד פּאָסט"
און דערנאָך גרינדער פון „מאָרגן זשורנאַל" האָט אָנגע-
הויבן אַרויסגעבן ראָמאַנען אין המשכים, ד. ה. העפטנ-
ווייז, פאַר יענע לייענער, וואָס האָבן ניט געקענט קויפן א
גאַנצן ראָמאַן מיטאַמאָל. סאַפּירשטיינען האָבן נאָכגעטאָן
נ. מ. שייקעוויטש-„שמ"ר" און דער פאַרלעגער קאַנטאָראָ-
וויטש און דער מאַסן-לייענער האָט יעדע וואָך געוואַרט
מיט אומגעדולד אויפן פרישן העפט פון יעדן ראָמאַן. די
יידישע טעגלעכע צייטונגען האָבן אַזעלכע פאַרווײַלונג-ראָ-
מאַנען אָנגעהויבן דרוקן יעדן טאָג; די צייטונגס-הענדלער
האָבן, אַנשטאָט צו פאַרקויפן די „העפטן" אָנגעהויבן
אויסבאָרגן זיי צו די לייענער פאַר א קליינעם אָפּצאָל —
און דאָס זיינען געווען די צוויי הויפּט-סיבות, וואָס האָבן
געפירט צום סוף פון דער „העפטן"-תקופה אין דער גע-
שיכטע פון יידישן פאַרווײַלונג-ראָמאַן דאָ אין לאַנד.*)

*) ש. שיינפעלד: „געשיכטע פון דער יידישער שריפט-זעצער יוניאָן", ניו-יאָרק, 1938, זז. 46-47; אליהו שולמאַן: „געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע", ניו-יאָרק, 1943, זז. 84-103.

### „אבענד־בלאַט"

אונטער פיליפּ קראַנצ'ס רעדאַקציע האָט דעם 14־טן אָקטאָבער, 1894, אָנגעהויבן דערשיינען דאָס „אבענד־בלאַט", די ערשטע יידישע סאָציאַליסטישע צייטונג אין גאַר דער וועלט. דאָס „אבענד־בלאַט" פלעגט ארויסגיין בלויז זעקס מאָל אין וואָך, און די „ארבעטער צייטונג" איז געווען די זונטיק־אויסגאַבע. „דאס אבענד־בלאַטט פון דיא ארבייטער צייטונג" — איז געווען דער אָפיציעלער טיטול פון טאָגבלאַט. ערשט אין 1896 איז די „ארבעטער צייטונג" אָפּגעשטעלט געוואָרן און אויף איר אָרט האָט אָנגעהויבן דערשיינען דאָס „זונטאג אבענד־בלאַט". די „ארבעטער צייטונג" איז געבליבן א פּראָווינץ־אויסגאַבע פון דעם מאַטעריאַל, וואָס האָט זיך דורך דער וואָך געדרוקט אין „אבענד־בלאַט".

די יידישע אַנאַרכיסטן, וועלכע האָבן געלייגט א סך געוויכט אויף דער טעאָרעטישער זייט פון זייער אידייע און אויף אינטעלעקטואַליזם בכלל, האָבן אין 1895 אָנגעהויבן ארויסגעבן „די פריע געזעלשאַפט" — „א מאָנאַטלעכער זשורנאַל פיר די פאָרטגעשריטענסטע אידעען" — אונטער דער רעדאַקציע פון מ. לעאָנטיעף (לעאָן ס. מאיסעיעף). די צאָל לייענער איז ניט געווען גרויס גענוג, אז די „פ. ג." זאָל זיך קענען אויסהאַלטן און דער זשורנאַל איז אָפּגעשטעלט געוואָרן נאָך א יאָר דערשיינען. אין הארבסט 1899 איז זי ווידער באַנייט געוואָרן אונטער דער רעדאַקציע פון מאָיסעיעף־לעאָנטיעף און דר. י. א. מעריסאָן. מעריסאָן האָט רעדאַקטירט די וויסנשאַפטלעך פּאָליטישע אָפּטיילונג און לעאָנטיעף די ליטעראַרישע. אָבער אַחוץ געלט־מיטלען האָבן אין דעם צווייטן אונטערגאַנג אויך געשפּילט אַ ראָלע די חילוקי־דעות צווישן די אָנפירער פון זשורנאַל, וועלכער איז געווען א מוסטערהאַפטע אויסגאַבע אין א סך פּרטים, און וויכטיקע ליטעראַרישע כחות, אי פון די אַנאַרכיסטישע רייען, אי פון דער אמעריקאַנער יידישער ליטעראַרישער וועלט האָבן זיך אין אים באַטייליקט.*)

### די שפּאַלטונג**)

מיט'ן פּאַנאַנדערוואוקס פון דער יידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג און איר פּרעסע, זיינען אויך ארויסגעוואַקסן גרופּעס אקטיווע, פּראַקטישע טוער, אידעאַליסטן, וואָס האָבן אויף זייערע אַקסלען געטראָגן א היפּשן טייל פונ'ם יאָך פון דער באַוועגונג. עס האָבן זיך אויך ארויסגעשיילט פּירנדיקע פיגורן, שרייבער־אינטעליגענטן, וואָס זיינען געווען די אינטעלעקטועלע באַזע פון יידישער סאָציאַליסטישער מינדלעכער און שריפטלעכער פּראָפּאַגאַנדע. צווישן די לעצטע האָבן זיך געפונען אזעלכע, וועמעס אייבערצייגונגען זיינען ניט געווען אין הסכם מיט דער שטעלונג פון דער פּאַרטיי און איר פירער דע ליאָן צו פּראַגן פון יוניאָניזם, פּאַרטיי־דיסציפּלין א. ד. ג. (אב. קאַהאַן, מאָריס ווינטשעווסקי). עס האָט אויך ניט געפעלט קיין אומצופרידנקייט צוליב ריין־פּערזענלעכע קריוודעס (ל. מיללער, מ. זאמעטקין). גראד דעמאָלט ווען די יידישע סאָציאַליסטישע באַוועגונג האָט זיך געגומען אַלץ מער פאַרפּונדעווען אויף דער יידישער גאַס, איז געקומען די שפּאַלטונג, וואָס האָט צעשפּליטערט די כחות. פון איין סאָציאַליסטישער באַוועגונג אויף דער יידישער גאַס, זיינען געוואָרן צוויי, און איין צד האָט ביטער באַקעמפט דעם אַנדערן. פיליפּ קראַנץ און ב. פייגענבוים זיינען געווען פון דער קליינער גרופּע שרייבער־פירער, וואָס זיינען געשטאַנען מיט די אקטיוויסטן, וועלכע זיינען פון די אָפּאָזיציאָנערן באַשולדיקט געוואָרן אין פאַרוואַנדלען דעם פאַרוואַלטונגס־ראַט פון דער „א. צ. פּאָבלישינג אסס'ן" אין א „קליקע", וואָס רעכנט זיך ניט מיט קיינעם, און זי טוט, וואָס איר געפעלט.

### באָסטאָנער „אמת". — אָנהייב פון ריס

באָסטאָן איז געווען איינע פון די ווינציקע שטעט, וואו דער ריס צווישן די אַנאַרכיסטן און סאָציאַליסטן איז ניט געווען אזוי שאַרף, און אין א צאָל האַלען האָבן ביידע גרופּעס קאָאָרדינירט זייערע טעטיגקייטן. די באָסטאָנער סאָציאַליסטן זיינען געווען אומצופרידן מיט דער קענגערשאַפט פון דער „א. צ." צו דער נייער שניידער ארבעטער יוניאָן (יונייטעד גארמענט וואָירקערס יוניאָן). זיי האָבן אויפ'ן צוזאמענפאָר אין 1894 געפאָדערט א נייעם אָרגאַן, אָבער זייער פאָדערונג איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן און — זיי האָבן אליין אָנגעהויבן ארויסגעבן אַן אייגענע וואָכנשריפט — „דעם אמת".

די פּראָווינצער סאָציאַליסטן זיינען געווען יענע אויף וועמעס פאָדערונג ס'איז סוף 1895 פאָרגעקומען דער „פּאַרטיי־טאָג" אָפּצושטעלן דעם אינערלעכן קאמף אין דער „אידישער סעקציאָן" בנוגע דער „א. צ.".

*) „די פריע געזעלשאַפט" איז באַנייט געוואָרן אין 1910, אונטער מעריסאָנ'ס רעדאַקציע: דערנאָך איז ש. יאַנאָווסקי געוואָרן רעדאַקטאָר. אין 1911 איז דער זשורנאַל אָפּגעשטעלט געוואָרן אויף שטענדיק.

**) וועגן דער שפּאַלטונג אין די יידישע סאָציאַליסטישע מעמוארן איז אַ היפּש געשריבן געוואָרן פונ'ם צד פון די אָפּאָזיציאָנערן, וועמעס שטאַנדפּונקט ווערט אויך איבערגעגעבן אין ה. בורגינ'ס „געשיכטע". פון די לאָיאַלע האָט בלויז איינער געשריבן אויספירלעך וועגן יענער געשעעניש. די מעמואריסטן זיינען נאַטירלעך סוביעקטיוו און ס'איז אַ גליטשיגער וועג פאַרן פאָרשער ארויסצוטראָגן זיין פּסק. אונזער ארבעט טראָגט דעם כאראקטער פון אַ היסטאָרישער איבערזיכט, און יענע לייענער, וואָס ווילן אויסהערן די טענות פון פירער פון ביידע צדדים, שיקן מיר אָפּ צו: אב. קאַהאַנ'ס „בלעטער פון מיין לעבן" (דריטער באנד), ניו־יאָרק, 1926, און יעקב מילכ'ס „די אנטשטייאונג פון „פאָרווערטס" און זיין קאמף מיטן „אבענד בלאט" (ניו־יאָרק, 1936). ווינטשעווסקי'ס ראָלע אינם קאמף ווערט געשילדערט אין ק. מרמרס „מאָריס ווינטשעווסקי, זיין לעבן, ווירקן און שאפן". דעם אנארכיסטישן בליק אויפן קאמף אין די סאָציאַליסטישע רייען קען מען זען דורך י. קאָפּעלאָוו'ס „אַמאָל אין אמעריקע", וואַרשע, 1926.

ווינטשעווסקי איז נאָך אַ קורצער צייט וואווינען אין ניו-יאָרק אוועק קיין באָסטאָן, וואו ער איז געוואָרן רעדאַקטאָר פון דעם וואָכנבלאַט „דער אמת“*), וואס דער באָסטאָנער אָפּטייל פון דער יידישער סעקציע ס. ל. פּ. האָט אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן.

ניט קיין קליינע ראָלע אין ווינטשעווסקי'ס אַנטאַגאָניזם צו דער „א. צ.“ און „אבענד-בלאַט“ האָט געשפּילט זיין אַנטאַגאָניזם צו קראַנצן, וועמען ער האָט ניט געקענט מוחל זיין דעם אמאָליקן קאַמף קעגן דעם אומפּאַרטייאישן אָדער איבער-פּאַרטייאישן כאַראַקטער פון „לאָנדאָנער אַרבייטער פריינד“. ווינטשעווסקי איז שוין אין לאָנדאָן געווען קעגנעריש געשטימט צו דעליאָנען. ער האָט דערפאַר זיך געשטעלט אויפן צד פון דער אָפּאָזיציע.

אין „אמת“ האָט ווינטשעווסקי גענומען שטורעמען קעגן דער ניו-יאָרקער יידישער סאָציאַליסטישער פּרעסע. דעם אָנהייב האָט ער געמאַכט מיט אַן אַרטיקל „פויל אָדער צוגעפוילט“ (דאָרט, 9טן אויגוסט, 1895), אין וועלכן ער האָט שאַרף קריטיקירט די דעה-זאָגער איבער דער יידישער סאָציאַליסטישער פּרעסע פאַר ניט דערלויבן „פרייע קריטיק“.

דער שטאַנדפּונקט פון די „לאָיאַלע“ איז געקומען צום אויסדרוק אויף די שפּאַלטן פון „אמת“, אי אין בריוו פון לייענער, אי אין אַן אַרטיקל פון יעקב מילך „זעלבסט-קריטיק און גלאַט קריטיק“ (נומ. 22, 1895). צו מילכ'ס אַרטיקל האָט ווינטשעווסקי צוגעגעבן אַ ריי באַמערקונגען, אָפּצושלאָגן דעם קעגנערס באַהויפּטונגען.**)

אפילו די אָפּאָזיציאָנערן האָבן ניט מסכים געווען צו אַלץ, וואס ווינטשעווסקי האָט געשריבן וועגן „אבענד-בלאַט“ און זיינע פירער, אבער פאַראייניקט האָט זיי די קעגנערשאַפט צו דעליאָנ'ען.

אויפ'ן „פּאַרטיי-טאָג“, וואס איז געעפנט געוואָרן אין ניו-יאָרק דעם 28טן דעצעמבער, 1895, איז דער קאַמף פון דער אָפּאָזיציע פאַרשטאַרקט געוואָרן.

דעם 9טן יאַנואַר, 1896, איז אָרגאַניזירט געוואָרן דאָס פּאַרטייאישע „שידעס-געריכט“, וואס האָט זיך באַמיט צו ברענגען צו אַ פּשרה און שלום צווישן ביידע צדדים. די „אָפּאָזיציע“ איז נאָך אַלץ געבליבן אומצופרידן. קאַהאַן האָט רעזיגנירט אַלס רעדאַקטאָר פון דער „א. צ.“ די אָפּאָזיציאָנערן האָבן צוגעקראָגן ביסלאַכווייז נייע אָנהענגער, און געהאָפט, אַז עס וועט זיי געלינגען צו מאַיאָריזירן די „לאָיאַלע“. עס זיינען צוגעגרייט געוואָרן דרייסיק נייע קאַנדידאַטן פאַר מיטגליער אין דער אַסאָסיאַיישאָן, ווייל די אָפּאָזיציע האָט ניט געגלויבט, אַז דער אויסגלייך פון „שידעס געריכט“ וועט טאַקע ברענגען אמת'ן שלום. ווינטשעווסקי, מיללער, זאַמעטקין און קאַהאַן זיינען געווען די פאַקטישע אָרגאַניזאַטאָרס פון דעם טריט.

די נייע מיטגלידער האָבן געדאַרפט אויפגענומען ווערן ביי דער יערלעכער פאַרזאַמלונג פון דער „אַסאָסיאיישאָן“, דעם 7טן יאַנואַר, 1897, ווען מ'האָט אויך געדאַרפט וויילן דעם רעדאַקטאָר פון „אבענד-בלאַט“. די לאָיאַלע האָבן זיך דערוואוסט פון דעם פּלאַן פון די אָפּאָזיציאָנערן, און זיי האָבן אויך צוגעגרייט זייערע קאַנדידאַטן. ביידע צדדים זיינען גלייך געקומען צו אַ צוזאַמענשטויס בנוגע פאַרשידענע פונקטן: ווי אַזוי צו וויילן דעם פּרעזיצער, ציילן די שטימעס, אויפנעמען נייע מיטגלידער א. ד. ג. ווען די אָפּאָזיציאָנערן האָבן איינגעזען, אַז זיי וועלן זייערס ניט קענען אויספירן, זיינען זיי אויפ'ן רוף פון ל. מיללער אוועק פון דער פאַרזאַמלונג. 52 זיינען אוועק און 71 זיינען געבליבן. קראַנץ איז ווידער דערוויילט געוואָרן פאַר רעדאַקטאָר, און ב. פייגנבוים צוזאַמען מיט דר. האַלפּערן האָבן געדאַרפט אכטונג געבן אויף דעם כשרות פון פּאָלעמישן שטאָף, וואס וועט געדרוקט ווערן קעגן דעם צד שכנגד. דעמזעלבן אָוונט האָבן די אָפּאָזיציאָנערן געדונגען אַ צימער אין וואַלהאַלאַ-האָל, 52-56 אָרטשאַרד סטריט, ניו-יאָרק, און דאָ האָבן זיי אָפּגעהאַלטן זייער פאַרזאַמלונג.

אויף דער דאָזיגער פאַרזאַמלונג זיינען געמאַכט געוואָרן די ערשטע הכנות אָנצוהייבן אַן אָרגאַניזירטן קאַמף קעגן די לאָיאַלע. עס האָט זיך געגרינדעט דער „סאָציאַליסטישער פּרעס-פאַריין“, און ס'איז באַשטימט געוואָרן אַ דערקלערונג אין דער עפנטלעכקייט וועגן די סיבות פון דער שפּאַלטונג. לויט מיללער און מאָרים ווינטשעווסקי האָבן אָנגעשריבן די דערקלערונג אין נאָמען פון די 52 אַרויסגעטרעטענע. די דערקלערונג, פון פיר זייטן, 11x7, צו צוויי שפּאַלטן אויף אַ זייט, איז גלייך אָפּגעדרוקט און שטאַרק פאַרשפּרייט געוואָרן.

ניט אַלע אונטערגעשריבענע אויף דער דערקלערונג זיינען געווען צופרידן מיט איר, ווייל זי האָט געהאַט אויסדרוקן, וועלכע זיינען געווען צו-שאַרף און עס זיינען געווען פּראָטעסטן, מינדלעכע און שריפטלעכע פון אָפּאָזיציאָנערן גופא.*)

אין „אבענד-בלאַט“ פון 21טן יאַנואַר, 1897, האָט די „פּאָבלישינג אַסס'ן“ רעאַגירט אויף דער שפּאַלטונג מיט אַ דערקלערונג „אַן אַלע זעלבסטדענקענדע אַרבייטער“, און איבערגעגעבן דעם שטאַנדפּונקט פון איר צד. אין

---

*) „דער אמת“, אַ וועכענטליכעס פאמיליען-בלאַט פיר ליטעראַטור און אויפקלערונג, אַרויסגעגעבען פון דיא אידישע סעקציאָן ס. ל. פּ. אין באָסטאָן. רעדזשירט פון מ. ווינטשעווסקי“. — איז דערשינען פון 3טן מאַי, 1895 ביזן 17טן יאַנואַר, 1896, 37 נומערן.

**) יעקב מילך: „די אנטשטייאונג פון „פאָרווערטס“... ניו-יאָרק, 1936, זז. 55-60.

*) זע ה. קינג אין „אבענד-בלאַט“ פון 15טן יאַנואַר, 1897. דער טעקסט פון דער דערקלערונג און אַנדערע מאַטעריאַלן זיינען פאַרעפנטלעכט אין מיין אַרבעט „צו דער געשיכטע פון דער יידישער סאָציאַליסטישער פּרעסע אין די פאַראייניקטע שטאַטן“, — „ייוואָ-בלעטער“, דעצעמבער, 1932, זז. 354-387. יעקב מילכס אויבנדערמאָנטע זכרונות באַציען זיך אויף דער באַלייכטונג פון די מאַטעריאַלן, וועלכע איך האָב פאַרעפנטלעכט.


Vorwärts! Forward!

פֿאָרווערטס

VOL. I, No. 196 NEW YORK & PHILADELPHIA, WEDNESDAY, DECEMBER 8, 1897 PRICE ONE CENT

גידער מיט דיא יודען!" „נידער מיט עמיל זאלא!"

מען געברויכט ניט קיין „פּאַרלע" וואו עס זיינען דא געזונדע פערד!

א קינסטלערינ'ס לידען

א נומער פון׳ם ערשטן יאָרגאַנג „פאָרווערטס"

דעמזעלבן נומער איז אויך אָפּגעדרוקט דער מאַניפעסט פון דער „א. צ. פּאָבלישינג אסס׳ן" וועגן די סיבות פון דער שפּאַלטונג.

### גרינדונג פון „פאָרווערטס"

די פעדעראציע פון די פּרעסע-קלובן, געגרינדעט דורך די אָפּאָזיציאָנער, האָט איינגעאָרדנט א ריי גרעסערע פאַרזאַמלונגען, וואס אויף זיי איז גערעדט און אגיטירט געוואָרן וועגן דער געפּלאַנעוועטער נייער צייטונג. אין משך פון 30טן און 31טן יאנואר איז פאָרגעקומען די ערשטע קאָנפערענץ פון די פּרעס-פאַריינען. אויף דער דאָזיקער קאָנפערענץ פון פּרעס-פאַרבאַנד זיינען דאָס אָנגענומען געוואָרן די ענדגילטיגע באשלוסן וועגן דער נייער צייטונג. ס׳איז אָנגענומען געוואָרן ל. מיללערס פאָרשלאָג, אז די צייטונג זאָל הייסן „פאָרווערטס" און אב קאַהאַן איז איינשטימיק דערוויילט געוואָרן רעדאקטאָר. די אָפּאָזיציע האָט דערוויל איינגעאָרדנט א „לעבעדיקע" אָדער „געשפּראָכענע צייטונג". די פירער פון דער אָפּאָזיציע זיינען ארויסגעטראָטן מיט לידער, לייט-ארטיקלען, פעליעטאָנען א. ד. ג. א חודש שפּעטער, דעם 5טן מערץ, איז אזא „געשפּראָכענער" נומער „פאָרווערטס" געליוועט געוואָרן אויך אין אנדער פאַרזאַמלונג איינגעאָרדעט פון „פּרעס-פאַריין".

דעם 22טן אפּריל, 1897, איז דערשינען דער ערשטער געדרוקטער נומער „פאָרווערטס".*)

### „די נייע צייט"

אנשטאט דער „צוקונפט", וואס איז געבליבן אין די הענט פון דער אָפּאָזיציע, האָבן די „לאָיאלע" אָנגעהויבן ארויסגעבן אן איינענעם חודש-זשורנאל „די נייע צייט", רעדאקטירט פון ב. פייגנבוים, מיט דער הילף פון א רעדאקציע-קאָלעגיע. דער זשורנאל האָט זיך קוים געהאַלטן א יאָר. די לעצטע צוויי נומערן זיינען ארויס אונטער קראַנצ׳ס רעדאקציע.

דעם 10טן מאַי, 1898, איז ארויס דער ערשטער נומער. אין די דערשינענע נומערן האָבן, צווישן אנד., זיך באטייליקט, אחוץ די רעדאקטאָרן, ה. סימפּסאָן, נ. סטאָון, ל. בודין-בודיאנאָוו, — וועלכע זיינען געווען מיטגלידער פון דער רעדאקציאָנעלער קאָלעגיע, — אב. קאַספּע, מ. בעער, מ. באראנאָוו, מ. הילקאָוויץ, יעקב מילך, וויליאם עדלין, דר. י. גירזשדאנסקי, דר. האלפערן, ס. פּאָללאַק, דר. מ. ראָס, מ. בערנשטיין און י. מאַגידאָוו.

### וואוקס פון טעגלעכער פּרעסע

אין די 90-קער יאָרן האָט די יידישע טעגלעכע פּרעסע זיך גענומען איינפונדעווען און ס׳האָבן זיך געפונען פּריוואטע ארויסגעבערס צו פינאַנסירן אזעלכע גרויסע אונטערנעמונגען. די נייע יידישע טאָגבלעטער פון די 90-קער יאָרן זיינען געווען:

דער טעגליכער העראָלד. טאָגבלאט, רעדאקטירט פון מ. מינץ, ניו-יאָרק. האָט אָנגעהויבן דערשיינען דעם 23טן אויגוסט, 1894, מיט א וועכנטלעכער פּראָווינץ-אויסגאבע

*) וועגן דער וויטערדיקער געשיכטע פון „פאָרווערטס" שרייבט אין דעם זאַמלבוך מ. אָשעראָוויטש.

„פּאָלקס-אַדוואָקאַט". דער „טעגלעכער העראָלד" האָט דעם 11טן נאָוועמבער, 1905, אָנגעהויבן דערשיינען אונטערן נאָמען „דיא ווארהייט", רעדאַקטירט פֿון ל. ע. מיללער ביז 1914, שפּעטער פֿון ל. גאָניקמאַן, ביז 1919, ווען „די ווארהייט" איז איינגעשלונגען געוואָרן פֿון „טאָג".

טעגליכע פּרעססע, טאָגבלאַט, רעדאַקטירט פֿון געצל זעליקאָוויטש, ניו-יאָרק. דערשינען פֿון 17טן מאַי ביזן 2טן סעפּטעמבער, 1898.

אבענד פּאָסט, ניו-יאָרקער, טאָגבלאַט, אַרויסגעגעבן פֿון יעקב סאַפּירשטיין און ראָזענבערג, רעדאַקטירט פֿון געצל זעליקאָוויטש. יאָרגאַנג 1-3, פֿון 3טן פֿעברואַר, 1899 ביזן 5טן דעצעמבער, 1901. אַ וועכנטלעכע אויסגאַבע פֿון אַליץ, וואָס האָט זיך געדרוקט אין „אבענד פּאָסט" איז געווען „דער אידישער זשורנאַל", וואָס איז דערשינען פֿון 26טן מאַי, 1899 ביזן 20טן אַפּריל, 1906.

אויך אין שיקאַגע איז אַנטשטאַנען אַ יידישע טאָגפּרעסע.

דער יידישער קוריער איז געגרינדעט געוואָרן אין 1887, ווי אַ וואָכנשריפט, אונטער דער רעדאַקציע פֿון לעאָן זאָלאָטקאָף, און איז אַ לענגערע צייט אַרויסגעגעבן געוואָרן פֿון שרהזאָן און זון, די אַרויסגעבער פֿון „ניו-יאָרקער „יידישן טאַגעבלאַט". אין 1892 איז דער „קוריער" פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ טאַגבלאַט און דאָס „שיקאַגער וואָכנבלאַט" איז געוואָרן אַ וועכנטלעכער איבערדרוק פֿון אַליץ, וואָס האָט זיך געדרוקט אין „קוריער". דאָס „וואָכנבלאַט" איז אַרויסגעגעבן געוואָרן פֿאַר די ליינער אין מיטל-מערב שטעט מחוץ שיקאַגע. אין די שפּעטערע יאָרן איז דער „קוריער", אַ קאָנסערוואַטיוו-אָרטאָדאָקסישע צייטונג רעדאַקטירט געוואָרן פֿון דר. ש. מ. מלמד. זינט 1929 ביז דעם אונטערגאַנג פֿון דער צייטונג אין 1944 איז דער „קוריער" רעדאַקטירט געוואָרן פֿון דר. מרדכי כ"ץ. דער „קוריער" איז געווען דער ווייכטיקסטער אָרגאַן פֿון דער יידישער אָרטאָדאָקסיע און פֿון דער ציוניסטישער באַוועגונג אין דער מיטלוועסט. דער „קוריער" האָט אויך געהאַט אַ ליטעראַרישע ביילאַגע און אָפּגעגעבן אַ סך אָרט פֿאַר ידיעות וועגן דער יידישער און העברעיִשער ליטעראַטור.

אין די 90קער יאָרן איז אַ קורצע צייט אויך אַרויס דאָס „שיקאַגאָ'ער אידישער טאַגעבלאַט", אונטער דער רעדאַקציע פֿון לעאָן זאָלאָטקאָף.

## וואָכנשריפטן און חודש-זשורנאַלן

סוף די 80-קער יאָרן און אין משך פֿון די 90-קער יאָרן איז אין ניו-יאָרק געווען אַ גרויס גערעטינש אויף נייע וואָכנשריפטן און חודש-זשורנאַלן. אַחוץ די שוין-פֿריער אויסגערעכנטע דאַרפֿן דערמאָנט ווערן די וואָכנבלעטער:

פּאָלקס-בלאַט, רעדאַקטירט פֿון דוד אַפּאָטהעקער, 1889. אַרויס בלויז דריי נומערן.

דער יודישער העראָלד, רעדאַקטירט פֿון געצל זעליקאָוויטש, אָנגעהויבן דערשיינען אין פֿעברואַר, 1890. אַרויס 26 נומערן.

דיא זון, רעדאַקטירט פֿון מאָריס ראָזענפֿעלד, יואל אַראָנסאָן און יעקב טער, ניו-יאָרק, יוני-יולי, 1892. אַרויס זיבן נומערן.

דער קריטיקער. רעדאַקטירט פֿון י. יאַפּפּאַ, 1893. אַרויס בלויז 5 נומערן.

דער יידישער רעקאָרדער, אַרויסגעגעבן פֿון גוסטאַוו מיניץ, 1893. דער רעקאָרדער האָט געקאָסט בלויז 1 סענט און איז געווען די ביליקסטע יידישע צייטונג אין יענער צייט. עס זיינען אַרויס בלויז 80 נומערן. אין דער וואָכנשריפט האָט דר. מ. מיניץ פֿאַרעפֿנטלעכט זיין טאָגבוך פֿון דער נסיעה אין ארץ-ישראל און אַ באַשרייבונג פֿון די נייע קאָלאָניעס.

דער וועכטער. רעדאַקטירט פֿון י. יאַפּפּאַ, 1893. אַרויס אכט נומערן.

די נייע וועלט, רעדאַקטירט פֿון ש. י. זילבערשטיין. עס זיינען אַרויס בלויז צוויי נומערן — פֿון 12טן אָקטאָבער און 2טן נאָוועמבער, 1894.

דער יידישער וועכטער. אָרגאַן פֿון כולל אמעריקא תפארת ירושלים. רעדאַקטירט פֿון וו. שנור. צווישן 13טן מאַי און 9טן סעפּטעמבער, 1898, זיינען אַרויס 15 נומערן.

דער טעלעגראַף, רעדאַקטירט פֿון יהושע וואַגמאַן. דערשינען אין ניו-יאָרק און פֿילאַדעלפֿיע, במשך די יאָרן 1890-1899.

אין 1900 האָט אויך אָנגעהויבן דערשיינען אַ וואָכנשריפט „דער שדכן" צונויפֿצופֿירן אימיגראַנטישע בחורים און מיידלעך זיי זאָלן קענען חתונה האָבן.

אַחוץ די פֿריער-דערמאָנטע חודש-זשורנאַלן זיינען אויך דערשינען די פֿאָלגנדיקע:

דער שטאָדט-אנצייגער. זשורנאַל פֿאַר ליטעראַטור, קונסט, וויסענשאַפֿט און קאָמערץ, אַרויסגעגעבן פֿון פֿיליפּ קראַניץ און א. מ. שאַרקאַנסקי, 1893. בלויז דריי נומערן.

דער נייער גייסט, רעדאַקטירט פֿון אַלכּסנדר האַרקאַווי. 10 נומערן. דערשינען פֿון אָקטאָבער, 1897 ביז יולי, 1898. די לעצטע דריי נומערן זיינען רעדאַקטירט געוואָרן פֿון י. גוידאָ (ב. גאָרין). דאָס איז געווען דער באַדייטנדיקסטער יידישער זשורנאַל, וואָס איז ניט אַרויסגעגעבן פֿון וועלכער עס איז פּאָליטישער ריכטונג. דער אַרויסגעבער איז געווען זיגמונד קאַנטאָראָוויטש, און דער זשורנאַל איז געווען ליטעראַריש-ראַדיקאַל אין זיין ריכטונג.*)

דיא נייע וועלט, רעדאַקטירט פֿון אברהם מיכל שאַרקאַנסקי, 1897. בלויז עטלעכע נומערן.

---

*) אויספֿירלעכער זע: אליהו שולמאַן: אַלכּסנדר האַרקאַווי ווי אַ רעדאַקטאָר-„המשך", באַנד 2, ניו-יאָרק, 1940, זז. 106-124.

נאַטור אונד לעבן, רעדאקטירט פון יעקב טער. דערשינען פון אויגוסט, 1897 ביז פעברואר, 1898.

ד'יא צייט, זשורנאל פאר ליטעראטור און אונטערהאלטונג. רעדאקטירט און ארויסגעגעבן פון מ. מ. דאָליצקי. דערשינען פון נאָוועמבער, 1897 ביז סעפטעמבער, 1898.

אידישער מאָנאַטבוך, געווידמעט פיר אידישע היסטאָריע, ליטעראטור, צייט-פראגען אונד אונטערהאלטונג, ארויסגעגעבן אין ניו-יאָרק פון דער פירמע שרהזאָן און זון. אָפּיציעל א חודש-זשורנאל, איז אבער דאָס „מאָנאַטבוך" ניט דערשינען רעגלמעסיק במשך פון דעם זשורנאלס עקזיסטענץ צווישן אָקטאָבער 1900 און נאָוועמבער 1901.

אויך די מיסיאָנערן האָבן גענומען ארויסגעבן יידישע צייטשריפטן. דעם אָנהייב האָבן זיי געמאכט אין 1893, מיטן חודש-זשורנאל „תקות ישראל", וואס איז רעדאקטירט געוואָרן פון א. ק. געבעליין.

עס דארף אויך דערמאָנט ווערן „דער פּונקס". פּיערטעליעהרליכער זשורנאל פאר ליטעראטור, געשיכטע און צייט-פראגן — צוויי נומערן, אפּריל און יולי, 1900. דער ערשטער נומער איז רעדאקטירט פון מאָרים ראָזענפעלד און א. מ. שארקאנסקי; דער צווייטער — פון שארקאנסקין אליין.

## ערשטע יידישע אלמאנאכן

אלכסנדר הארקאווי איז געווען דער ערשטער צו פּרובירן שאפן יידישע יאָרביכער אין אמעריקע. ער האָט אָנגעהויבן אין 1894 מיטן אלמאנאך „דער אמעריקאנער פאָלקס-קאלענדער". דער דריטער באנד האָט שוין געטראָגן דעם נאָמען „דער יודיש-אמעריקאנער פאָלקס-קאלענדער". אין 1900 איז ארויס דאָס זאמלבוך א. נ. „דער 20טער יאָרהונדערט".

במשך די יאָרן 1897-1899 האָט וו. ע. פאָמעראנץ ארויסגעגעבן א ברוקלינער יאָרבוך „דער אָנצייגער".*)

## „פרייע ארבעטער שטימע"

מזלדיק איז געווען די באַנייאונג פון דער „פ. א. ש.", אין הארבסט 1899, אונטער דער רעדאקציע פון ש. יאַנאָווסקי. מיט יענער באַנייאונג האָט זיך אָנגעהויבן די עקזיסטענץ פון דער „פ. א. ש.", וואס ציט זיך עד היום.

*) די ביבליאָגראפישע מקורים פאר די רשימות פון די אויבנדערמאָנטע צייטונגען און זשורנאלן: קעגן 43 — „יידישע גאַזעטן", אפּריל 20, 1894; „די געשיכטע פון יידישע צייטונגען און זשורנאלן אין די פאריייניקטע שטאַטן" — „קאַלענדאר און אלמאנאך" צום 5־יאָריקן יובילייאום פון „פאָרווערטס", ניו־יאָרק, אפּריל 22, 1902, זז. 56-57; ז. רייזען: „לעקסיקאָן פון דער יידישער ליטעראטור", ווילנע, 1914, זז. 663-742; דר. יעקב שאצקי: „געשיכטע פון דער יידישער פּרעסע" — „אלגעמיינע ענציקלאָפּעדיע", יידן ג' זז. 256-271; A. S. Freidus: A List of Jewish Periodicals — The American Jewish Year Book, 1899, pp. 271-282; S. Margoshes: The Jewish Press in New York City — Jewish Communal Register, 1917-1918.

פּרעסע־רשימה צונויפגעשטעלט פון יוסף מארגאָשעס.

דער ערשטער נומער איז ארויס דעם 6טן אָקטאָבער, 1899, און פונ'ם לייט-ארטיקל איז צו זען, אז די נייע „פ. א. ש." האלט זיך פאר א המשך פון דער אלטער. אין יענעם ארטיקל ווערט געזאָגט צוו"א:

„דיא אלטע „פרייע ארבייטער שטימע"! וואָס פאר א קוואל פון אלערליי ערינערונגען רופט עס ארויס איהר נאָמען ביי דיא, וועלכע זיינען געשטאנען מיט איהר, געקעמפּפט פאר איהר פאר דיא גאנצע צייט פון איהר עקזיסטענץ! ביי וועלכען גענאָססע שלאָגט נאָך איצט ניט שנעללער זיין הארץ, ווען ער דערמאָנט זיך דעם פלאַממענדען ענטהוזיאזמוס פון אמאָליגע צייטען, ווען דער אָרימסטער פון דיא גענאָססען פלעגט זיין לעצטען סענט אוועקגעבען פאר דיא ווייטערע עקזיסטענץ פון איהר! וואו איז דער גענאָססע וועמעס צאָרן פלאַמט נאָך איצט ניט אויף, ווען ער דערמאָנט זיך אָן דיא אלטע פארפאָלגונגען, אינטריגעס, געמיינע שופטישע האנדלונגען, וואס זיינען אָנגעווענדעט געוואָרען, אום זיא צו פארניכטען! וועלכער גענאָססע, אויסשפּרעכענדיג דעם נאָמען „פרייע ארבייטער שטימע", דערמאָנט זיך ניט מיט עהרע און אַכטונג אָן דיא שלאנקע, בלייכע מארטירער געשטאלט פון איהר פארשטאָרבענעם רעדאקטאָר דוד עדעלשטאדט, וועמעס יאָהרען זיינען פארקירצט געוואָרען דורך זיינע גרויסע טרייישאפטליכע ארבייט פאר איהר? וואס פאר א שמערצליכע אָבער אויך אייניגע ערקוויקענדע ערינערונגען מוזען אויפוואכען אין דיא הארץ פון יעדען, וועמען דיא „פ. א. ש." איז געווען טהייער, ווען ער לאָזט פאר זיין גייסטיגען אויג פארבייפּאססירען אללעס דאָס, וואס איז פאָרגעקומען! ווער קען עס באשרייבען, ווער קען עס שילדערען?

עס איז אָבער פאר אונז נאָך פיעל שווערער צו באַשרייבען, וואס מיר פיהלען איצט, אָנשרייבענדיג די ווערטער:

„דיא פרייע ארבייטער שטימע, דיא אלטע פרייע ארבייטער שטימע, לעבט ווייעדער".

„און צו דיא גענאָססען פון נאָהענט און ווייט, וועלכע פאר וואָס עס ניט איז שטייען נאָך איצט פון ווייטען, רופען מיר צו אין דעם נאָמען פון אונזער אידעאל: „גענאָססען העלפט אונז, מיט וואס יעדער פון אייך איז אין שטאנד, אז דיא ווידער-אויפגעלעבטע „פ. א. ש." זאָל איצט עקזיסטירען. יעדע גלייכגילטיגקייט אין דיעזען מאָמענט איז איינפאך א פארברעכען, וועלכען אייערע בעסערע איבערצייגונגען דארפען ניט צולאָזען צו באגיין.

גרופּפּע „פ. א. ש."

מיט א קליינעם איבעררייס דערשיינט די „פ. א. ש." ביז היינט. אונטער ש. יאנאָווסקיס רעדאקציע, וואס האָט אָנגעהאלטן ביזן 27טן מערץ, 1920, איז די „פ. א. ש.", אָפּיציעל דער אָרגאן פון די אנארכיסטן, געוואָרן דער אָרגאן פון דער יידישער ליטעראטור און די טריבונע פון אומאָפּהענגיגן געדאנק. זי האָט דערצויגן א בעסערן לייענער פאר ביכער און זשורנאלן. עס איז שווער צו גע-

פינען אין אמעריקאנער יידישן דיכטער אָדער בעלעטריסט, וועלכער האָט ניט געמאכט זיינע ערשטע ליטעראַרישע טריט אין דער „פּ. א. ש.“ יעדער וואָרט, וואס האָט ניט געקענט געזאָגט ווערן אין דער יידישער טעגלעכער פּרעסע, איז יאָ געהערט געוואָרן א דאנק דעם, וואס די „פּ. א. ש.“ האָט הויך געטראָגן דעם פאקל און די פאָן פון וואָרט-פרייהייט און געוויסנפרייהייט. די „פּ. א. ש.“ איז געווען און געבליבן דער עמוד פאר אלע, וואס האָבן זיך ניט געלאָזט שפּאנען אין פּאַרטיי-רייטוואָגנס און רעוואָלטירט קעגן פירער פון ריכטונגען און באוועגונגען. דער באגריף פון „פרייע פּרעסע“ איז אין דער „פּ. א. ש.“ דערפירט געוואָרן צו דער סאמע טאָלעראנטסטער פּערפעקטקייט.

אויף די זייטן פון דער „פּ. א. ש.“ האָבן זיך אויך געדרוקט גרעסערע אָריגינעלע און איבערזעצטע ווערק, אי פון דער וויסנשאַפטלעכער ליטעראַטור, אי פון דער שיינער ליטעראַטור. א חשוב׳ן אָרט איז אוועקגעגעבן געוואָרן פאר ליטעראַטור און טעאַטער-קריטיק און פאר ווערק אויפ׳ן געביט פון סאָציאַלער וויסנשאַפט.

נאָך יאנאָווסקי׳ס רעזיגנאַציע אין 1920, איז דר. י. א. מעריסאָן, פּיאָנער פון יידישן אַנאַרכיזם און פון יידישער וויסנשאַפט געוואָרן רעדאַקטאָר — פון 3טן אפּריל ביזן 24טן יולי, 1920. דעם 7טן אָקטאָבער האָט איבערגענומען די רעדאַקציע יוסף קאַהאַן, וועלכער האָט ממשיך געווען דעם ברייט-פרייהייטלעכן כאַראַקטער, וואָס יאנאָווסקי האָט געגעבן דער „פּ. א. ש.“ נאָך יוסף קאַהאַנס רעזיגנאַציע איז מ. מראַטשני געוואָרן רעדאַקטאָר. דער איצטיקער רעדאַקטאָר, דר. הערמאַן פראַנק האַלט טאַקע אָן די אַלטע טראַדיציע פון דער „פּ. א. ש.“, און די עלטסטע יידישע וואָכנשריפט אין אמעריקע געהערט צו די יונגסטע אין פּרט פון פרישן ליטעראַרישן און פּובליציסטישן מאַטעריאַל.

די יידישע אַנאַרכיסטישע באַוועגונג האָט אויך דאָס פאַרדינסט וואס די „קראָפּאָטקין-ליטעראַטור-געזעלשאַפט“ האָט באַרייכערט די יידישע ליטעראַטור מיט אַ צאָל גאָר וויכטיקע וויסנשאַפטלעכע ווערק.

## וואוקס פון דער יידישער פּראָווינץ-פּרעסע

פּאַראַלעל מיטן וואוקס פון דער יידישער פּרעסע אין ניו-יאָרק, איז אויפגעקומען די יידישע פּרעסע אין די פּראָווינץ-שטעט. שיקאַגאָ האָט פאַרנומען דעם אויבנאָן אין עלטער און אין צאָל. אַחוץ די פריער אויסגערעכנטע צייטונגען זיינען אין די 90קער יאָרן ארויס אין שיקאַגאָ אויך די וואָכנבלעטער „דיא יודישע וועלט“, רעדאַקטירט פון לעאָן זאָלאָטקאָף, 1892-1893, און די „אידישע גאַזעטען פון דער וועסט“, רעדאַקטירט פון געצל זעליקאָוויטש, 1894-1896.

## „אידישער פּראָגרעס“ — א באַלטימאָרער צייטונג מיט דער „נייער אָרטאָגראַפיע“

איינע פון די ערשטע יידישע פּראָווינץ צייטונגען סוף די 80קער יאָרן, איז געווען „דער יידישער פּראָגרעס“, אַ וואָכנשריפט, וואס אַלכסנדר האַרקאַווי האָט אין 1890 אָנגעהויבן ארויסגעבן אין באַלטימאָר. אין „פּראָגרעס“ האָט דער רעדאַקטאָר פּרובירט פאַרווירקלעכן זיינע אידייען וועגן מאָדערניזירן דעם יידישן אויסלייג. די וואָכנשריפט איז אָבער געווען צו ראַדיקאַל פאר די באַלטימאָרער יידישע אָרטאָדאָקסן, און מיטן ניינטן נומער איז זי אָפּגעשטעלט געוואָרן. אין 1900 האָט אין באַלטימאָר אָנגעהויבן דערשיינען דאָס וואָכנבלאַט „דער וועגווייזער“.

אין די פּראָווינץ-שטעט האָבן לאָקאַלע אָדער נאַציאָנאַלע וואַלן געפירט צו דער גרינדונג פון נייע צייטונגען, ווייל פּאָליטישע קאַנדידאַטן און פּאַרטייען האָבן געהאָלפן פינאַנסירן אַזעלכע אויסגאַבעס.

## פילאַדעלפיע

נאָך שיקאַגאָ האָט פילאַדעלפיע זיך ארויסגעוויזן צו זיין א פאַסיק אָרט צו גרינדן און ארויסגעבן יידישע צייטשריפטן. דער אָנהייב איז געמאכט געוואָרן מיטן וואָכנבלאַט „דאָס ליכט“, וואס איז דערשינען פון אָקטאָבער, 1891 ביז יולי, 1892, אונטער דער רעדאַקציע פון נ. מאָסענזאָן.

די אַנדערע צייטשריפטן ביז 1900 (אַריינגערעכנט) זיינען געווען: „די יודישע פּרעסע“, וואָכנבלאַט, פון 26טן אויגוסט, 1892 ביזן 23טן מערץ, 1894, אונטער דער רעדאַקציע פון יאָהאַן פּאַליי און י. י. זעווין (תשר״ק); „דער פאָלקס-וועכטער“, וואָכנבלאַט, פון 18טן אויגוסט, 1893 ביזן 3טן אויגוסט, 1894, רעד. פון בערנאַרד האַריס און יאָהאַן פּאַלעי; „פילאַדעלפיער שטאָדט-צייטונג“, וועכנטלעך, פון יאַנואַר, 1894, אויף קאָאָפּעראַטיווע יסודות. אַרויס 83 נומערן. רעדאַקטאָר חיים מאַליץ; „פאָלקס-זשורנאַל“, יעדן חודש, דערשינען פון יוני ביז סעפּטעמבער, 1894, רעדאַקטירט פון בן-יהושע (מאַקס גילעס); „יודישעס פאָלקס-בלאַט“, צוויי-וועכנטלעך, אין 1894. דערשינען בלויז עטלעכע נומערן. רעד. פון יוסף מאַגילניצקי; „די געגענוואַרט“, וואָכנבלאַט, פון אויגוסט, 1895 ביז דעצעמבער, 1898, ארויסגעגעבן און רעדאַקטירט פון דוד אַפּאָטהעקער און מ. מ. דאָליצקי; „פּענסילווייניער שטאַאַטסצייטונג“, וואָכנבלאַט, רעד. פון חיים מאַליץ, אָנגעהויבן דערשיינען דעם 25טן אויגוסט, 1895; „דער טעלעגראַף און פילאַדעלפיער פּאָסט“, אָנגעהויבן דערשיינען אין מערץ, 1898, רעדאַקטירט פון יהושע וואַגמאַן, אַרויס אַכט נומערן; „דער ליטעראַרישער שטראַל“, חודש-זשורנאַל מיט אַן ענגלישער אָפּטיילונג, מיט עטלעכע איבעררייסן דערשינען ביז פעברואַר, 1906.*)

## באָסטאָן

נאָך פילאַדעלפיע קומט באָסטאָן אין פּרט פון לאָקאַ-

*) דוד בער טירקעל: „ביבליאָגראַפיע פון דער יידישער פּרעסע אין פילאַדעלפיע“ — „פּנקס“, ניו-יאָרק, 1927-1928, באַנד 1, זז. 260-262.

לע יידישע צייטונגען אויף דער פּראָווינץ. אין די 90קער יאָרן זיינען דאָרט דערשינען:

„דער יידישער סיטיזען“, וועכנטלעך, ארויסגעגעבן פון די ניו-יאָרקער „טאגעבלאט“-פארלעגער סאראזאָן פּאָבלישינג קאָמפּאני. רעדאקטירט פון ב. קאהאן. אָנגעהויבן דערשיינען דעם 20טן אָקטאָבער, 1893; „דער יודישער אדלער“, וואָכנבלאט, אָנגעהויבן דערשיינען דעם 1טן דעצעמבער, 1893, אונטער דער רעדאקציע פון ג. זעליקאָוויטש. ארויס 42 נומערן; „דער אידישער טעלעגראף“, וועכנטלעך, אָנגעהויבן דערשיינען דעם 23טן נאָוועמבער, 1894, ארויס א קורצע צייט, און איז פארשלונגען געוואָרן דורכן וואָכנבלאט „די יודישע וועלט“, וואָס האָט אָנגעהויבן דערשיינען אין סוף אָקטאָבער, 1894, אונטער דער רעדאקציע פון א. אלפּערט (איש קאָוונאָ) איז דערשינען בערך דריי פערטל יאָר צייט; „דער איזראעליט“, וואָכנבלאט, האָט זיך געדרוקט אין פּראָווידענס, ר. א., אָבער די רעדאקציע, מיט א. אלפּערט בראש, האָט זיך געפונען אין באָסטאָן, האָט אָנגעהויבן דערשיינען אין אויגוסט, 1895. אין נאָוועמבער ד. י. שוין ארויס אין באָסטאָן גופא אונטערן נאָמען „באָסטאָנער איזראעליט“. „דער אמת“, ארויסגעגעבן פון דער יידישער סעקציע פון דער סאָציאליסטישער אַרבעטער פּאַרטיי אין באָסטאָן, אונטער מאָריס ווינטשעווסקי׳ס רעדאקציע, האָט אָנגעהויבן דערשיינען דעם 3טן מאַי, 1895, און האָט געשפּילט א גרויסע ראָלע אין צוגרייטן די שפּאַלטונג אין דער יידישער סאָציאליסטישער באַוועגונג (זע פריער). איז דערשינען ניין חדשים.*)

### פּיטסבורג

„דער פאָלקס-פריינד“, געגרינדעט 1892 אין פּיטסבורג, פון י. ז. גליק, ווי א „וועכענטליכע צייטונג פיר ליטעראטור, נייעס אונד יודישע אינטערעסען“, געהערט צו די ווינציקע פּראָווינץ-צייטונגען, וואָס האָבן געהאט לאנגע יאָרן. גליק האָט רעדאקטירט דעם „פאָלקס-פריינד“ ביז דעם 30טן יוני, 1922. דערנאָך האָט איבערגענומען די רעדאקציע ל. באַרקאָן. ער האָט צוערשט געביטן דעם נאָמען אויף „אידישער פאָלקס-פריינד“ און דערנאָך אים געענדערט אויף „דער וועגווייזער“. עס איז אויך דאָרט געווען א וואָכנשריפט דער „בלומענגאָרטן“, רעדאקטירט פון יואל ליבלינג. אין 1894 האָט דער העברייאיש-אידישער פּעדאגאָג הלל מאַלאַכאָווסקי פּרובירט דאָרט ארויסגעבן א ליטעראריש-געזעלשאַפטלעכע וואָכנשריפט „די טויב“, וואָס האָט עקזיסטירט א קורצע צייט.

### נואַרק, נ. דזש.

דער רייזנדער און ביבליאָגראף אפרים דיינארד האָט אין אויגוסט 1891 אָנגעהויבן ארויסגעבן א יידישע צייטשריפט אין נואַרק, ניו-דזשווירסי. עס זיינען ארויס בלויז עטלעכע נומערן. מחמת דער נאָענטקייט פון נוארק צו ניו-יאָרק איז דאָרט אויך אין די שפּעטערדיקע יאָרן שווער געווען אויסצוהאַלטן א לאָקאַלע יידישע צייטונג.

### סאַן פראַנציסקאָ

אין 1891 האָט נ. מאָסענזאָן אָנגעהויבן ארויסגעבן אין פילאדעלפיע די וואָכנשריפט „דאָס ליכט“. ער האָט זי באַנייט אין סאַן-פראנציסקאָ, 1898. „דאָס ליכט“ איז געווען די ערשטע יידישע צייטשריפט ביים פּאַסיפישן ברעג.

### „פאָלקסצייטונג“ און „סאָציאַלדעמאָקראַט“

ביידע ניו-יאָרקער סאָציאליסטישע טאָגצייטונגען, דאָס „אַבענד-בלאַט“ און דער „פאָרווערטס“ האָבן געפירט אַ שאַרפע פּאָלעמיק קעגן אַנאַנד, און בעת די וואלן האָבן ביידע צייטונגען אגיטירט פאר באזונדערע קאנדידאטן.

מיטן אוועקגיין פון די אָפּאָזיציאָנערן איז נאָך ניט געשאַפן געוואָרן קיין פולשטענדיקער שלום אין די רייען פון דער ס. ל. פּ.; ניט אלע „לאָיאלע“ זיינען געווען צופרידן מיט דער שטעלונג פון דער פּאַרטיי צו פארשיידענע פּראָבלעמען און מיט איר טאַקטיק בנוגע די יוניאָנס. די דאָזיקע אומצופרידענע זיינען באזייטיקט געוואָרן פון פאראנטוואָרטלעכע אמטן. צווישן זיי זיינען אויך געווען פיליפּ קראַנץ און ב. פייגענבוים. אויף קראנצס אָרט איז פאר רעדאקטאָר פון „אבענד-בלאַט“ באַשטימט געוואָרן דער שפּעטער באקאנטער דייטשער סאָציאליסטישער שריפטשטעלער מ. בעער, און דערנאָך איז אויף זיין אָרט געוואָרן רעדאקטאָר יוסף שלאָסבערג. די נייע אָפּאָזיציאָנערן — „די קענגערוס“, ווי דעליאָן האָט זיי גערופן — האָבן אויך ארויסגעלאָזט א דערקלערונג, אז דאָס „אַבענד-בלאַט“ איז פארכאפּט געוואָרן, און דעם 22טן סעפּטעמבער, 1899, האָבן זיי אָנגעהויבן ארויסגעבן אַן אייגן טאָגבלאט — „יידישע פאָלקסצייטונג“, וואָס איז רעדאקטירט געוואָרן פון פיליפּ קראַנץ און שפּעטער פון ב. פייגענבוים. אין מערץ, 1900, איז זי אונטערגעגאַנגען, ווייל פאר דריי סאָציאליסטישע צייטונגען איז קיין אָרט ניט געווען. דעם 17טן אָקטאָבער, 1900, האָבן די נייע אָפּאָזיציאָנערן אָנגעהויבן ארויסגעבן א וואָכנבלאט א. נ. „סאָציאַל-דעמאָקראַט“, וואָס האָט געפּריידיקט אחדות אין די סאָציאליסטישע רייען. דער „סאָציאַל-דעמאָקראַט“ איז רעדאקירט געוואָרן פון וויליאם עדלין, שפּעטער פון ב. פייגענבוים און אויך מ. זאמעטקין, איינער פון די פריערדיקע אָפּאָזיציאָנערן. נאָך לאנגע פארהאנדלונגען זיינען די „קענגערוס“ אריבער צו דער „פאָרווערטס“-גרופּע.

### טעכנישע מאָדערניזירונג

אין דער צווייטער העלפט פון די 90ער יאָרן זיינען די טעכנישע טיילן פון דער יידישער פּרעסע שטאַרק מאָדערניזירט געוואָרן. אנשטאט זעצן מיט דער האנט, האָט מען אָנגעהויבן זעצן מיט זעץ-מאַשינען. די יידישע שריפט-

*) ז. ברכות: די געשיכטע פון דער יידישער פּרעסע אין מאסאטשוזעטס — „יאָרבוך“ פון אמאָפּטאל ייוואָ II, ניו-יאָרק, 1939, זז. 219-248 (אויך ארויס אין א באזונדערער בראָשור, ד. י.).



פאַרגרעסערטע רעפּראָדוקציע פון אַן אלט קאַרטל מיט בילדער פון די
רעדאַקטאָרן פון יידישע סאָציאַליסטישע צייטונגען

זעצער האָבן געהאָלפן מאָרגאַניזירן און יוניאָניזירן די אַנדערע טעכנישע אָפּטיילונגען פון דער יידישער פּרעסע.

דאָס „אַבענד-בלאַט“ האָט זינט די טעג פון דער ערשטער אָפּאָזיציע געהאַט דורכצוקומען אַ סך שוועריקייטן. איינע פון זיי איז געווען אַ פאַרלוימדונג-פּראָצעס מצד כ. צ. שרהזאָן, אַרויסגעבער פון „טאַגעבלאַט“, וועלכער איז געהאַט באַשולדיקט געוואָרן אין פאַרשווענדן געלטער, וואָס זיינען געזאַמלט געוואָרן אין פּושקעס פאַר ארץ ישראל. דערנאָך איז צוגעקומען דער פאַל פון דרוקן אַנאָנסן פון אַ פאַרהאַסטן טאַבאַק-סינדיקאַט און צולעצט אַ קאַמף קעגן דער עקזיסטירנדיקער יידישער שריפטזעצער יוניאָן. בעת יענעם קאַמף האָבן די שריפטזעצער אַרויסגעגעבן פרישע 9 נומערן פון זייער „יוניאָן-צייטונג“, וועלכע איז צוערשט דערשינען בעת אַ זעצער-סטרייק קעגן „טאַגעבלאַט“.*)

דעם 12טן אַפּריל 1902 איז אונטערגעגאַנגען דאָס „אַבענד-בלאַט“, די ערשטע טעגלעכע יידישע אַרבעטער-צייטונג אין גאָר דער וועלט. דאָס „אַבענד-בלאַט“ איז אָפּגעשטעלט געוואָרן מיט דער האָפענונג עס צו באַנייען ווען עס וועלן געשאַפן ווערן גענוג מיטלען. אויפן אָרט פון „אַבענד-בלאַט“ האָט ווידער אָנגעהויבן דערשיינען די וועכנטלעכע „אַרבייטער צייטונג“, אונטער דער רעדאַקציע פון יוסף שלאָסבערג. שפּעטער איז באַשטימט געוואָרן פאַרן רעדאַקטאָר ה. אַלעקסאַנדראָוו. אָבער אויך די „אַרבייטער צייטונג“ האָט לאַנג ניט געקענט עקזיסטירן, און דעם 15טן נאָוועמבער, 1902, איז זי פאַרמאַכט געוואָרן.

## 45 יאָר לעבן און קאַמף

אויף דעם שוועל פון 20טן יאָרהונדערט האָט די אַמעריקאַנער יידישע פּרעסע שוין געהאַט הינטער זיך אַן עבר פון דרייסיק יאָר. אין משך פון די דאָזיקע דריי יאָר צענדליק האָט זי שוין באַוויזן זיך אַזוי איינצופונדעווען, אַז זי איז געוואָרן די וועגווייזערן און לערערן פון די יידישע איינוואַנדערער. זי האָט זיך אַליין איינגעבירגערט און איינגעבירגערט אירע לייענער.**) ביסלעכווייז האָט זיך אָנגעהויבן דער איבערגאַנג פון דייטשמערישן יידיש צו אַ מער פאָלקסטימלעכערן לשון, אָבער עס איז אויך געשטיגן דער באַנוץ פון ענגלישע ווערטער און אויסדרוקן. שפּעטערצו, מיטן אויפשוואונג פון דער יידישער ליטעראַטור און פון דער יידישער קולטור-באַוועגונג, און באַזונדערס אַ דאַנק דעם, וואָס דער נייער דור יידישע שריפטשטעלער האָט גענומען אַריינדרינגען אין דער יידישער פּרעסע,

*) אויספירלעכער אין די פריער־דערמאָנטע ווערק פון ה. בורגין, יעקב מילך, ש. שיינפעלד.

**) וועגן דער דערציערישער־אַמעריקאַניזירנדיקער ראָלע פון דער יידישער פּרעסע זע דר. מרדכי סאָלטעסעס ווערק: The Yiddish Press, An Americanizing Agency. New York, 1925.

האָט די יידישע זשורנאַליסטיק געקראָגן אַ שענערן סטיל און אַ העכערן גייסטיקן ניוואָ.*)

אַ בעסערער לייענער איז אויפגעקומען אַ דאַנק די טעטיקייטן פון פאַרשידענע ליטעראַרישע און דראַמאַטישע קלובן און דורך דער דערציערישער טעטיקייט פון דער „עדיוקיישאָנאַל ליג“, און דאָס האָט אויך ביישטייערגן צו דער פאַרבעסערונג פון יידישן זשורנאַליזם און פון יידישן טעאַטער.**) די גרינדונג פון „מאָרגן זשורנאַל“ אין 1901 האָט אָנגעזאָגט, אַז די יידישע פּרעסע הויבט אָן לייגן אַ סך געוויכט אויף דעם נייעם אָפּטייל.

## אַ נייע יידישע אינטעליגענץ

אין דערזעלבער צייט, וואָס די יידישע פּרעסע איז פאַרשענערט און באַרייכערט געוואָרן, האָט זי אויך איבערגענומען אַ סך איינפירונגען פון דער אַמעריקאַנער סענסאַציאָנעלער פּרעסע, און איין צייטונג האָט אָפּט פּרובירט איבערשטייגן די אַנדערע אינם געיעג נאָך סענסאַציאָנעלן לייען-שטאָף.***) די צייטונגען האָבן דאָס געטאָן אַריינצוקריגן נייע לייענער.****)

אַלע יידישע צייטונגען האָבן גענומען אַרויסגעבן קינסטלערישע און וויסנשאַפטלעכע ווערק, וואָס זיינען פאַרשפּרייט געוואָרן צווישן די לייענער פון דער פּראָווינץ ווי אַבאָנאָמענט-פּרעמיעס, און צווישן די לאָקאַלע לייענערס דורך ספּעציעלע אויספאַרקויף-קאָמפּאַניעס.*****)

## די צוגרייטונג פאַרן יידישן פּראָגרעסיוויזם

די צוגרייט-אַרבעט פאַר דער אַנטוויקלונג פון יידישן פּראָגרעסיוון געדאַנק האָבן שפּעטער ממשיך געווען דער

*) וועגן דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער זשורנאַליסטיק אין דעם פּרט זע: י. חייקין: „75 יאָר יידישע פּרעסע אין אמעריקע“ — יאָרבוך פון יידישן ביכער־ראַט, ניו־יאָרק, 1944, זז. פ“א־צ“ז. אויך זיין סעריע אַרטיקלען אין „פרייע אַרבעטער שטימע“, 1939־1940.

**) לעאָן קאָברין: „עראינערונגען פון אַ יידישן דראַמאַטורג“ (צוויי בענד); דערזעלבער: „פון דייטשמעריש צו יידיש אין אמעריקע“, איקוף, ניו־יאָרק, 1944, 32 ז.

***) דר. י. א. הורוויטש (יצחק אייזיק בן אריה צבי הלוי): „אויסגעוויילטע שריפטן“, צווייטער באַנד, ניו־יאָרק 1917, זז. 105־128.

****) וועגן שטייגן און פאַלן פון דעם טיראַזש פון יידישע צייטונגען זע נ. גאָלדבערגס אַרבעטן: „די יידישע פּרעסע אין די פאַראייניקטע שטאַטן, 1900־1940“ — ייוואָ־בלעטער, באַנד 8, נומ. 2 (1941), זז. 129־157; „די צירקולאַציע פון די יידישע צייטונגען אין אַמעריקע“, 1941־1942 — דאָרט, באַנד 21, נומ. 2 (1943) זז. 252־255; „די צירקולאַציע פון די יידישע צייטונגען אין. אמעריקע, 1919־1943“ — דאָרט באַנד 23, נומ. 3, (1944), זז. 338־347; „תפוצת העתונות היהודית בארצות הברית“ — „ספר השנה ליהודי אמריקה“, ניו־יורק, תש“ה, עמ' 556־573.

*****) משה שמואל שקלאַרסקי: „דאָס יידישע בוך אין אַמעריקע“, ניו־יאָרק 1924, 48 ז.; דערזעלבער: „וועגן יידישע ביכער“, ניו־יאָרק, 1928, 46 ז.

„פאָרווערטס“ און די „ווארהייט“. שרייבערישע כחות אין די צוויי קאָנסערוואטיווע טאָגבלעטער „טאָגבלאַט“ און „מאָרגען זשורנאַל“ האָבן אויך בייגעטראָגן זייער חלק. מיט דער גרינדונג פון „טאָג“ אין 1914 האָט זיך אָנגעהויבן א נײַ קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון דער יידישער פּרעסע. א שיין בלאַט אין דער געשיכטע פון דער יידישער פּרעסע האָט אין 1921 אריינגעשריבן דאָס פּועלי-ציוניסטישע טאָגבלאַט „די צייט“. די גרינדונג פון דער „פרייהייט“ (שפּעטער „מאָרגן-פרייהייט“) האָט אָנגעזאָגט דעם אויפשטייג פון קאָמוניזם צווישן די יידישע אַרבעטער.

דער וואוקס פון די יידישע יוניאָנס האָט געבראכט צו דער גרינדונג פון וויכטיקע יידישע יוניאָן-אָרגאַנען.

### גאַנג פאָרויס

די אנטוויקלונג פון דער אַמעריקאנער יידישער פּרעסע אין די פאַרגאַנגענע 45 יאָר שפּיגלט זיך אָפּ, אין דער ערשטער ריי, אינ׳ם טעכנישן צוזאַמענשטעל און אין דער שפּראַך פון די יידישע צייטונגען. די אנטוויקלונג פון יידישן שריפטזעצער-פאַך האָט דאָס אויסזען פון דער יידישער צייטונג פאַרשענערט.


JÜDISCHE VOLKS-ZEITUNG.

יודישע

פאלקס-צייטונג.

No. 13.

G. LANDAU, Editor.

M. Topolowsky, Publisher

128 Canal Street, New York.

פאליטיש נייעס

אַ מוסטער פון יידישער פּרעסע אין אמעריקע אין די זיבעציקער יאָרן. זע זייט 23

מיט דרייסיק יאָר צוריק איז די יידישע פּרעסע געווען א שפּראַכלעכער דזשאַנגל, באַזונדערס איז דאָס געווען קענטיק אויף די נייעס-זייטן.

דעם גרעסטן חלק אין דער אנטוויקלונג פון צייטונג-יידיש האָבן די יידישע שריפטשטעלער — דיכטער, בעל-לעטריסטן און עסייאיסטן — וואָס זיינען געוואָרן פּראָפעסיאָנעלע צייטונג-שרייבער. די פאַרשענערונג פון דער יידישער צייטונג-שפּראַך האָט אויך פאַרשענערט דאָס גערעדטע יידיש. אמעריקאנער יידישע פאָלקס-מענטשן, הגם שוין „אויסגעגרינטע“, נוצן איצט א שענערן און א ריינערן יידיש ווי מיט דריי צענדליק יאָר צוריק. וועגן יידישע פּאַרטיי-פירער און געזעלשאַפטלעכע טוער איז דאָך אָפּגערעדט.

### יידישע נייעס-אַגענטורן

מיט 30 יאָר צוריק האָט די אמעריקאנער יידישע פּרעסע געשעפּט איר מאַטעריאַל הויפטזעכלעך פון די ענגלישע צייטונגען און טיילווייז פון די יידישע צייטונגען, וואָס פלעגן אָנקומען פון אייראָפּע. וואָס איז שייך אַלגעמיינע ידיעות, קריגן איצט די יידישע צייטונגען נייעס דירעקט פון די זעלבע אגענטורן וואס די ענגלישע. מיט יידישע נייעס ווערן זיי באַזאָרגט אי דורך דער איבער דער וועלט פּאָפּולערער „יידישער טעלעגראַפן - אגענטור“ (איטא), אי דורך „פּאַלקאָר“ (י. פּ. ס.). יידישע צייטונגען פאַרגינען זיך שוין צו האָבן אייגענע קעיבל-קאָרעספּאָנדענטן. די יידישע רייזע-ליטעראַטור איז שטאַרק באַרייכערט געוואָרן א דאַנק דעם, וואָס יידישע צייטונגען האָבן געגעבן מיטאַרבעטער די מעגלעכקייט צו זען די וועלט.

### אַלגעמיינע כאַראַקטעריסטיק

דער היינטיקער יידישער פּובליציסט האָט ברייטערע האָריזאָנטן און א גרעסערן גייסטיקן יידישן און וועלטלעכן באַגאַזש ווי עס האָט געהאַט זיין פאָרגייער. אין דער יידישער פּרעסע זיינען אין משך פון די לעצטע פאָר צענדליק יאָר אויסגעדראָשן געוואָרן די וויכטיקסטע אַלגעמיינע און יידישע פּראָבלעמען — בדרך כלל אויף א הויכער אינטעלעקטועלער מדרגה. דאָס האָט געפירט צו דער גייסטיקער באַרייכערונג פון יידישן מאַסן-מענטש, און דאָס האָט אים געמאַכט מער באַוואוסטזיניק. אויב מען האָט געקאָנט מאָבילייזירן די יידישע מאַסן — אינ׳ם קאַמף פאַר יידישע רעכט, לטובת ארץ ישראל, לטובת יידישער קאָלאָניזאַציע און פאַר אַנדערע יידישע נויטן, איז דאָס, קודם כל, צום קרעדיט פון דער יידישער פּרעסע.

מיט 30-40 יאָר צוריק איז דאָס אַמעריקאַנער-יידישע דערציאונגס-וועזן, אין פאַרגלייך מיט איצט, געשטאַנען אויף דער נידעריקסטער מדרגה. די יידישע פּרעסע האָט געעפנט אירע זייטן פאַר דיסקוסיעס וועגן חינוך-פּראָבלעמען, גערופן די עלטערן ניט צו פאַרנאַכלעסיקן די יידישע

דערציאונג פון וואקסנדיקן דור, און דירעקט און אומדירעקט געהאָלפן אויפבויען און אויפהאלטן אונדזערע דערציאונג-אינסטיטוציעס פון אלע ריכטונגען און גערזינונגען.

די יידישע פּרעסע — אָן אונטערשייד פון ריכטונג — האָט אין די לעצטע פאָר צענדליק יאָר געקעמפט די קאמפן פון די יידישע ארבעטער, און א סך איבלען פון וועלכע די יידישע פאכן און יוניאָנס האָבן געליטן, זיינען א דאנק דער אריינמישונג און דעם טיפן אינטערעס פון די יידישע צייטונגען, אינגאנצן אָדער טיילווייז באַזייטיקט געוואָרן.

דורך דער יידישער פּרעסע זיינען די קליינע יידישע אָרגאניזאַציעס — די פאַרשיידענע לאַנדסמאנשאַפטן — אויך געקומען צום אויסדרוק פּונקט ווי די גרויסע אָרגאניזאַציעס. אַ דאנק דער אגיטאַציע און וועגווייזונג פון דער יידישער פּרעסע, האָט די יידישע פאָלקס-מאַסע זיך באטייליקט אין אלע יידישע און אמעריקאנער אַקציעס, פאַר ארץ ישראל אָדעת פאר לאָקאלע נויטן; פאַר׳ן קרן היסוד און פאַר׳ן „דזשאָינט"; פאר דער יידישער צדקה-פעדעראַציע און פאר׳ן רויטן קרייץ; פאַר׳ן געווערקשאפטן-קאמפּיין און פאר׳ן „איקאָר"; פאר אידישער קאָלאָניזאַציע און פאַר׳ן יידישן וויסנשאפטלעכן אינסטיטוט. די יידישע צייטונגען האָבן מדריך געווען די יידישע לאַנדסמאנשאַפטן ווי אזוי פּראקטיש צו העלפן זייערע ברידער און שוועסטער אין דער אַלטער היים.

די יידישע פּרעסע האָט געהאָלפן בויען אָדער שטאַרקן דעם „דזשאָינט" און דעם „פּיפּעלס רעליף", דעם „סענטראַל רעליף", דעם יידישן קאָנגרעס, און דעם יידישן אַרבעטער קאָמיטעט, די פאַרשידענע לאַנדסמאַנשאַפט-פעדעראַציעס; און אויב די „אַמעריקאנער יידישע קאָנפערענץ" איז יאָ צו-שטאַנד געקומען, האָט די יידישע פּרעסע געשפּילט דערביי איינע פון די גרעסטע — אויב ניט די גרעסטע — ראָלע. די יידישע פּרעסע האָט געלערנט דעם יידישן מאַסן-מענטש צו רעוואָלטירן קעגן דער פירערשאפט פון „שיינע יידן", וואָס קיינער האָט זיי די פירערשאַפט ניט געגעבן, און דערמוטיקט צו פירן דעם קאמף פאר דער דעמאָקראַטיזירונג פון יידישן כלל-לעבן.

## דאָס אָרט אויבנאָן

אין דער איצטיקער מלחמה, וועלכע האָט פאר אונדז, יידן, זיך אָנגעהויבן ווען היטלער איז געקומען צו דער מאַכט, — האָבן די יידישע צייטונגען געטאָן זייער חוב אי ווי אַ יידישע פּרעסע, אי ווי אַן אַמעריקאנער פּרעסע. דעם לאָזונג וועגן א באָיקאָט אויף נאַצי-דייטשלאַנד איז געקומען צוערשט פון די יידישע צייטונגען. אויב מען האָט פאַר דער מלחמה יאָ געראַטעוועט אַ גרויסע צאָל יידן פון די נאַצישע נעגל, האָט די יידישע פּרעסע דעם פאַרדינסט, וואָס זי האָט געמאָנט די דאָזיקע רעטונג. אינ׳ם קאמף קעגן „ווייסן פּאַפּיר" בנוגע ארץ-ישראל און קעגן דער נאַכלעסיקייט פון די „פּאראייניקטע פעלקער" בנוגע די יידישע ליידן, שפּילט די יידישע פּרעסע א פירנדיקע ראָלע. די יידישע צייטונגען קענען מיט שטאָלץ זיך פאַרגלייכן צו דער אלגעמיין-אמעריקאנער פּרעסע בנוגע די פאַרשידענע קריג- און מאָביליזיר-אַקציעס פון אונדזער רעגירונג. מען ווייסט דאָס אין וואַשינגטאָן, און מען רעכנט זיך דאָרט דערפאַר מיט דעם, וואָס די יידישע פּרעסע שרייבט און פאָדערט.

מיט דרייסיק יאָר צוריק, פאַר׳ן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט-מלחמה, האָבן די דייטשע צייטונגען פאַרנומען דעם אויבנאָן צווישן די פרעמד-שפּראַכיקע צייטונגען אין אמעריקע. דעם אויבנאָן פאַרנעמט איצט די יידישע פּרעסע. אין א סך פּרטים האָט די יידישע פּרעסע דעם כבוד כשר פאַרדינט.

צווישן די צוויי וועלט-מלחמות האָט די יידישע פּרעסע צוגעקראָגן וויכטיקע שריפטשטעלערישע און זשורנאַליסטישע כחות פון יענער זייט ים.

## מוסטערן־ביבליאָגראַפיע, 1945־1901

אַ פולע רשימה פון אלע יידישע צייטונגען און זשורנאַלן, וואָס זיינען דערשינען אין די פאַראייניקטע שטאַטן זינט 1870 ביז היינט — אַזאַ רשימה וואָלט מיט זיך פאָרגעשטעלט א ווערק פון עטלעכע הונדערט זייטן. אין די ראמען פון אונדזער זאמלבוך קענען מיר בלויז ברענגען אַ מוסטערן-רשימה פון יידישער פּעריאָדיקא — און דורך די מוסטערן קען מען זיך פאָרשטעלן דעם כאראקטער און וואוקס פון דער יידישער פּרעסע. מיר האָבן צוערשט געפּלאַנט צו געבן די מוסטערן-ביבליאָגראפיע כראָנאָלאָגיש, ד. ה. לויט די יאָרן פון דערשיינען, אָבער כדי צו פאַרגרינגערן דעם לייענער דאָס אויפזוכן ידיעות וועגן די פאַרצייכנטע צייטונגען און זשורנאַלן, האָבן מיר זיי אויסגעשטעלט לויטן א״ב.

מיר האָבן בכיוון אויסגעלאָזט צייטשריפטן ריין ליטעראַרישע אָדער טעאַטראַלע (ווי „אינזיך", „פּעדער", „טעאַליט") און ריין-וויסנשאַפטלעכע צייטשריפטן (ווי „ייוואָ-בלעטער", „יידישע שפּראַך"), וועלכע געהערן בלויז פאָרמעל, אָבער ניט פאקטיש, צו דער יידישער פּרעסע. דאָס זעלבע איז אויך דער פאַל מיט די פּעדאַגאָגישע זשורנאַלן און צייטשריפטן פאר קינדער („קינדער-זשורנאַל", „אידישע קינדער-וועלט", „קינדער-צייטונג" א. ד. ג.), מיט די אָרגאַנען פון אונזערע פראַטערנאַלע אָרגאַניזאַציעס („דער פריינד" פון ארב. רינג; „אידישע ארבעטער שטימע" פון יידיש-נאַציאָנאַלן ארבעטער פארבאנד א. אַ. ו.) אָדער פון לאַנדסמאַנשאַפט-פאַרבאַנדן און פון אָרגאַניזאַציעס פאר יידישער הילפאַרבעט („פאַקטן און מיינונגען" פון יידישן ארבעטער-קאָמיטעט; „ניי לעבן" פון איקאָר א. ד. ג.) זייער אָרט איז אין אַן ארומנעמענדיקער ביבליאָגראַפיע פון דער יידישער פּרעסע, וואָס דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות גרייט איצט צום דרוק. די ווייטערדיקע רשימה איז בלויז א ביבליאָגראַפיע פון יידישע פּרעסע-מוסטערן. די אינפאָרמיר-פּרטים זיינען שטאַרק

קאָנדענסירט און מיט געוויסע בלויזן, וואס זיינען געווען אומפארמיידלעך.

ביים פארצייכענען א צאָל פּראָווינץ-צייטונגען, ווי מוסטערן, האָבן מיר אויך אָנגעגעבן ביבליאָגראַפישע מקורים צו דער געשיכטע פון דער יידישער פּראָווינץ-פּרעסע בכלל.

דיא אבענד-צייטונג — אַ טעגליכע אויסגאבע פון „דיא פרייע ארבייטער שטימע". ניו-יאָרק. רעד. פון ש. יאַנאָווסקי. ארויס פון 18טן מערץ ביזן 12טן מאַי, 1906.

אויפן שוועל — צייטשריפט פאר טאָריאַליסטישן געדאנק. ניו-יאָרק. אָנגעהויבן דערשיינען אין מערץ, 1941, אונטער דער רעדאקציע פון בן-אדיר. איצטיקער רעדאקטאָר: דר. י. נ. שטיינבערג.

אונזער געזונד — חודש-זשורנאַל. ניו-יאָרק. רעד. פון דר. ב. ליבער. פון דעצ., 1910 ביז סעפּט., 1917. פון יאנ., 1916 אונטערן נאָמען „דאָס ראַציאָנאַלע לעבען".

אונזער וואָרט — חודש-זשורנאַל פון די מיטלוועסטליכע סט. ט. אָרגאַניזאַציעס. שיקאגע-ניו-יאָרק. פון 16-טן אויג., 1915 ביז יאנ., 1918.

אונזער וועג — רעליגיעז-נאַציאָנאַלער וואָכנבלאט. ניו-יאָרק. רעד. י. מ. וואפנער. פון 28טן אפּריל ביזן 1טן דעצ., 1933.

אונזער פאָלק — וואָכנבלאט. רעד. פון יצחק ליבמאַן. ניו-יאָרק. פון 18טן דעצ., 1931 ביז יוני 25טן, 1932.

אונזער צייט — חודש - זשורנאַל. אַרויסגעגעבן פון דער אמעריקאנער רעפּרעזענטאַנץ פון „בונד" אין פּוילן. אָנגעהויבן ארויסגיין אין 1941.

"UNZER SHRIFT" — דער ערשטער יידישער זשורנאַל אין אַלוועלטלעכער לאַטיינישער שריפט. ניו-יאָרק. יאנ. 1912. רעד. פון מיכל קאפלאן און ב. באָטווויניק.

דער איד — צייטשריפט פאר ציוניזם. וואָכנבלאט. ניו-יאָרק. פון 16טן יוני ביזן 17טן נאָוו., 1905.

אידיש - סאָציאַליסטישע מאָנאַטשריפט — געווידמעט די פּראָבלעמען פון פּועלי-ציוניזם. ניו-יאָרק. פון יאנ., 1920 ביז סעפּט., 1922.

אידישע ארבייטער וועלט — וואָכנבלאט. שיקאגע. פון 17טן יולי, 1908 ביז 5טן אָקט., 1917. שפּעטער ארויס ווי „די טעגלעכע ארבייטער וועלט", זינט 1918 דער שיקאגער „פאָרווערטס" (זע).

אידישע בעקערס שטימע — (דער פּאַרמיטלער). וואָכנבלאט, ניו-יאָרק. אָנגעהויבן דערשיינען אין 1917.

אידישע וואָכנשריפט — אָרגאַן פאר לעבנספראַגן און ליטעראַטור. יאנ. 19-טן ביז אַפּריל 19טן, 1912. רעד. פון דוד פּינסקי און יוסף שלאָסבערג.

אידישע שטימע — חודש-שריפט פון אגודת ישראל. אָנגעהויבן דערשיינען אין אָב, ת"ש.

דאָס אידישע ליכט — אָנגעהויבן דערשיינען ווי א וואָכנשריפט „פאר חזוק הדת". 19טן יאנ., 1923; פון 25טן אויג., 1925 ביזן 19טן יאנ., 1926 טעגלעך; פון 26טן פעב., 1926 ביזן 25טן מערץ, 1927 וועכנטלעך. רעד. פון ה. הירש.

דאָס אידישע פאָלק — וואָכנבלאט. אָרגאַן פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין אמעריקע. ניו-יאָרק. אָנגעהויבן דערשיינען אין 1909. פון 1929 ביז מערץ, 1942 צוויי-וועכנטלעך. פון אַפּריל, 1942, חודש-זשורנאַל. זינט גרינדונג רעד. פון יחזקאל וואָרטסמאַן, אב. גאָלדבערג, דר. ש. מ. מלמד, ש. אבעל, לעאָן זאָלאָטקאָף און דר. שמעון בערנשטיין, — האָט געשפּילט א וויכטיקע ראָלע אין דער אנטוויקלונג פון אמעריקאנער אידישער דיכטונג און בעלעטריסטיק.

דיא אידישע וועלט — טאָגבלאט. דערשינען פון 27טן יוני, 1902 ביזן 1טן יאנואר, 1905. צוערשט רעדאקטירט פון מ. ל. בוקאַנסקי. האָט דערנאָך געביטן נאָמען אויף „ניו-יאָרקער מאָרגען-בלאט". דער פּראָספּעקט פון דער צייטונג האָט געטראָגן דעם נאָמען „קול מבשר פון . . . אידישע וועלט". די צייטונג איז ארויסגעגעבן געוואָרן צו פּראָפּאַגאַנדירן אמעריקאניזם צווישן די יידישע אימיגראנטן. צ. ה. מאַסליאַנסקי איז אָפיציעל געווען דער אַרויסגעבער. צולעצט געביטן דעם נאָמען אויף „ניו-יאָרקער מאָרגען-בלאט און אידישע וועלט".

די אידישע וועלט — טאָגבלאט. קליוולאנד, אָהייאָ. געגרינדעט פון יהושע ראקער 1913, נאָך א פאריניקונג פון דער „אידישער טעגלעכער פרעסע" (געגרינדעט 1908) מיטן „וואָכנבלאט „די אידישע וועלט". אָפּגעשטעלט 1943.

די אידישע וועלט — טאָגבלאט. פילאדעלפיע. אָנגעהויבן דערשיינען דעם 1טן פעברואר, 1914, אונטער דער רעדאקציע פון מ. קאַטץ. אָפּגעשטעלט 1942. א קורצע צייט ארויס וועכנטלעך.*)

דיא אידישע פאָסט — וואָכנבלאט. ארויס יעדן דינסטאג. פּיטסבורג. אָנגעהויבן דערשיינען דעם 18טן אַפּריל, 1903. רעד. פון יוסף ז. גליק.

דיָא אידישע פרעסע — וואָכנבלאַט. ניו-יאָרק. דערשינען פון 21טן יאנ. ביזן 9טן פעברואר, 1913. ארויסגעגעבן פון דער אינטערנעשאָנעל טיפּאָגראפיקאל יוניאָן פון נאָרד-אמעריקע, ניו-יאָרקער צייטונגס-שרייבער יוניאָן נומ. 4. דערשינען אין צייט פון סטרייק פון דער יידישער שרייבער-יוניאָן.**)

די אידישע צוקונפט — חודש-זשורנאַל, ניו-יאָרק, 1908. רעדאקטירט פון דר. יחזקאל וואָרטסמאַן. אַרויס בלויז דריי נומערן.

די אידישע שטימע — וואָכנבלאט. נואַרק. רעד. פון דר. ק. פּאָרנבערג. 1931-1925. אַ צייט דערשינען האַלב-וועכנטלעך.

דער אידישער אדוואָקאט — באָסטאָן, 1905. צוערשט וועכנטלעך, דערנאָך טעגלעך.***)

דער אידישער אימיגראַנט — פון צייט צו צייט. ניו-יאָרק. ארויס פון אויג., 1908 ביז יאנ., 1909.

דער אידישער ארבייטער — אָפיציעלער אָרגאַן פון דער אידישער סאָציאַליסטישער ארבייטער פּאַרטיי פּועלי ציון. זינט גרינדונג, 1923 ביזן 23טן מאַי, 1924, וועכנטלעך. פון 6טן יוני, 1924 ביז אפּריל, 1931, צוויי-וועכנטלעך. פון 16טן אָקט., 1931 ביז אפּריל, 1932 „אידישער אַרבייטער און פאַרן

---

*) וועגן יידישן זשורנאַליזם אין פילאדעלפיע זע: ד. ב. טירקעל: ביבליאָגראַפיע פון דער יידישער פּרעסע אין פילאדעלפיע — „פּנקס", ניו-יאָרק, באנד 1, זז. 262-260.

**) אויספירלעכער וועגן דעם שרייבער סטרייק אין ש. שוינפעלדס „די געשיכטע פון דער יידישער שריפטזעצער יוניאָן", ניו-יאָרק, 1938, זז. 124-115. זע אויך די געשיכטע פון י. ל. פּרין שרייבער פאריין אין דעם זאמלבוך.

***) וועגן יידישן זשורנאַליזם אין באָסטאָן, זע: ז. ברכות: די געשיכטע פון דער יידישער פּרעסע אין מאַסאַטשוסעטס — „יאָרבוך" פון אמאָפּטאַל ייוואָ, ניו-יאָרק, 1939 (סעפּאַראַטער אָפּדרוק), 32 זייטן.

פאָלק". דעם 2טן מאַי, 1932, אָנגעהויבן דערשיינען ווי די באַנייטע וואָכנשריפט „אידישער קעמפּער". (זע).

דער אידישער גזלן — הומאָריסטיש וואָכנבלאַט, ניו-יאָרק, 1910. רעד. פון י. אדלער און יצחק רייז. ארויס בלויז פיר נומערן.*)

דער אידישער גייסט — וואָכנבלאַט. פּאָרטלאַנד, אָרעגאָן. רעד.-ארויסגעבער: ב. באַטשעלים. אָנגעהויבן דערשיינען דעם 31טן מערץ, 1916.

דער אידישער וועגווייזער — אָרגאַן פון אָרטאָדאָקסישע אידן אין אמעריקע און קענעדע. חודש-זשורנאַל. ניו-יאָרק. רעד. פון ש. ל. הורוויץ. דערשינען פון נאָוו., 1916 ביז אַפּריל, 1917.

דער אידישער וועכטער — אָרגאַן פיר די אינטערעסען פון דעם אָרטאָדאָקסישען יודענטום. חודש-זשורנאַל. ניו-יאָרק, 1912. רעד. פון הרב דר. שלום ראַבינאָוויץ.

דער אידישער סאָציאַליסט — אָפּיציעלער אָרגאַן פון דער אידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציאָן פון אמעריקאַ. פון יוני ביז נאָוו., 1913 יעדן חודש. פון 30טן יאַנ., 1914 ביזן 15טן יולי, 1915, וועכנטלעך. פון 6טן אויג., 1915 ביזן 25טן מערץ, 1922, וועכנטלעך א. נ. „די נייע וועלט".

דער אידישער פאַמיליען-זשורנאַל — דערשיינט מאָנאַטלעך אין אידיש און ענגליש. רעד. ל. מאָנפּריד. אָנגעהויבן דערשיינען מערץ, 1941. אין מאַי, 1942, אָנגעהויבן דערשיינען יעדע צוויי חדשים.

דער אידישער פאַרמער — חודש-זשורנאַל. ניו-יאָרק. אָנגעהויבן דערשיינען אין מאַי, 1908.

אידישער פּירער — טאָגבלאַט. באָסטאָן. אין די זומער-חדשים ארויס בלויז דינסטיק און פרייטיק. דעם 20טן נאָוועמבער, 1925, אָנגעהויבן ארויסגיין וועכנטלעך. אָפּגעשטעלט אין 1926.*)

דער אידישער קאָנגרעס — ניו-יאָרק, 1915.

דער אידישער קעמפּער — וואָכנבלאַט. אָרגאַן פון דער פּאַרטיי פּועלי-ציון. אָנגעהויבן דערשיינען אין פילאַדעלפיע דעם 30טן מערץ, 1906. רעד. פון ק. מרמר. פון 18טן יאַנ., 1907 ביזן 5טן מאַי, 1911, דערשינען אין ניו-יאָרק, מיטן אויסנאַם פון צוויי יאָר. באַנייט דעם 25טן מערץ, 1910. אָפּגעשטעלט דעם 5טן מאַי, 1911, און דערנאָך ווידער באַנייט. ארויס פון 17טן פעב., 1917 ביזן 20טן אויג., 1920. רעד. פון י. זאַר, א. ש. וואַלדשטיין, בער באָראָכאָוו, דוד פּינסקי. באַנייט דעם 2טן מאַי, 1932, אונטער דער רעדאַקציע פון חיים גרינבערג. אָפּיציעלער אָרגאַן פון דער פּאַרטיי פּועלי ציון-צעירי ציון אין אמעריקע. — זינט זיינע גרינדונג-יאָרן איז דער „אידישער קעמפּער" תמיד ניט בלויז א פּאַרטיי-אָרגאַן, נאָר א בימה פאַר דער אידישער ליטעראַטור. צוזאַמען מיט דער „פרייע אַרבעטער שטימע" האָט דער „קעמפּער" אנטוויקלט נייע דיכטער, דערציילער, עסייאיסטן און פּובליציסטן.

אייניקייט — צוערשט א צווייוואָכנשריפט. געגרינדעט אין 1943. רעדאַקטירט פון ב. צ. גאָלדבערג. דערשיינט יעדן חודש.

אינדריטץ'ס יום-טוב שריפטן — שיקאַגאָ. 1944-1933.

דער אמעריקאַנער — וואָכנבלאַט. ניו-יאָרק. געגרינדעט 1905 דורכן „מאָרגען זשורנאַל". אין 1928 פאַרשלונגען די „יידישע גאַזעטן". איצטיגער נאָמען „אַמעריקאַנער פאַמיליען-מאַגאַזין". רעדאַקטאָר: זלמן זילבערצווייג. דער „פילאַדעלפיא אמעריקאַנער", וועכנטלעכע אויסגאַבע פון „אַמעריקאַנער" פאַר פילאַדעלפיע. דערשינען אין 1908. — איז די פּאָפּולערסטע יידישע וואָכנשריפט מיט א לייענערשאַפט איבער דער גאַנצער וועלט.

דער ארבייטער — וואָכנבלאַט, ניו-יאָרק, 1911-1904. רעדאַקטירט פון יוסף שלאָסבערג און דוד פּינסקי. — האָט געשפּילט א גרויסע ראָליע אין דער אנטוויקלונג פון דער אמעריקאַנער יידישער ליטעראַטור און אין דערציען אַ בעסערן יידישן לייענער.

די ארבייטער וועלט — וואָכנבלאַט. 1904. ארויסגעגעבן פון די פאַרייניקטע יידישע געווערקשאַפטן.

די ארבייטער וועלט — ארויסגעגעבן פון די פאַרייניקטע יידישע געווערקשאַפטן. ניו-יאָרק, 1908.

דיא באָסטאָנער אידישע שטימע— וועכנטלעך און טעגלעך. 1915-1913. רעדאַקטירט פון יחזקאל לעוויט.

דער באָסטאָנער וואָכנבלאַט. — 1911. רעדאַקטירט פון ד. ל. מעקלער.

ביזנעס-רעקאָרד — וואָכנבלאַט. ניו-יאָרק, 1917. רעדאַקטירט פון ס. מעיסאָן.

בלעטער — פאַר פּראָבלעמען פון סאָציאַליזם, קולטור, ליטעראַטור און קונסט. חודש-זשורנאַל. ניו-יאָרק. רעד. פון א. ליטוואַק, דעצ. 1926 - אַפּריל, 1927.

בראָנזוויל און איסט ניו-יאָרק פּראָגרעס — וואָכנבלאַט, ברוקלין. אָנגעהויבן דערשיינען 15טן סעפּט., 1912. ארויס ביז 1917.

בראָנקס-האַרלעם פרעסע — וואָכנבלאַט. אָנגעהויבן דערשיינען 9טן מערץ, 1913. ארויס ביז 1915.

ברוקלינער אידישע שטימע — וואָכנבלאַט. פון 1929 ביז 1933. רעד. פון דר. י. וואָרטסמאַן. אין מאַי, 1933 איבערגענומען פון יואל באַרקאַן. ארויס ביז 1934.

ברוקלינער נייע צייטונג און ברוקלין-בראָנזוויל פּאָסט — וואָכנבלאַט. רעד. מ. פּ. זיידמאַן. ארויס פון יאַנ., 1925 ביז 1928.

די גלייכהייט — וואָכנבלאַט, ניו-יאָרק. ארויסגעגעבן פון דער לעידיס וועיסטמאַכערס יוניאָן לאָקאַל 25, א. ל. ג. וו. י. דערשינען פון 5טן דעצ., 1913 ביזן 11טן יאַנ., 1919.

גערעכטיגקייט — אָפּיציעלער אָרגאַן פון דער אינטערנעשאָנאַל לײדיס גאַרמענט וואָירקערס יוניאָן. אָנגעהויבן דערשיינען וועכנטלעך דעם 17טן יאַנ., 1919, אונטער דער רעדאַקציע פון ש. יאַנאָווסקי. דערשיינט איצט יעדן חודש אונטער דער רעדאַקציע פון דר. ב. האָפּמאַן-צביון.

דער גראָסערימאַן — וואָכנבלאַט. געגרינדעט אין 1905.*)

דער גרויסער קונדס — א זשורנאַל פאַר הומאָר, וויטץ און סאַטירע. פון 22טן יאַנ., 1909 ביזן 11טן נאָוו., 1910 צוויי-וועכנטלעך. ביזן 5טן מערץ 1909 גערופן „דער גרויסער קיבעצער", פון 18טן נאָוו., 1910 ביזן אָפּשטעל דעם 9טן סעפּט., 1927 ארויס וועכנטלעך. רעדאַקטאָר-ארויסגעבער יעקב מארינאָוו.**)

---

*) וועגן די יידישע הומאָריסטישע צייטשריפטן שרייבט ח. גאָטעספעלד אין דעם זאמלבוך.

*) אויספירלעך וועגן דער באָסטאָנער פּרעסע אין ז. ברכות'ס „די געשיכטע פון דער יידישער פרעסע אין מאַסאַטשוזעטס" — „יאָרבוך" פון אַמאָפּטייל ייוואָ, ניו-יאָרק, 1939. אין אַ באַזונדער אָפּדרוק, 32 זייטן.

*) וועגן די יידישע שפּייז-צייטונגען, ארייננגערעכנט טעגלעכע, זע א. גאָלדבערג: „דער יידישער פאַך-זשורנאַליזם אין אַמעריקע"—„זאמלבוך לכבוד דעם 250טן יובל פון דער יידישער פּרעסע". רעד. פון דר. יעקב שאַצקי, ייוואָ, ניו-יאָרק, 1937, זז. 249-233.

**) וועגן „קונדס" און אַנדערע הומאָריסטישע זשורנאַלן שרייבט ח. גאָטעספעלד אין א באַזונדערן ארטיקל אין דעם זאמלבוך.




אַ בילד פון ניו יאָרקער יידישע צייטונגען און זשורנאַלן, אין פאַרשידענע שפּראַכן,
אין 1918-1917

דגל ישראל — חודש - זשורנאַל. אַרויסגעגעבן פון „דגל הרבנים". רעד. פון הרב שמריהו ליב הורוויץ. 1927-1930.

דער האַמער — קאָמוניסטישער חודש-זשורנאַל. ניו-יאָרק. רעד. קאָלע-גיע . . . פאָרזיצער: מ. אָלגין. אַרויס-געגעבן פון דער „פרייהייט". פון מערץ 1926 ביז מאַי, 1929. באַנייט מערץ, 1930. אָפּגעשטעלט. „דער האַמער" האָט געשפּילט א ווירטיקע ראָלע אין דער אנטוויקלונג פון יידישער פּראָלע-טאַרישער ליטעראַטור און פון קאָמו-ניסטישן געדאַנק.*)

הייגט — טאָגבלאַט. ניו-יאָרק. אָנ-געהויבן דערשיינען דעם 1טן יאַנ., 1920. רעד. פון הערמאַן בערנשטיין. אַרויס א קורצע צייט.

די וואָך — אילוסטרירטע אידישע וואָכענשריפט. רעד. י. א. דאַינאָוו. אַרויס פון 4טן דעצ., 1914 ביזן 8טן יאַנ., 1915.

וואָך — ניו-יאָרק. רעדאַקציע: מ. באַריישאַ, ה. לייוויק, ל. שאַפּיראָ. פון 4טן אָקטאָבער, 1929 ביזן 16טן מאַי, 1930. פון 14טן מערץ, 1930. רעד. פון מ. באַריישאַ און ה. לייוויק.

דיא ווארהייט — טאָגבלאַט. ניו-יאָרק. אָנגעהויבן דערשיינען דעם 11טן נאָוו., 1905, אונטער דער רע-דאַקציע פון ל. ע. מילער. פון 1914 ביזן 28טן פעב., 1919, ווען די „וואר-הייט" איז פאראייניקט געוואָרן מיט'ן „טאָג" — רעד. פון ל. גאָניקמאַן.**)

דאָס וואָרט — ניו-יאָרק. וואָכנ-שריפט. רעד. פון ש. צ. זעצער. וועכנט-לעך פון 7טן דעצ., 1921 ביזן 17טן פעב., 1922; שפּעטער יעדן חודש. באַנייט ווי „דאָס וואָרט"-ביבליאָטעק.

דאָס וואַשינגטאָנער לעבען — וואָכנבלאַט. וואשינגטאָן. רעד. פון ר. פינקעלשטיין. אָנגעהויבן דערשיינען אין אויג., 1911 ווי א חודש-זשורנאַל. פון 29טן סעפּט., 1911 ביזן 23טן פעב., 1912, אַרויס יעדע וואָך.

דער וועג — טאָגבלאַט. דעטראָיט. רעד. פון י. ל. מאַלאַמוט און ק. א. ברווידעס. אַרויס פון 2טן פעב., 1919 ביזן 5טן נאָוו., 1920.

*) וועגן דער אַנטוויקלונג פון דער לינקער ריכטונג אין דער אמעריקאנער יידישער ליטעראַטור, זע: א. פּאָמעראַנץ, „פּראָלעטפּען" — „אלמאנאך"... פון אינ-טערנאַציאָנאַלן ארבעטער אָרדן, ניו-יאָרק, 1944, זז. 393-402; אויך זיין בוך „פּראָ-לעטפּען".

**) אַן אַרטיקל וועגן דער „ווארהייט", איז געדרוקט אין דעם זאַמלבוך.

דער וועקער — אָפיציעלער אָרגאַן פון יידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד. דערשינען וועכנטלעך פון 1921 ביז 1929. צוויי-וועכנטלעך ביז 1938. דערנאָך איין מאָל אין חודש. פון 1942 ווידער צוויי-וועכנטלעך.

דער טאָג — טאָגבלאַט. ניו-יאָרק. אָנגעהויבן דערשיינען דעם 5טן נאָוו., 1914.*) איצטיקער רעדאַקטאָר: וויל-וויליאַם עדלין.

דער טאגליכער יידישער קול — טאָגבלאַט. שיקאַגע. רעד. פון ל. זאַ-לאָטקאָף. איז דערשינען פון 10טן פעב., 1901 ביזן 19טן יולי, 1901.

טעגלאכע אידישע פּרעסע — טאָג-בלאַט. לאָס-אַנדזשעלעס. רעד. פון ש. ל. בלאַנק. דערשינען פון 22טן פעב. ביזן 1טן מאַי, 1934.

דאָס יודישע וואָכענבלאַט — ניו-יאָרק. רעדאַקטירט פון י. פּעפּפּער. דערשינען פון 1טן יאנואר, 1909 ביזן 28טן אַפּריל, 1911.

יידיש — וואָכנשריפט פון דער יידישער קולטור-געזעלשאַפט, ניו-יאָרק. אַרויס פון 12טן מאַי, 1932 ביזן 10טן פעב., 1933.

יידישע גאַזעטען — זע: „יידישעס טאַגעבלאַט" און „אַמעריקאַנער".

יידישע קולטור — חודש-זשורנאַל. אַרויסגעגעבן פון אַלוועלטלעכן יידישן קולטור-פאַרבאַנד (איקוף). ערשטער נומער אַרויס אין נאָוועמבער, 1938. רעדאַקטירט פון נחמן מייזיל.

יידישעס טאַגעבלאַט — טאָגבלאַט, ניו-יאָרק. 1885-1928. דעם 30טן אַפּ-ריל, 1928, פאַרשלונגען דורכן „מאָר-גען זשורנאַל".**)

דער יידישער רעקאָרד — וואָכנ-בלאַט. שיקאַגע. רעד. פון י. מ. וואָלפּ-סאָן. דערשינען פון יוני, 1918 ביזן 5טן מאַי, 1922.

ל. א. אידישער בולעטין — וואָכנ-שריפט. לאָס-אַנדזשעלעס. רעד. פון י. ל. מאַלאַמוט. 1927-1928.***)

*) אַן אַרטיקל וועגן „טאָג", געשריבן פון וויליאַם עדלין, איז געדרוקט אין דעם זאַמלבוך.

**) וועגן דער גרינדונג-תקופה פון „טאגעבלאַט" זע דעם אָנהייב פון אונזער אָפּהאנדלונג. וועגן דער שפּעטערדיקער תקופה פון דער צייטונג שרייבט גדליה בובליק אין דעם זאמלבוך אין אַ באַזונ-דערן אַרטיקל.

***) וועגן דער יידישער פּרעסע ביים פּאַסיפישן ברעג זע: י. ל. מאַלאַמוט: „די יידישע פּרעס אין קאַליפאָרניע" — „זונלאַנד", לאָס-אַנדזשעלעס 1925, זז. 92-98.

די לאָס אנדזשעלעסער טעגליכע צייט — רעד. פון י. ל. מאַלאַמוט. פון 15טן יולי ביזן 11טן סעפּט., 1921, טעגלעך. ביז 18טן יאַנ., 1924, וועכנט-לעך א. נ. „די צייט".

ליטעראַטור און לעבן — ליטעראַ-ריש - געזעלשאַפטלעכע מאָנאַטשריפט. ניו-יאָרק. אָנגעהויבן דערשיינען אין 1915 ווי א טיילווייזער איבערדרוק פון חודש-זשורנאַל „די יודישע וועלט", ווילנע. רעד. צוערשט פון ק. פאָרנ-בערג, דערנאָך פון מאני לייב און ר. אייזלאַנד, זישאָ לאַנדוי.

מאָרגן פרייהייט — טאָגבלאַט. אָנ-געהויבן דערשיינען א. נ. „פרייהייט" דעם 2טן אַפּריל, 1922. דעם 17טן יוני, 1929, געביטן נאָמען אויף „מאָרגן-פרייהייט". רעדאַקטירט זינט גרינדונג פון: מ. אָלגין, ב. גיטלאָוו, שכנא עפּ-שטיין און מלך עפּשטיין. איצטיקער רעדאַקטאָר: פּ. נאָוויק.*)

מאָרגן בלאַט — טאָגבלאַט. ניו-יאָרק, 1905. רעדאַקטירט פון מאָרים ראָזענפעלד. אַרויס בלויז עטלעכע חדשים.

מאָרגען זשורנאל — טאָגבלאַט. ניו-יאָרק, 1902. געגרינדעט פון יעקב סאַ-פירשטיין. איצטיקער רעדאַקטאָר ד. ל. מעקלער. דער „מאָרגען זשורנאַל" האָט דעם 30טן אַפּריל, 1928, איינגעשלונ-גען דאָס יידישע טאַגעבלאַט.**)

מאָרגען-צייטונג — טאָגבלאַט. אַרויסגעגעבן פון „פאָרווערטס". אונ-טער דער רעדאַקציע פון ב. פייגענבוים. ערשטער נומער אַרויס דעם 15טן יאַנ., 1906. אַרויס נאָר עטלעכע וואָכן.

דער מזרחי-וועג — חודש-זשורנאַל. ניו-יאָרק. אָרגאַן פון דער מזרחי-אָרגאַ-ניזאַציע אין אַמעריקע. דערשיינט זינט 1936. רעדאַקטירט פון א. ל. געלמאַן.

מילוואָקער יידישע שטימע — וואָכנבלאַט. 1931. רעד. פון א. פּאָזי און י. ל. מאַלאַמוט.

מיללער'ס וואָכענשריפט — ניו-יאָרק, 1917. רעד. פון ל. ע. מיללער. אַרויס 55 נומערן.

נאַטור און וואונדער — וואָכנ-שריפט פאר אויפקלערונג איבער די פאַרבאָרגענע כחות אין מענשען. ניו-יאָרק. רעד. פון ב. ריווקין. דערשינען פון 10טן ביזן 31טן מערץ, 1922.

*) א באַזונדער אַרטיקל וועגן דער „מאָרגן פרייהייט", געשריבן פון משה שטאַרקמאַן, איז געדרוקט אין דעם זאַמל-בוך.

**) וועגן „מאָרגן זשורנאַל" שרייבט י. פישמאַן אין א באַזונדער אַרטיקל אין דעם זאַמלבוך. וועגן „טאַגעבלאַט" שרייבט גדליה בובליק.

ניו-יאָרקער וואָכנבלאט — רעד. פון י. ליבמאן. אָנגעהויבן דערשיינען דעם 4טן יאנ., 1935.

ניו-יאָרקער מאָרגען - בלאטט און אידישע וועלט — טאָגבלאט, ניו-יאָרק. זע: „דיא אידישע וועלט“.

דאָס נייע לעבן — חודש-זשורנאל, ניו-יאָרק. דערשינען פון דעצ., 1908 ביז יוני, 1914. ביז דעצ., 1911 רעד. פון דר. חיים זשיטלאָווסקי; פון יאנ. ביז אפּריל, 1912: פון דר. חיים זשיטלאָווסקי, דר. ה. זאָלאָטאראָוו און דר. י. א. מעריסאָן. פון מאַי ביז נאָוו. 1912: פון דר. חיים זשיטלאָווסקי; דער נומער פון דעצ. 1912: פון מאָרים ווינטשעווסקי, דר. י. א. מעריסאָן און דוד פּינסקי; פון יאנ. 1913 ביז יוני, 1914. רעד. פון דר. חיים זשיטלאָווסקי. באנייט אין אָקט., 1922, אונטער דער רעדאקציע פון דר. ח. זשיטלאָווסקי און ש. ניגער. לעצטער נומער, סעפּט 1923. — „דאָס נייע לעבן“ האָט געשפּילט די גרעסטע ראָלע אין דער פארשפּרייטונג פון יידישן נאַציאָנאל-ראַדיקאלן געדאנק, ווי ער איז באַגרינדעט געוואָרן פון דר. חיים זשיטלאָווסקי. אויף דעם זשורנאל האָט זיך דערצויגן א גאנצער דור פון דער יידישער אינטעליגענץ, און וויכטיקע פּיֿרער און פּיאָנערן פון יידישן אַנאַרכיזם און סאָציאליזם זיינען צוגעשטאַנען צו דער יונגער יידישער נאַציאָנאל-ראדיקאלער באַוועגונג א דאַנק די השפּעה פון זשורנאל און זיין רעדאַקטאָר. „דאָס נייע לעבן“ האָט געהאט אַ גרויסן חלק אינם בוי פון די יידיש-וועלטלעכע שולן און אין דער אנטוויקלונג פון דער מאָדערנער יידישער ליטעראטור.

די נייע ווארהייט — טאָגבלאט, ניו-יאָרק. רעד. פון ל. ע. מיללער. דערשינען פון 14טן מערץ ביזן 19טן נאָוועמבער, 1925. — די ערשטע „טאבלאָיד“-צייטונג אויף יידיש.

די נייע וועלט — דריי מאָנאַטלעכער זשורנאל. ניו-יאָרק. רעד. פון יעקב מילך. אָקט. 1909 יאנ. 1910.

„די נייע וועלט“ — זע „דער אידישער סאָציאליסט“.

נייע יום-טוב בלעטער — ניו-יאָרק. רעד. פון י. חייקין און מ. דאנצים. 1934-1933.

די נייע פּאָסט — אָפיציעלער אָרגאַן פון די קלאוק און סקווירטמאכער יוניאָנס פון ניו-יאָרק. וואָכנבלאט. רעד. פון ד. שוב. ארויס פון 3טן סעפּט. 1915 ביזן 10טן יאנ., 1919.

דער עמעס — וואָכנבלאט. ניו-יאָרק, 1921. שפּעטער פאראייניקט מיט „די נייע וועלט“ און זיך גערופן „נייע וועלט-עמעס“.

עקספּרעס — וואָכנבלאט. שיקאגע. רעד. פון י. ב. לייבנער. 1938-1933.

פּראָלעטאריער — קאָמוניסטישער אָרגאַן. ניו-יאָרק, 1920.

פּראָלעטארישער געדאנק — אָרגאַן פון די לינקע פּועלי-ציון. אָנגעהויבן דערשיינען אין 1925. ווערט איצט געדרוקט אין טאָראָנטאָ, קאנאַדע. רעדאקטירט פון יעקב קענער.

דאָס פּאָלק — וואָכנבלאט פון די סאָציאליסטן-טעריטאָריאליסטן. פילאַדעלפיע. דערשינען פון פעב. ביז יוני, 1906.

פּאָלקסשטימע — וואָכנשריפט פון דער אידישער סאָציאליסטיש-טעריטאָריאליסטישער פארטיי. ניו-יאָרק. — מערץ-סעפּט., 1912.

פּאָרווערטס — טאָגבלאט. ניו-יאָרק. אָנגעהויבן דערשיינען דעם 22טן אפּריל, 1897. רעדאקטירט פון אב. קאַהאַן.*)

פּאָרווערטס — טאָגבלאט. שיקאגע. זע „אידישע ארבייטער-וועלט“.

פּאָרטשריט — אָפיציעלער אָרגאַן פון די אמאלגעמייטעד קלאָדהינג וואָירקערס אָוו אמעריקא. אָנגעהויבן דערשיינען ווי א וואָכנשריפט דעם 2טן אפּריל, 1915, אונטער דער רעדאקציע פון יוסף שלאָסבערג. שפּעטער ארויס יעדע צוויי וואָכן און דערנאָך איין מאָל אין חודש. אָפּגעשטעלט אין מאַי, 1932.

פּארן פּאָלק — צענטראל-אָרגאַן פון צעירי ציון התאחדות אין אמעריקע. ניו-יאָרק. אָנגעהויבן דערשיינען צוויי-וועכנטלעך דעם 13טן אפּריל, 1923. רעדאקטירט פון ק. ווייטמאן, יחזקאל ראבינאָוויטש און פון זינט 1928 ביז פאראייניקונג מיטן „יידישן ארבעטער“ דעם 26טן אָקט., 1931 — פון חיים גרינבערג. זע: „אידישער קעמפּער“.

פונקען — קאָמוניסטישע וואָכנשריפט. ניו יאָרק. 1920.

דער פיהרער — טאָגבלאט. ניו-יאָרק, 1915. ארויס בלויז עטלעכע מאָנאַטן. רעד. פון לואיס ע. מיללער נאָך זיין אוועקגיין פון דער „ווארהייט“ (זע).

פילאדעלפיער מאָרגען-צייטונג — טאָגבלאט. פון 18טן יאנואר ביזן 7טן אפּריל, 1907. — די ערשטע יידישע טאָגצייטונג אין פילאַדעלפיע.

פרייהייט — זע „מאָרגן-פרייהייט“.

די צוקונפט — חודש-זשורנאל. האָט אָנגעהויבן דערשיינען אין יאנ., 1892 און איז ארויס, מיט א צאָל איבעררייסן ביז אויגוסט, 1897. וועגן דער דאָזיקער תקופה איז שוין גערעדט געוואָרן אין די פריערדיקע קאפּיטלען. איז באנייט געוואָרן אין יאנ. 1902, אונטער דער רעדאקציע פון י. קאָספּע. די אנדערע רעדאקטאָרן זיינען געווען: ב. פייגענבוים (1903), פיליפ קראַנץ (1904), ק. פאָרנבערג (1906) יעקב מילך (1907), מאָרים ווינטשעווסקי (1909-1907), א רעדאקציאָנעלע קאָלעגיע (1912-1910). אין אויג. 1912, איבערגענומען פון דער „פאָרווערטס“-אסס'ן און א. ליעסין איז אויסגעקליבן געוואָרן דער רעדאקטאָר — אן אמט, וועלכן ער האָט אָנגעהאלטן ביז'ן לעצטן טאָג פון זיין לעבן. די נומערן פון דעצ. 1938 און יאנ. 1939 זיינען רעדאקטירט געוואָרן פון יעקב קרעפּליאק. פון פעב. 1939 רעדאקטירט פון אַ קאָלעגיע: דר. ל. פאָגעלמאן, יעקב קרעפּליאק און הלל ראָגאָף. דער נומער פון דעצ. 1940 איז געווען דער לעצטער נומער ארויסגעגעבן פון דער „פאָרווערטס“-אַסאָסיאיישאָן. די צענטראלע יידישע קולטור אָרגאַניזאַציע (ציק"אָ) האָט באנייט „די צוקונפט“ אין אָקטאָבער 1941, אונטער דער רעדאקציע פון ש. ניגער, דוד פּינסקי און הלל ראָגאָף, מיט נ. ב. מינקאָוו אלס רעדאקציע-סעקרעטאר. אין מאַי 1942 איז ארויס דער ספּעציעלער נומער צום 50-יאָריקן יובילעי פון זשורנאל. אין דעמדאָזיקן נומער איז אויספירלעך געשילדערט געוואָרן דער בייטראג פון „צוקונפט“ צו דער יידישער קולטור און צום פרייעם יידישן געדאנק. — אַ היפּשער טייל פון דער יידישער קינסטלערישער און וויסנשאַפטלעכער ליטעראטור איז צוערשט געדרוקט געווען אין „צוקונפט“, בעיקר אונטער א. ליעסינס רעדאקציע.

די צייט — לאָס-אנדזשעלעס. געגרינדעט אין 1918. צוערשט ארויס וועכנטלעך. שפּעטער געביטן דעם נאָמען אויף „דער שטערן“. 1924, אויך אַרויס יעדן טאָג.

די צייט — טעגלעכע נאַציאָנאל-סאָציאליסטישע ארבייטער - צייטונג. ניו-יאָרק. רעד. פון דוד פּינסקי. פון 29טן אויגוסט, 1920 ביזן 26טן אפּריל, 1922. — האָט דערפירט דעם יידישן זשורנאליזם צו א הויכער

*) וועגן „פאָרווערטס“ שרייבט אויספירלעך מ. אָשעראָוויטש אין דעם זאמלבוך.

מדרגה. די באַדייטנדיקסטע יידישע פּובליציסטן זיינען געווען צווישן אירע מיטאַרבעטער. האָט צוגעצויגן יידישע דיכטער און בעלעטריסטן און געקעמפּט פאַר א בעסער יידיש טעאַטער. ניט געקוקט אויף איר קורצער עקזיסטענץ האָט „די צייט“ אַריינגעשריבן איינס פון די שענסטע קאַפּיטלען אין דער געשיכטע פון יידישן זשורנאַליזם.

דער צייט גייסט — וואָכנשריפט. אַרויסגעגעבן פון „פאָרווערטס“. 1905-1908, רעדאַקטירט פון אַב. קאַהאַן און דערנאָך פון ש. פּעסקין.

דער קאָאָפּעראַטיווער מאַגאַזין — חודש-זשורנאַל, ניו-יאָרק. אויג. 1908-סעפּט. 1908.

קאַליפאָרניער אידישע שטימע — וואָכנבלאַט. סאַן-פראַנציסקאָ. רעד. פון דר. יחזקאל וואָרטסמאַן. באַנייט פון 11טן אָקט., 1912 ביזן 13טן נאָוו., 1914.

קאַליפאָרניער אידישע שטימע — טאָגבלאַט. 1927. רעד. פון ל. לאַנדוי (א. וואָהלינער). שפּעטער א וואָכנשריפט. רעד. פון דר. יחזקאל וואָרטסמאַן.

קאַמף — אָרגאַן פון דער לינקער ריכטונג אין דער יידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע. 1918-1920.

דאָס קול פון דער גהעטאָ — טאָגבלאַט, ניו-יאָרק, 1901. פּאָליטישע וואַל-פּראָפּאַגאַנדע.

קולטור און דערציאונג — חודש-זשורנאַל. אַרויסגעגעבן פון בילדונג-דעפּאַרטמענט פון אַרבעטער רינג. פון 1931 ביז 1938, געהייסן „אונזער שול“. רעדאַקטירט פון נ. כאַנין.

דער קיבעצער — זשורנאַל. ניו-יאָרק. אַרויס פון 15טן אַפּריל, 1908 ביזן 16טן אויג., 1912. פון 15טן אַפּריל ביזן 15טן נאָוו., 1908 — יעדן חודש; צוויי-וועכנטלעך: פון 1טן מאַי, 1909 ביזן 14טן יולי, 1911. וועכנטלעך: פון 28טן יולי, 1911 ביזן 16טן אויג., 1912. רעדאַקטירט, לויט דער ריי: פון י. טונקל, ג. הורוויץ, ה. גוטמאַן (דער לעבעדיקער), דוד אַפּאָטהעקער און ה. גוטמאַן.*)

*) וועגן די הומאָריסטישע זשורנאַלן שרייבט ה. גאָטעספעלד אין דעם זאַמלבוך.

# דער „פאָרווערטס"

(עטלעכע באמערקונגען ביי א פּאַסיקער געלעגנהייט)



פון מ. אָשעראָוויטש

אין צוויי יאָר ארום — אין 1947 — וועט ווערן פונקט פופציק יאָר זינט דער „פאָרווערטס" האָט אָנגעהויבן אַרויסגיין.

דער ערשטער נומער פון דער צייטונג איז ארויס אינם טאָג פון 22-טן אפּריל, 1897, און פון דעם וואס מיר וויסן וועגן דעם יידישן לעבן אין אמעריקע פון יענער צייט, איז די גרינדונג פון „פאָרווערטס" געווען א וויכטיגע געשעעניש ניט נאָר אין די סאָציאַליסטישע קרייזן, וואָס האָבן זיך דאן געשפּאָלטן אויף צוויי פראקציעס, נאָר אויך אין דעם אַלגעמיינעם געזעלשאַפטלעכן און קולטורעלן יידישן לעבן אין דעם נייעם לאַנד, וואוהין דער שטראָם פון אימיגראציע האָט געבראכט יידן פון אלע עקן וועלט.

פאר די יידישע איינוואַנדערער, וואס האָבן אָנגעהויבן לויפן קיין אמעריקע פון רוסלאַנד, פון פוילן און פון דער ליטע נאָך די פּאָגראָמען פון די אכציגער יאָרן, און אויך פאר די, וואָס זיינען געקומען פון דאָרט שפּעטער, איז ניט געווען גענוג צו לייענען א טעגלעכע צייטונג און ווערן צוגעבונדן צו איר בלויז צוליב דעם, וואָס זי ברענגט זיי נייס וועגן וויכטיגע, אָדער אומוויכטיגע געשעענישן. אין זייער באַציאונג צו א צייטונג זיינען זיי געווען אנדערש ווי די דורכשניטלעכע לייענער פון צייטונגען אין אמעריקע; זיי האָבן געקענט ווערן צוגעבונדן בלויז צו אזא צייטונג, וואס זאָל זיי מאכן פילן היימיש אין דעם נייעם לאַנד, וואס זאָל זיי באַקענען מיט דעם נייעם לאַנד, וואס זאָל זיי דרייסט און מוטיג אָנווייזן דעם וועג ווי אויסצוקעמפן בעסערע לעבנס-באַדינגונגען, וואס זאָל פרעדיקן פריי און אָפן די אידעאלן, וואָס מ'האָט אין דער צארישער רוסלאַנד ניט געטאָרט פרעדיקן פריי — די אידעאַלן פון סאָציאַליזם און פרייהייט. און דאָס האָבן זיי געפונען אין „פאָרווערטס", און דערפאר זיינען זיי צו דער צייטונג געוואָרן אזוי צוגעבונדן.

ניט נאָר אזעלכע, וואס זיינען אין רוסלאַנד געווען טעטיק אין דער סאָציאַליסטישער און רעוואָלוציאָנערער באוועגונג, זיינען אין אמעריקע, ווי לייענער פון צייטונגען, צוגעבונדן געוואָרן צום „פאָרווערטס", נאָר אויך אזעלכע, וואס זיינען אין רוסלאַנד אין דער סאָציאַליסטישער און רעוואָלוציאָנערער באוועגונג דווקא ניט געווען טעטיק; אין דעם נייעם לאַנד איז דאַן אין יידישן לעבן אָנגעגאַנגען דער פּראָצעס פון פּראָלעטאַריזאציע; עס האָט זיך דאַן געמערט די צאָל פון די אזוי גערופענע „קאָלאָמבוס-בעלי-מלאכות"; געוועזענע סוחרים און אויך געוועזענע ישיבה-בחורים, לומדים און „עקסטערניקעס", וואָס האָבן שטענדיק געהאַלטן עקזאמען און קיינמאָל ניט אויסגעהאַלטן, זיינען אין אמעריקע געוואָרן ארבייטער אין די שעפּער; אין זייער לעבן זיינען ארויסגעשוואומען פּראָבלעמען, וואס זיינען מער ניט געווען סתם אן אַבסטראַקטע טעאָריע, און מ'האָט דאָס געקענט לעזן ניט מיט לומדישע חקירות און אינטעליגענטישע דיסקוסיעס, נאָר אין קאמף — דורך א סטרייק, וואס האָט געדאַרפט געפירט ווערן אזוי, אז די גאַנצע געזעלשאַפטלעכע מיינונג זאָל אין דעם ווערן פאַראינטערעסירט, און דאָס האָט פאר זיי געטאָן דער „פאָרווערטס". יעדער קאמף איז געפירט געוואָרן פון די יוניאָנס, וואס דער „פאָרווערטס" האָט געהאָלפן בויען.

אין דער גאַנצער געשיכטע פון דער יידישער ארבעטער-באוועגונג אין אמעריקע איז נישטאָ קיין איין גרויסער קאמף, אין וועלכן דער „פאָרווערטס" האָט ניט געשפּילט קיין וויכטיקע ראָלע. די אָנגעזעענסטע יידישע ארבעטער-פירער זיינען אלע מאָל געווען פארבונדן מיטן „פאָרווערטס" און מיט דער באוועגונג, וואָס האָט זיך ארום אים געשאפן. אין יעדן קאמף, וואס האָט אָנגערירט די אינטערעסן פון טויזנטער און טויזנטער יידישע מענטשן אין אמעריקע, האָט דער „פאָרווערטס" זיך איינגעשטעלט פאר די גערעכטע, פאר די אונטערדריקטע, פאר די געקריוודעטע און באליידיקטע, און ס'איז דאריבער געווען גאַנץ נאַטירלעך, אז אזא צייטונג זאָל ווערן א גרויסער כח אין יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן דאָ ביי אונז אין לאַנד און האָבן דעם גרויסן איינפלוס, וואס זי האָט.

און פונקט אזוי איז געווען נאַטירלעך, אז אין זיין שטייגן זאָל דער „פאָרווערטס" קריגן א סך שונאים און קעגנער. אנדערש האָט עס ניט געקענט זיין, ווייל א צייטונג וואס איז אויסגעהאַלטן אין איר שטעלונג צו פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע פראגן, א צייטונג מיט קלאָר-אָנגעצייכנטע פּרינציפּן און מיט אן אָפן פּנים, מוז האָבן שונאים און קעגנער, ווען איר איינפלוס אויפן געזעלשאַפטלעכן לעבן איז גרויס און זי שטעלט מיט זיך פאָר א כח, וואס בויגט זיך ניט און מאכט ניט קיין פשרות

## די רעדאקציע פון „פאָרווערטס"



פון רעכטס צו לינקס, ערשטע רייע: ל. קרישטאָל, מ. כינאי, ד. שוב, ל. פאָגעלמאַן, ה. ראָגאָף, אב. קאהאן, דר. ב. האָפמאַן (צבִיון), א. רייזין, ה. ליבערמאַן, ה. לאַנג, ב. באָטוויניק, מ. אָשעראָוויטש, ז. ליבין, י. פרענקעל. צווייטע רייע: ב. שעפנער, ל. ראבינס, מאני לייב, דר. מ. כמעלניצקי, י. טונקל (דער טונקעלער), י. לעשצינסקי, ס. וועבער, ז. שער, ה. ערענרייך, ה. וויטאל, נ. גראָס, ד. קאפּלאַן, ר. אבראמאָוויטש, צבי כהן, רעגינא פרישוואסער, נחום יוד, ב. מיימאן. דריטע רייע: י. רייך, י. קיסין, ל. קעסנער, י. באשעווים, מ. קרישטאָל, ד. ליבערזאָן, ד. פעדער, י. אבראמאָווין, ה. הערמאן, ב. י. ביאלאָסטאָצקי, י. פּאָגעל, י. לאָלא, ה. גאָטעספעלד, דר. ל. הענדין.

אפילו דאן ווען בויגן זיך און פּשרה-מאַכעריי אין פּאָלי-
טיק ווערט באטראכט ניט ווי א גרויסער חסרון, נאָר
דוקא ווי גאָר א גרויסע מעלה...

דער ערשטער רעדאקטאָר פון „פאָרווערטס" איז גע-
ווען אב. קאַהאַן. ער איז אויסגעקליבן געוואָרן איינ-
שטימיק אויף א ספּעציעלער קאָנפערענץ, וואס איז צו-
נויפגערופן געוואָרן דעם 30-טן יאנואר, 1897, אין וואל-
האלא האָל, 48 אָרטשארד סט., ניו-יאָרק. און ווי ער
אליין דערציילט אין זיינע מעמואַרן,*) זיינען אויף יע-
נער קאָנפערענץ געווען פארטראָטן „דריי און צוואנציק
אָרגאַניזאַציעס (פּאַרטיי - ברענטשעס, סאָציאליסטישע
פאַריינען און טרייד-יוניאָנס) פון ניו-יאָרק, ברוקלין, פי-
לאַדעלפיע, באלטימאָר, ניו-הייווען און האַרטפאָרד".

צוויי טעג און צוויי נעכט האָט מען אויף יענער קאָנ-
פערענץ אָפּגעהאלטן זיצונגען, און אויף איינער פון די זי-
צונגען, וואו עס איז באשלאָסן געוואָרן צו גרינדן א טעג-
לעכע סאָציאליסטישע צייטונג, האָט לואי מילער געמאכט
דעם פאָרשלאָג, אז די צייטונג זאָל הייסן „פאָרווערטס".
זיין פאָרשלאָג איז אָנגענומען געוואָרן, כאָטש „איך האָב
געגלויבט, — דערציילט קאהאַן — אז מ'דארף אַן עכט-
יידישן נאָמען, אָבער א גרעאָטענעם יידישן נאָמען פאר
אַ צייטונג איז ניט גרינג צו געפינען".**)

אין 1898 האָט אַב. קאהאַן רעזיגנירט איבער א צו-
זאמענשטויס, וואס ער האָט געהאט מיט זיינע קעגנער
אינם „פאָרווערטס פרעס-פאַרבאַנד", און געקומען צום
צוזאַמענשטויס איז איבער א לייט-אַרטיקל, אין וועלכן מ.
זאַמעטקין האָט געזידלט רעליאָנען. קאהאַן האָט דעם
לייט-אַרטיקל ניט געוואָלט אריינשטעלן, ווייל ער האָט גע-
האַלטן, אז מ'דארף זיך ניט ארומקריגן אויף אזא שטיי-
גער מיט דער אָפּגעשפּאָלטענער גרופּע, וואס מ'האָט דא-
מאָלט גערופן די „קליקע". ער האָט זאַמעטקינען גע-
זאָגט, אז אויב ער וויל דוקא ארויסטרעטן מיט אזעלכע
שאַרפע אויסדרוקן אַקעגן רעליאָנען און דער „קליקע",
איז ניט אין א לייט-אַרטיקל, נאָר אין א „שטימע פון
פאָלק".

דאמאָלט איז אב. קאהאַן אוועק פון „פאָרווערטס"
און איז געוואָרן א שטענדיקער מיטארבעטער אין אן ענג-
לישער צייטונג. אָבער אין 1903 איז ער ווידער געוואָרן
דער רעדאקטאָר פון „פאָרווערטס", און דעם זעלבן פּאָסטן
האַלט ער אָן נאָך ביז היינטיקן טאָג, און אין די אלע
קאַמפן, וואָס די צייטונג האָט דורכגעמאַכט אין די עטלעכע
און פערציק יאָר זינט זי עקזיסטירט, איז ער געשטאַנען
אין סאמע צענטער, און ער האָט שטענדיק געהאט פאר
זיך א קלאָר אָנגעצייכנטע ליניע — ניט נאָר אין פּאָלי-
טישע און געזעלשאַפטלעכע פראגן, נאָר אויך אין לי-
טעראַרישע.

ווי א סאָציאליסטישע צייטונג האָט דער „פאָרווערטס"
צוגעצויגן צו זיך די בעסטע און אָנגעזעענסטע יידישע סאָ-
ציאליסטישע פּובליציסטן, און מ'קען זאָגן, אז אין די ראַ-
דיקאַלע קרייזן איז שווער צו געפינען א באַדייטנדן
יידישן פּובליציסט, וואס האָט אמאָל ניט געשריבן אין
„פאָרווערטס". ס'פאַרשטייט זיך, אז ניט אלע מאָל און ניט
מיט אלעמען האָט די צייטונג געקענט אָנהאַלטן אזעלכע
באַציאונגען, אז מ'זאָל זיך קיינמאָל ניט דארפן שיידן.
מענטשן מיט פעסטע איבערצייגונגען — אויב אפילו זיי
זיינען אלע פון איין קרייז און שטרעבן אַלע צו דעם זעלבן
ציל — מוזן דאָך ניט שטענדיק איינשטימען אין אלץ.
דאָרט וואו ס'איז דאָ א שטאַרקע האַנט און דער פעסטער
ווילן פון א מענטשן, וואס ווייסט וואָס ער וויל און וואָס
קען באַשטיין פעסט דאַרויף וואס ער וויל, דאָרט מוז
אמאָל זיין א צוזאַמענשטויס אפילו צווישן אזעלכע, וואס
זענען זיך אידעאיש נאָענט איינער צום אַנדערן. אָבער
ניט קוקנדיק דאַרויף האָט יעדער באַדייטנדער ראַדיקאַלער
יידישער פּובליציסט, אין פאַרשיידענע צייטן פון זיין קאַר-
יערע, געפונען זיין היים אין „פאָרווערטס", און עס זיינען
אויך געווען אזעלכע, וואס האָבן אויף דער צייטונג געקוקט
ווי אויף א מקום-קדוש, וואו זיי דארפן האָבן אַן עמוד
פאַר זיך צו רעדן צו די יידישע מאַסן אין אַמעריקע.

און דאָ וועט זיין גענוג צו דערמאָנען בלויז עטלעכע
נעמען: מאָריס ווינטשעווסקי, פיליפּ קראַנץ, בנימין פיי-
געגבוים, פּראָפעסאר יצחק אייזיק הורוויץ, (יצחק אייזיק
בן אריה-צבי הלוי), מ. באַראַנאָוו, דר. קארל פאָרענבערג,
דר. ש פּעסקין, און נאָך אנדערע. אויך מ. אָלגין דאַרף
דערמאָנט ווערן צווישן די באַדייטנדיקע יידישע פּובלי-
ציסטן, וואס זיינען געווען פאַרבונדן מיטן „פאָרווערטס".
ער איז א סך יאָרן געווען א שטענדיקער מיטאַרבעטער
פון דער צייטונג, און אוועק איז ער נאָכדעם ווי ער האָט
זיך אָנגעשלאָסן אָן דער לינקער גרופּע, וואס האָט זיך אָפּ-
געשפּאָלטן פון דער סאָציאליסטישער פּאַרטיי.

אויך ניט-יידישע סאָציאליסטישע פּובליציסטן האָבן
אין „פאָרווערטס" פון צייט צו צייט געפונען א היים פאר
זיך, ווען זיי האָבן געוואָלט רעדן צו די יידישע מאַסן. און
צווישן זיי דארפן דערמאָנט ווערן די נעמען פון קאַרל
קאַוטסקי, סידני וועב, פיליפּ סנאָודען און אויך לעאָן
טראָצקי. אין די עטלעכע חדשים וואס ער איז אין 1917
געווען אין אמעריקע, פאַרן אויסברוך פון דער רעוואָלו-
ציע אין רוסלאַנד, איז ער געווען א שטענדיקער מיטאַר-
בעטער פון „פאָרווערטס" און ער האָט געשריבן צוויי
אַרטיקלען א וואָך. מיר פלעגט דאַן פון צייט צו צייט
אויסקומען איבערצוזעצן זיינע אַרטיקלען פון רוסיש אויף
יידיש, און איך געדענק ווי ער האָט מיר איינמאָל געזאָגט,
אַז אויב ער וועט דארפן זיין אין אמעריקע א לענגערע
צייט, וועט ער זיך אויסלערנען שרייבן יידיש אזוי גוט,
אַז ס'וועט שוין מער ניט זיין נויטיק צו איבערזעצן זיינע
אַרטיקלען. ער וועט זיי אליין שרייבן אויף יידיש.

ניט אומזיסט האָט דער אַלטער סעמיועל גאָמפּערס
אַמאָל געזאָגט צו א געוויסן אמעריקאַנער שטאַטסמאַן

*) „בלעטער פון מיין לעבן", באנד 3, ז. 455.

**) דאָרט.

אין וואַשינגטאָן, אז אן אויסלענדישן מיטארבעטער פון „פאָרווערטס" דאַרף מען אין רעגירונגס-קרייזן אויפנע-מען זייער גוט, ווייל מ׳קען קיינמאָל ניט וויסן וואו ער וועט אמאָל ווערן א מיניסטער...

גאָמפּערס האָט דאָס געזאָגט נאָכדעם ווי טראָצקי האָט אָנגעהויבן שפּילן די גרויסע ראָלע אין דער סאָוועט-רע-גירונג און זיין נאָמען איז שטענדיק דערמאָנט געוואָרן אינאיינעם מיט לענינס נאָמען.

פון יענער צייט אָן זיינען שוין א סך וואַסערן ווייט פאַרלאָפן; בייטן פּאָליטישע איבערצייגונגען איז געוואָרן א געוויינלעכע זאַך, אריבערלויפן פון איין פּארטיי אין דער אַנדערער איז אין געוויסע קרייזן געוואָרן א טוגענד, רענעגאַטנטום איז שטארק אריין אין דער מאָדע, דאָס וואַרפן זיך אויף אלע זייטן, כדי נושא-חן צו זיין ביי אלע-מען און געפעלן ווערן אי „אייערע", אי „אונזערע", איז געוואָרן א מעלה. און אין דעם פּאָליטישן קאַראַהאָד, וואָס האָט אריינגעטראָגן א צומישעניש און געשאַפן א צו-שטאַנד פון מהומה, איז דער „פאָרווערטס" ווייטער גע-בליבן אויסגעהאלטן אין זיין שטעלונג צום סאָציאַליזם, ווי ער איז פאַרשטאַנען געוואָרן פון די ערשטע גרויסע לערער, וועלכע האָבן אוועקגעלייגט דעם יסוד פאַר דער באוועגונג, וואָס מיר רופן געוויינלעך מיטן נאָמען — סאָציאַל-דעמאָקראַטיע. מיטן טראָפּ אויף דעמאָקראַטיע.

* * *

ווי א סאָציאַליסטישע צייטונג האָט דער „פאָרווערטס" געקענט ווערן א שטרענג-פּארטייאישע צייטונג, א מין אָר-גאַן פון די אַזויגערופענע „יידיש-שפּרעכנדע סאָציאַ-ליסטן". און ווער ס׳איז נאָר באַקאַנט מיט דער געשיכטע פון „פאָרווערטס" און מיט די קאַמפן, וואָס זיינען פון צייט צו צייט אָנגעפירט געוואָרן אינעווייניק, דער ווייסט, אַז ס׳איז ניט איינמאָל געווען אַזאַ סכנה. עס איז אבער דאָך קיינמאָל דערצו ניט געקומען. דער רעדאַקטאָר פון „פאָרווערטס" האָט קיינמאָל דערצו ניט דערלאָזט, און אין די אכט-און-פערציק יאָר זינט דער „פאָרווערטס" עקזיס-טירט, איז ער געווען און איז געבליבן ניט נאָר א סאָציאַ-ליסטישע צייטונג, נאָר אויך א יידישע צייטונג אין דעם פולן זינען פון וואָרט — א צייטונג, וואָס שטייט נאָענט צו אלץ, וואָס ס׳איז נאָר פאַרבונדן מיטן יידישן לעבן פון אמאָל און היינט.

עס איז גענוג צו בלעטערן אלטע נומערן „פאָר-ווערטס", און מ׳קען זיך איבערצייגן אין דעם, און ס׳איז אויך נויטיק צו וואַרפן א שנעלן איבערבליק אויף איי-ניקע דערשיינונגען אין אונזער יידישן קולטורעלן לעבן, כדי דאָס איינצוזען.

עס זיינען אינם משך פון די לעצטע טעלעכע יאָר אַרויס ביכער, וואָס האָבן צו טאָן מיט דער געשיכטע פון יידן אמאָל און היינט און מיר ווילן דאָ דערמאָנען בלויז אייניקע פון זיי:

„יידישע דענקער און פּאָעטן" (צוויי בענדער) פון דר. א. גינזבורג.

„די אנטשטייאונג פון קריסטנטום" (איין באַנד) פון דר. א. גינזבורג.

„היסטאָרישע ווערק" (דריי בענדער), און נאָך דריי ווערן צוגעגרייט צום דרוק) פון שאול גינזבורג.

„פון מיין לעבן" (אַן אָטאָביאָגראַפיע אין צוויי בענ-דער) פון וולאדימיר מעדעם.

„אין צוויי רעוואָלוציעס" (זכרונות, אין צוויי בענ-דער) פון ר. אבראַמאָוויטש.

„וואָס איך געדענק" (זכרונות, צוויי בענדער) פון אָסיפּ דימאָוו.

„מיין לעבנס-געשיכטע" (איין באַנד, זכרונות) פון מאָריס הילקוויט, איבערזעצט פון לעאָן קרישטאל.

„דער סוף פון שונאי-ישראל" (פון די חשמונאים ביז בר-כוכבא, צוויי בענדער) פון מ. אָשעראָוויטש.

און אָט די אלע ווערק, וואָס נעמען ניט ארום דאָס גאַנצע צעטל, זיינען פריער געדרוקט געוואָרן אין פּאָרט-זעצונגען אין „פאָרווערטס", און צו דעם קומען צו נאָך און נאָך וויכטיקע ווערק, וואָס זיינען נאָך דערווייל אין קיין בוכפאָרמע ניט ארויס איבער דעם וואָס ס׳פעלן ביי אונז פאַרלעגער.

אויך וואָס ס׳איז שייך שיינער ליטעראַטור, מעג דאָ דערמאָנט ווערן דער פאַקט, וואָס אייניגע ווילן דווקא ניט געדענקען, און דאָס איז, אז גאָר א היפּשער טייל פון די וויכטיקסטע בעלעטריסטישע ווערק, וואָס זיינען אינם משך פון די לעצטע פאָר צענדליק יאָר ארויס אין אמע-ריקע, זיינען פריער געווען געדרוקט אין פאָרזעצונגען אין „פאָרווערטס".

אלע ווערק פון שלום אַש האָבן זיך פריער געדרוקט אין „פאָרווערטס", איידער זיי זיינען ארויס אין ביכער. אויפ-געהערט דרוקן אין „פאָרווערטס" האָט מען אים ערשט ווען ער האָט אָנגעהויבן שרייבן ביכער וועגן קריסטנ-טום, אָנהויבנדיק מיט יעזוסן און ענדיגענדיק מיטן היי-ליקן אַפּאָסטאָל פּאָול.

אויך אלע יידישע ווערק פון זלמן שניאור — „נח פּאַנדרע", „שקלאָווער יידן", „דער קיסר און דער רבי", „צוזאַמענבראָך", און נאָך אנדערע ווערק פון דעם באַ-רימטן העברייאיש-יידישן דיכטער און נאָוועליסט, האָבן זיך געדרוקט אין „פאָרווערטס" איידער זיי זיינען ארויס אין ביכער.

דאָס זעלבע איז אויך געווען מיט די ווערק פון דעם טאַלאַנטפולן י. י. זינגער, וועלכער איז אזוי יונג אַוועק פון דער וועלט. זיינע בעסטע נאָוועלן — „יאָשע קאַלב", „די ברידער אשכנזי", „חבר נחמן", „די משפּחה קאַר-נאָווסקי" און אויך די קירצערע נאָוועלן זיינע, וואָס זיי-נען ארויס אין ביכער, זיינען פריער געווען געדרוקט אין „פאָרווערטס".

אויך די ווערק פון ז. ליבין און די מערסטע ווערק פון אברהם רייזען, דעם מייסטער פון דער קורצער סקיצע, זיינען געווען געדרוקט אין „פאָרווערטס", איידער זיי זיי-נען אריין אין זיינע געזאַמלטע ווערק, און ביידע, אי ריי-

זען, אי ליבין, זיינען נאָך איצט שטענדיקע חשובע מיט-
ארבייטער אין דער צייטונג.

אליין אַ בעלעטריסט, וואס האָט זיך געמאכט א נאָ-
מען אין דער ענגלישער ליטעראטור, מיט זיין ראָמאן
„דהי ראיז אָוו דייוויד לעווינסקי“ און אויך מיט אנדערע
ווערק, האָט אב. קאהאן, דער רעדאקטאָר פון „פּאָרווערטס“
שטענדיק אָפּגעגעבן א סך פּלאַץ אין דער צייטונג דער
שיינער ליטעראטור; ער האָט ארויסגעפירט יונגע יידישע
שרייבער, וועלכע זיינען שפּעטער געוואָרן בארימט. און
עס איז אודאי געווען ניט איבערגעטריבן, וואָס שלום אַש
האָט אמאָל געזאָגט אויף א באנקעט לכבוד זיינעם אַ קאָ-
לעגע פון דער רעדאקציע, אז ווען ניט דער „פּאָרווערטס“
וואָלט ער זיכער ניט געקענט שרייבן זיינע ווערק. „דער
„פּאָרווערטס“, — האָט אַש דאן געזאָגט, — האָט מיר
געהאָלפן אָנוואַרימען מיינע ווערק“.

און אַש איז אין דעם ניט געווען קיין אויסנאם. אויך
אנדערע שרייבער האָבן דאָס געקענט זאָגן. און ניט דוקא
בלויז די בעלעטריסטן.

בכלל האָבן שרייבער, וואס זיינען פארבונדן מיטן
„פּאָרווערטס“ בארייכערט דאָס יידישע שאפן אויף א סך
געביטן. און ס׳איז גענוג צו דערמאָנען בלויז א פּאָר
פאקטן:

הלל ראָגאָף, דער פארוואלטונגס-רעדאקטאָר פון „פּאָר-
ווערטס“, האָט ביז איצט שוין ארויסגעגעבן מער ווי א
צענדליג פון די ביכער, וואס ער האָט אָנגעשריבן, און אין
דעם גייט אריין זיין ווערק „די געשיכטע פון די פאראיי-
ניקטע שטאַטן“, וואס באשטייט פון פינף בענדער.

ב. צביון האָט שוין אַרויסגעגעבן עטלעכע וויסנשאַפט-
לעכע ביכער און אויך א בוך רייזע-באַשרייבונגען.

ד. שוב האָט שוין עטלעכע ביכער, צווישן וועלכע ס׳גע-
פינט זיך אויך זיין ווערק „העלדן און מאַרטירער“, וואס
איז פריער געווען געדרוקט אין „פּאָרווערטס“, אין ווע-
כענטלעכע פּאָרזעצונגען.

יעקב לעשצינסקי האָט שוין ארויסגעגעבן ניט ווייניק
ביכער זיינע זינט ער איז פארבונדן מיטן „פּאָרווערטס“.

דר. מאקס וויינרייך שאפט אויף זיין געביט פון יידי-
שער וויסנשאפט, אָנהאַלטענדיק זיינע פארבינדונגען מיטן
„פּאָרווערטס“.

חיים ליבערמאן, דער גלענצנדער פּאָלעמיקער, קריטי-
קער און פובליציסט, האָט אַרויסגעגעבן ביכער און אַ
היפשער טייל פון זיי איז פריער געווען געדרוקט אין
„פּאָרווערטס“.

אויך די שטענדיקע מיטאַרבעטער ב. י. ביאלאסטאָצ-
קי, י. קיסין, יצחק באַשעוויס, מ. אָשעראָוויטש, יוסף טונ-
קעל, ב. שעפנער, מ. ווינאָגראד, ב. באָטווינִיק, י. אדלער,
ז שער, ד׳ר. ל. פאָגעלמאן, ל. קעסנער, יוסף מארשעליק
(בען פינקעל), חנא גאָטעספעלד, ה. לאנג, דר. מלך כמעל-
ניצקי און לעאָן גאָטליב האָבן ארויסגעגעבן זייערע בי-



אב קאהאן, פּיאָנער פון דער אידישער פּרעסע
און רעדאקטאָר פון „פּאָרווערטס“

כער, און מיט דעם איז דאָס צעטל נאָך ניט געענדיקט.
און ס׳דארף אויך דערמאָנט ווערן, אז א היים פאר זיינע
לירישע-פובליציסטישע אַרטיקלען, וואָס ווערן געשריבן
אין א טאָן פון השתפּחות-הנפש, האָט אין „פּאָרווערטס“
געפונען דער דיכטער ד׳וד איינהאָרן, וועלכער האָט זיך גע-
מאַכט בארימט מיט זיינע ביכער, אין פּאָעזיע און אויך
אין פּראָזע, און דער צאַרטסטער יידישער דיכטער, דער
מייסטער פון וואָרט און דער קוואַל פון געפיל, מאַני לייב,
וועלכער האָט זיך מיט זיינע וואונדערלעכע באַלאַדן גע-
מאכט באליבט ביי אלע יידישע לעזער, ביי אלט און יונג,
דרוקט זיינע לידער אין „פּאָרווערטס“.

אויף יעדן געביט פון יידישן שאפן קען מען צווישן
די שרייבער אין „פּאָרווערטס“ געפינען אזעלכע, וואס




1) אַ ספּעציעלע אויסגאַבע צום 40-יאָריגען יובילעאום פון „פאַרווערטס“, וואס איז דאַן לכבוד דער פייערונג ארויס אין 92 זייטען. 2) דער ערשטער נומער „פאַרווערטס“, וואָס איז ארויס דעם 22-טען אפּריל, 1897. 3) אינ׳ם טאָג ווען ס׳איז אָנגעקומען די גרויסע בשורה וועגען דער אינוואזיע אויפ׳ן ברעג פון פראנקרייך, אין דער צווייטער גרויסער וועלט-מלחמה. 4) די ערשטע זייט פון אַ ראָטאָ-גראַוויור-אָפּטיילונג צום 45-טען יובילעאום. 5) און 6) ראָטאָגראַוויור אָפּטיילונגען מיט בילדער פון דער מלחמה. 7) א נומער מיט דער מעלדונג, אז פרענקלין ד. רוזוועלט איז אויסגעקליבען געוואָרען פאר פּרעזידענט דאָס פערטע מאָל. 8) די קונסט-ביילאגע מיט פּרעזידענט רוזוועלט׳ס בילד נאָכדעם ווי׳ער איז צום פערטען מאָל ארויס מיט א זיג אין די וואלן.

האָבן מיט זייערע ווערק — מיט די געזאַמלטע ווי אויך מיט די ניט געזאמלטע — פארשאפט כבוד און צוגעגעבן וואָגיגקייט דער יידישער ליטעראטור און אויך דעם יידישן זשורנאַליזם אין אמעריקע. ווי א סאָציאַליסטישע צייטונג, וואס איז אַלץ מער און מער געוואָרן דורך און דורך יידיש און וואו ס'איז אָנגענומען דער כלל, אז וואס פאר א פראגע מ'זאָל ניט באהאנדלען אין אַן אַרטיקל — צי דאָס איז פּאָליטיק, ליטעראטור, געשיכטע, אָדער גלאַט אַ צייט-ענין — זאָל דאָס זיין געשריבן אזוי, אז מ'זאָל דאָס לייכט קענען פארשטיין און עפּעס לערנען דערפון, האָט דער „פאָרווערטס" צוגעצויגן צו זיך אַזעלכע שרייבער, וואס קענען ווירקלעך מסביר זיין אַן ענין. אזוי איז דאָס אויפן געביט פון פּובליציסטיק, און אין דער קאַטעגאָריע פון אזעלכע פּובליציסטן אין אונזער יידישן זשורנאַליזם גייען אריין: אַב. קאַהאַן, הלל ראָגאָף, ב. צביון, ר. אבראמאָוויטש, דר. ל. פאָגעלמאַן, חיים ליבערמאַן, דוד איינהאָרן, ב. שעפּנער, דר. ל. הענדין, און אַנדערע. וועגן ארבעטער און טרייד-יוניאָן פראגן שרייבן אין „פאָרווערטס": ז. שער, יעקב רייך און י. פאָגעל, וועלכע זיינען שוין יאָרן-לאנג באקאנט מיט דער ארבעטער באַוועגונג אין אמעריקע. און גאָר א באזונדער אָרט פארנעמט נ. זאלאָוויץ; ער איז איינער פון די בעסט-אינפאָרמירטע יידישע זשורנאַליסטן און ער איז איצט צווישן די פּאָפּולערסטע „פּיטשור"-שרייבער. ער פילט זיך היימיש אין יעדער טעמע, וואס ער באהאַנדלט, ווייל וועגן אַלץ האָט ער א סך געלייענט און וועגן אַלץ האָט ער א סך מאַטעריאַלן.

אויך בן-ציון מיימאָן, דער ערשטער יידישער זשורנאַליסט, וואס האָט זיך געמאכט א נאָמען ווי „דער וואַשינגטאָנער קאָרעספּאָנדענט" פון „פאָרווערטס", איז איצטער צווישן די שטענדיקע מיטארבעטער און ער שרייבט אָפּט וועגן וואשינגטאָנער פּאָליטיק און וועגן פּראָמינענטע פּערזענלעכקייטן אין וואשינגטאָן.

און צום שלום וויל איך אָנגעבן דאָס פולע צעטל פון די שרייבער, וועלכע זיינען איצט שטענדיקע מיטארבעטער פון „פאָרווערטס":

אַב. קאַהאַן, רעדאקטאָר; הלל ראָגאָף, פארוואלטונגס־רעדאקטאָר; ל. קרישטאל, נייס-רעדאקטאָר; ב. צביון (דר. האָפּמאַן), ר. אבראמאָוויטש, דר. ל. פאָגעלמאַן, דר. א. גינזבורג, זלמן שניאור, אברהם רייזען, יצחק באַשעוויס, מ. אָשעראָוויטש, דוד איינהאָרן, מאני לייב, חיים ליבערמאַן, דר. מלך כמעלניצקי, יעקב לעשצינסקי, דר. מאקס ווײַנרייך, ד. שוב, ב. שעפּנער, ה. לאנג, נ. זאַלאָוויץ, דר. ל. הענדין, ב. באָטווינניק, י. אדלער (ב. קאָוונער), יוסף טונקעל (דער טונקעלער), בען פינקעל (יוסף מאַרשעליק), חנא גאָטעספעלד (טוביה שמייכעל), יעקב רייך, לעאָן גאָטליב, ב. י. ביאַלאסטאָצקי, מ. ווינאָגראַד, י. קיסין, ב. מיימאן (בן-ציון), ז. שער, דוד ליבערזאָן, חיים עהרנרייך, ד. קאפּלאַן, מארק כינאָי, לעאָ ראבינס, י. פאָגעל, ל. קעסנער („כמעט א גאַליציאנער"), יוסף פּ. קאַץ, דר. צבי כהן (ש. וויניצער), דזש. אבראמאָוויץ, ש. וועבער, שלמה בן-ישראל און ח. וויטאַל.

אַרום און אַרום — זיבן-און-פערציק שטענדיקע מיטאַרבעטער און צו דעם קומען נאָך צו אזעלכע, וואס זיינען ניט קיין שטענדיקע מיטארבעטער, נאָר זייערע אַרטיקלען ווערן געדרוקט פון צייט צו צייט, און צווישן זיי געפינען זיך די שרייבער: ב. סמאָליאר, מ. צ. פראנק, ריקלעס (א. ליריק), י. הארט; דער רוסישער נאָוועליסט מ. אַלדאַנאָוו (לאנדוי), אָסיפּ דימאָוו, מאַרק שווייד, נחום יוד, נפתלי גראָס, ראַשעל וועפּרינסקי, מרים ראַסקין, א. אלמי, נ. כאנין, און אויך קאָרעספּאָנדענטן, וואָס שיקן צו אַרטיקלען פון אַנדערע לענדער.

עס דארף אויך דערמאָנט ווערן, אז אין די אַכט און פערציק יאָר זינט דער „פאָרווערטס" עקזיסטירט האָט ער ארויסגעגעבן א סך ביכער, וואס זיינען פארשפּרייט געוואָרן אין די טויזנטער, און צווישן זיי — די דריי בענדער „לידער און פּאָעמען" פון דעם פארשטאָרבענעם דיכטער אברהם ליעסין, וועלכער איז אין אלע יאָרן פון זיין ליטעראַרישן שאפן געווען פארבונדן מיטן „פאָרווערטס" און איז אויך געווען דער רעדאקטאָר פונם חודש-זשורנאַל „צוקונפט", וואס די „פאָרווערטס-אַסס'ן" האָט אַרויסגעגעבן.

דאָס איז בלויז אַ קורצער סך-הכל פון דעם, מיט וואָס דער „פאָרווערטס" קומט צו דער פייערונג פון פינף-און-זיבעציק יאָר יידישע פּרעסע אין אמעריקע — א קורצער סך-הכל פון גרויסע פארדינסטן פאר דער יידישער ליטעראטור, פארן יידישן זשורנאַליזם און אויך פאר דעם געזעלשאפטלעכן יידישן לעבן אין דעם לאנד, וואו ס'איז אויסגעוואַקסן אַזאַ ריזיק-גרויסער יידישער ישוב אין אַ משך פון פינף-און-זיבעציק-אַכציק יאָר. וואָרים מ'דארף ניט פארגעסן, אז אין די צייטן פונם בירגער-קריג אין אמעריקע איז די גאנצע יידישע באפעלקערונג אין די פאראייניקטע שטאַטן באַשטאַנען פון ניט מער ווי קנאַפּע צוויי הונדערט טויזנט, און פון א יידישער פּרעסע, פון א יידישער ליטעראטור דאָ אין לאנד האָט דאַן קיינער אפילו טרוימען ניט געקענט.



# 44 יאָהר „מאָרגען זשורנאַל“

(זכרונות און געשיכטליכע נאָטיצען)

פון י. פישמאַן

---

1.

דער „מאָרגען זשורנאַל“ איז געגרינדעט געוואָרען גלייך פון אָנהויב אָן ווי א קאָנקורענט צום „טאָגעבלאַט“, און אין משך פון 27 יאָהר, פון 1901 ביז 1928, האָט אָנגעהאַלטען דער געראַנגעל צווישען די צוויי צייטונגען. פריהער האָט עס אויסגעזעהן ווי דאָס „טאָגעבלאַט“, די אַלטע פירמע פון שרהזאָן און קאַמייקא, וואָס האָט אין די לעצטע עטליכע צעהנדליג יאָהר פון 19טען יאָרהונדערט איינגעשלונגען א פּאָר צעהנדליג אידישע צייטונגען, וועט אויך איינשלינגען דעם „מאָרגען זשורנאַל“. די מערהייט אקציעס פון „מאָרגען זשורנאַל“ איז אריין אין די הענט פון שרהזאָן און קאַמייקא ארום פיר-פינף יאָהר נאָך דער דערשיינונג פון „מאָרגען זשורנאַל“. אָבער דער גרינדער פון „מאָרגען זשורנאַל“, דער דינאַמישער יעקב סאַפּירשטיין, האָט זיך בעוואָרענט מיט אַן „אייזערנעם קאָנטראַקט“ ווען ער האָט פאַרקויפט די מערהייט אַקציעס צו שרהזאָן און קאַמייקא. עס האָט דארום ניט געקענט פאָרקומען קיין „פאַרשמעלצונג“ פון דעם „מאָרגען זשורנאַל“ און „טאָגעבלאַט“ אין יענע יאָהרען. די מזלות פון די צוויי צייטונגען האָבען זיך געוויגט ווי א הוידעלקע, אַרויף און אראָפּ. ביז אין די צוואַנציגער יאָהרען איז דאָס „טאָגעבלאַט“ געבליבען דער תקיף פון די צוויי, אָבער עס איז שוין קלאָר געוואָרען פון יאָהר 1916 אָן, אז דער „מאָרגען זשורנאַל“ גייט ארויף בעת דאָס „טאַגע-בלאַט“ גייט ארונטער, אי אין טיראַזש, אי געשעפטליך, ספּעציעל אין די קליינע אנאָנסען.

און דאָ איז געשעהן עפּעס מערקווירדיגעס. גראָד אין דעם יאָהר, ווען דאָס „טאַגעבלאַט“ האָט בעדאַרפט פעס-טער צוהאַלטען דעם שטייגענדען „מאָרגען זשורנאַל“, האָט אויסגעבראָכען א מחלוקה צווישען יחזקאל שרהזאָן און לעאָן קאַמייקא, און דער ערשטער האָט פאַרקויפט זיין טייל פון די אקציעס פון „מאָרגען זשורנאַל צו איזראַעל פרידקין, דער הויפּט יורש פון יעקב סאַפּירשטיין, וועלכער איז געשטאָרבען דעם ערשטען טאָג שבועות, 1914. דאָס האָט געגעבען פרידקין׳ען א מערהייט אַקציעס. דער „מאָרגען זשורנאַל“ איז, צעהן יאָהר שפּעטער נאָכדעם ווי ער איז ארונטער אונטער די פליגלען פון „טאָגעבלאַט“, ווידער פריי געוואָרען.

די ירידה פון „טאָגעבלאַט“ האָט גענומען גיין אַלץ דייטליכער און גיכער. 12 יאָהר שפּעטער, אין ווינטער פון 1928, האָט דער „מאָרגען זשורנאַל“ פאַרשלונגען דאָס „טאָגעבלאַט“, איבערנעמענדיג א צאָהל פון „טאַגע-בלאַט׳ס“ מיטארבייטער.

דער דאָזיגער פערטעל יאָהרהונדערטיגער געראַנגעל צווישען „טאָגעבלאַט“ און „מאָרגען זשורנאַל“, איז געווען באַגלייט פון א סך דראַמאַטישע עפּיזאָדען פאַר וועלכע איך האָב ניט קיין פּלאַץ אין די ראַהמען פון דעם אַרטיקעל. די איראָניע פון די אומשטענדען קען יעדער איינער זעהן. די צייטונג וואָס האָט אין א משך פון יאָהרען פאַרשלונגען אַ פּאָר צעהנדליג אנדערע צייטונגען, איז צום סוף אליין פאַרשלונגען געוואָרען פון א לעבעדיגערען קאָנקורענט.

2.

עס וועט זיין כדאי צו געבען א פּאָר שטריכען וועגען דעם גרינדער פון „מאָרגען זשורנאַל“, יעקב סאַפּירשטיין. איך האָב שוין פריהער באַמערקט, אז סאַפּירשטיין איז גע-ווען א דינאַמישער מענש. ער האָט געהאַט גרויסע פעהיגקייטען און א סך ענערגיע, אבער ער האָט אויך געהאַט גרויסע פעהלערען און קאַפּריזען, און די דאָזיגע פעהלע-רען האָבען ניט דערלאָזען, אז ער זאל זעהן די פרוכט פון זיין אונטערנעמונג ביי זיין לעבען. עס איז געבליבען פאַר זיין פּלימעניק, איזראַעל פרידקין, א געבאָרענער אין אמע־ריקא, צו שניידען די רייכע פּירות פון דעם וואָס זיין אָנ-קעל האָט פאַרזייט. אין א משך פון איבער צעהן יאָהר האָט דער „מאָרגען זשורנאַל“ געמאַכט פּראָפיטען פון הונ-דערט טויזענד ביז א פערטעל מיליאָן דאָלער יעהרליך. די פּראָספּעריטי האָט זיך געענדיגט אין די דרייסיגער יאָהרען, ארום פיר-פינף יאָהר איידער איזראַעל פרידקין איז גע-שטאָרבען.

יעקב סאַפּירשטיין איז געקומען קיין אמעריקא פון ביאַ-ליסטאָק, מיט א געוויסער מאָס פאַרלעגערישע דערפאַהרונג. זיין ערשטע דערפאָלגרייכע אונטערנעמונג אין אַמעריקא איז געווען דאָס ארויסגעבען פון ראָמאַנען-העפטען, פריי-הער צוויי מאָל א וואָך, און שפּעטער טעגליך. עס איז דאַן געווען אַן עפּידעמיע אויף העפטען, ניט נאָר צווישען אי-דישע לעזער, דער אָנהויב איז גראָד געמאַכט געוואָרען אין דייטש. די העפטען זיינען געווען צום טייל אָריגינעל געשריבען פון אידישע שרייבער. דער גרויסער העברייאישער דיכטער מנחם מ. דאָליצקי, האָט געמאַכט גרויס דערפאָלג מיט זיין העפטען-ראָמאַן „גלות מאָסקווע“. אבנר

די רעדאקציע פון „מאָרגען זשורנאל"



פון רעכטס צו לינקס, ערשטע רייע : י. גלאטשטיין, י. זאד, ש. יודסאָן, ד. ל. מעקלער, י. פישמאַן, ד. פינסקי, ה. גוטמאַן (דער לעבעדיקער), א. אויערבאך, ב. אלקוויט, וו. צוקערמאַן, מ. בראון. צווייטע רייע : מ. דוכאָווני, ש. ל. שניידערמאַן, מ. רודאי, מ. יאפע, י. מ. נירענבערגער, ש. ספיר, ז. זיל-בערצוויוויג, ד. איידעלסבערג, א. רייכמאַן, ק. יפה, ד. בערנשטיין, מ. ריבלין, י. קירשענבוים.

אויפ'ן בילד פעלן : מ. אראָנסאָן, ג. באדער, י. באנק, ג. בובליק, דר. ה. ל. גאָרדאָן, ס. זאגאד, י. ל. טעלער, י. מארגאָשעס, דר. א. מוקדוני, ב. עפּעלבוים, ל. קוסמאַן און א. תלוש.

טאנענבוים האָט איבערזעצט ראָמאַנען פון אנדערע שפּראַכען. אָבער דעם גרעסטען דערפאָלג האָט געהאט דער העפטען-ראָמאַן „די געהיימניסע פון רוסישען קייזערליכען הויף“. אידען פלעגען אויפשטיין פארטאָג און בעלאַגערען די דרוקעריי כדי צו קענען לייענען וואס עס איז ווייטער געוואָרען מיט די גרויספירשטען און פּרינצעסינס, מיט די ניהיליסטען, און מיט די פארליבטע אין ביידע לאַגערען, ביי די רעוואָלוציאָנערען און אין צאַר׳ס הויף.

דער דאָזיגער דערפאָלג האָט דערמונטערט סאַפּירשטיינ׳ען איבערצוטראָגען זיין טעטיגקייט אויף דעם פעלד פון טעגליכע אידישע צייטונגען. אלס העפטען ארויסגעבער איז ער געווען אַן איינגעהער און הויז-פריינד ביי די שרהזאָנס, אבער „ביזנעס איז ביזנעס“, און אין 1899 איז סאַפּירשטיין געוואָרען א קאָנקורענט פון די שרהזאָנס און קאַמייקא, ניט דורכ׳ן „מאָרגען זשורנאל“, נאָר דורך אַ נאָכמיטאַג צייטונג וואס האָט געהייסען „אבענד פּאָסט“.

עס האָט ניט געקענט זיין קיין טעות, אז סאַפּירשטיין פאַרנעמט זיך צו קאָנקורירען מיט׳ן „טאַגעבלאַט“, און ניט מיט די צוויי אנדערע עקזיסטירענדע טעגליכע צייטונגען, „פאָרווערטס“ און „טעגליכער העראָלד“. דער „פאָרווערטס“ איז געווען סאָציאַליסטיש און דער „טעגליכער העראָלד“ איז געווען א ליבעראלע צייטונג, בעת די נייע „אבענד-פּאָסט“ איז געווען קאָנסערוואַטיוו און איז ניט דערשינען אום שבת, פּונקט ווי דאָס „טאַגעבלאַט“.

די „אבענד פּאָסט“ האָט ניט געמאכט קיין באַזונדערען רושם אין דער צייטונגס וועלט, כאָטש זי האָט צוגענומען פּראָפעסאָר געצעל זעליקאָוויטש פון „טאַגעבלאַט“ אלס איהר רעדאַקטאָר. זעליקאָוויטש האָט פארפיהרט מחלוקת מיט׳ן „טאַגעבלאַט“, לויט דעם מנהג פון אלע אידישע צייטונגען אין יענער צייט, זיך אַרומצורייסען און אַריינצוגיין אין פּערזענליכקייטען.

צוויי יאָהר שפּעטער, אין 1901, איז סאַפּירשטיין געקומען צום געדאנק, אז עס-דאַרף זיין פאר אידישע לעזער א מאָרגען צייטונג, אז א מאָרגען צייטונג וועט האָבען בעסערע שאנסען ווי א נייע אָווענט צייטונג, ווייל זי וועט זיין די איינציגע אין פעלד. זעליקאָוויץ איז שוין דאַמאָלס געווען צוריק אין „טאַגעבלאַט“, און דער „מאָרגען זשורנאל“ האָט אָנגעהויבען דערשיינען דעם 2טען יולי, 1901. די „אבענד-פּאָסט“ איז אין אָנהויב ווייטער געגאנגען, גלייכצייטיג מיט׳ן „מאָרגען זשורנאל“, אָבער נאָך אַ קורצער צייט האָט סאַפּירשטיין צוגעמאַכט די „אבענד פּאָסט“ און געווידמעט זיין גאנצע טעטיגקייט צום „מאָרגען זשורנאל“, אונטער דער רעדאַקטאָרשאפט פון פּרץ וויערניק.

3.

גלייך פון אָנהויב אָן האָט דער „מאָרגען זשורנאל“ געהאט א בעסערע מערכה ווי די „אבענד-פּאָסט“. ער האָט דערגרייכט טויזענדער אידישע אַרבייטער וועלכע האָבען געוואָלט וויסען גלייך אין דער פריה וואס עס טוט זיך אין דער וועלט. די ארבייטער לעזער האָבען זיך ניט געקימערט וועגען דעם קאָנסערוואַטיזם פון „מאָרגען זשורנאל“, און וועגען זיין נייגונג צו אָרטאָדאָקסיע. זיי האָבען פּשוט געוואָלט וויסען נייעס. דער „מאָרגען זשורנאל“ האָט אויך אָפּגעצויגען א געוויסע צאָהל לייענער פון די פרומע אידען וואס האָבען געלייענט דאָס „טאַגעבלאַט“, אָבער ניט פיל. דער הויפּט כח פון „טאַגעבלאַט“ איז געלעגען אין זיינע אבאָנענטען אין פּראָווינץ, וועלכע זיינען שוין געווען אזוי צוגעוואוינט צום „טאַגעבלאַט“, אז עס איז געווען שווער זיי אוועקצורייסען. אַן אבאָנענט פון „טאַגעבלאַט“ פלעגט געוועהנליך פארבלייבען אַן אבאָנענט זיין גאַנצען לעבען. ווען ער איז געווען הינטערשטעליג אין זיינע צאהלונגען, האָט דער „טאַגעבלאַט“ געוואַרט. קאָלעקטאָרס פלעגען באַזוכען די אבאָנענטען צוויי מאָל אַ יאָהר, אין קלענערע ישובים איין מאָהל א יאָהר, און פלעגען שוין ווי עס איז ארויסקריגען די פּאָר דאָלער פון די לעזער. די לעזער פון נייעם „מאָרגען זשורנאל“ זיינען פון אָנהויב געווען צומייסט אין ניו יאָרק און אין די אַרומיגע שטעדט.

דאָ בעט זיך צו זאָגען א פּאָר ווערטער וועגען די באַציהונגען צווישען יעקב סאַפּירשטיין און דעם ערשטען רעדאַקטאָר פון „מאָרגען זשורנאל“, פּרץ וויערניק. איך גלויב קוים,-אז אין דער גאנצער געשיכטע פון דער אידישער פּרעסע איז דאָ צו פארצייכענען אזא גייסטיגע האַרמאָניע צווישען אַן ארויסגעבער און א רעדאַקטאָר ווי עס האָט געהערשט צווישען סאַפּירשטיינ׳ען און וויערניק׳ן. עס איז אָנגענומען געוואָרען פון אַלעמען, אז זיי זיינען געווען צוויי מוחות וואָס דיינקען ווי איינער. זיי האָבען זיך פארשטאַנען איינע די אנדערע אָהן איבריגע רייד און האָבען שטארק געהאַלטען איינער פון דעם אנדערען.

און דאָ ליגט די מערקווירדיגקייט פון דער זאך, ווייל אין גרונט זיינען זיי געווען צוויי פארשיידענע טעמפּעראַמענטען. סאַפּירשטיין איז געווען די אייביגע אומרוה. ער האָט שטענדיג געברויזט און געקאָכט, בעת פּרץ וויערניק איז געווען דער געלאַסענער און מיושב׳דיגער מענש, מיט קאַלטער איבערלייגונג און מיט דער פּינקטליכקייט פון א זייגער.

עס איז ארומגעגאנגען א ווערטעל אין דער אידישער צייטונגס-גאַס, אז ווען וויערניק פלעגט פארבייגעהן דער רעדאַקציע פון „פאָרווערטס“ אויפ׳ן וועג צום „מאָרגען זשורנאל“, מיט זיינע עדיטאָריעלס און אַרטיקלען וואס ער פלעגט שרייבען אין דער היים, אין איסט בראָדוויי, פלעגען די מענשען אין אָפיס פון „פאָרווערטס“ וויסען, אז עס איז פינף מינוט צו דריי, ווייל פּונקט דריי אזייגער פלעגט וויערניק קומען אין רעדאַקציע פון „מאָרגען זשורנאל“. סאַפּירשטיין איז געווען פּונקט דער היפּך. ער פלעגט זיין דאָ, דאָרט און איבעראַל. ער האָט זיך אַריינגעמישט אין אַלעס אין רעדאַקציע, פלעגט אליין איבערשרייבען די אַנאָנסען, און פלעגט אויך געבען אונגעבעטענע עצות די דרוקערס אין די מעכאנישע אָפּטיילונגען פון דער צייטונג. אָבער קיינער האָט קיינמאָל ניט געזעהן, אז ער זאל עפּעס



ד. ל. מעקלער, רעדאקטאָר פון „מאָרגן זשורנאל“

ריידען מיט וויערניק׳ן וועגן עדיטאָריעלס. ער האָט געהאט דעם פולסטען צוטרוי אין איהם.

דער צד השוה צווישען די צוויי מענשען איז געווען וואס זיי זיינען ביידע געווען קאָנסערוואטיוו, כאָטש ניט רעאקציאָנער, ווי מאנכע האָבען געמיינט. זייער הויפט געדאנק איז געווען, אז א אידישע צייטונג דארף וואס מעהר אמעריקאניזירען די לעזער, אז עס ווערט ניט גענוג געשריבען אין די אנדערע צייטונגען וועגען אמעריקאנער אינסטיטוציעס. ביידע זיינען געווען שארפע געגנער פון סאָציאליזם, אבער פריינדליך צו ארבייטער. ביידע זיינען געווען פאר אָרטאָדאָקסיע אין אידענטום און האָבען געהאט זייערע ספקות׳ן אין דעם פּאָליטישען ציוניזם, כאָטש דער „מאָרגען זשורנאל“ האָט שטענדיג אויספיהרליך באריכטעט ציוניסטישע טעטיגקייטען. ביידע האָבען געהאט די גרעסטע אכטונג פאר די אנערקענטע פילאנטראָפּישע פיהרער, כאָטש סאפּירשטיין האָט אונטערגענומען אַ סך אייגענע טעטיגקייטען אין אידישען לעבען. סאפּירשטיין איז געווען איבערגעגעבען מיט לייב און לעבען צו אזעלכע אינסטיטוציעס ווי דער מושב זקנים בית בנות יעקב, און אנדערע. ער האָט זיך געמישט אין רבנישע פּאָליטיק. ער האָט אריבערגעבראכט קיין ניו יאָרק פון באָסטאָן דעם באַוואוסטען רבי ר׳ וועלוועלע מרגליות און דאָס האָט געפיהרט צו א גרויסער מחלוקה אין דער רבנישער וועלט.

סאפּירשטיין האָט אין זיין צייט געהאט א גרויסען איינפלוס אין דער רעפּובליקאנער פּארטיי. פּרעזידענט טאפט האָט איין מאָל אָנגענומען זיין איינלאדונג צו קומען צו אַ באָל פון דעם מושב זקנים, אין וועלכען סאפּירשטיין איז געווען פאראינטערעסירט.

זייענדיג א קאָנסערוואטאָר, האָט ער פונדעסטוועגן באַקעמפּט אַלע ניט-אידישע טענדענצען אין אמעריקא. ווען דער אימיגריישאָן קאָמישיאָנער פון ניו יארק האָט זיך אויסגעדריקט אונסימפּאטיש צו אידען, האָט דער „מאָרגען זשורנאל“ אויפגעהויבען א באוועגונג איהם אראָפּצואווארפען פון אמט, און האָט אויסגעפיהרט. דער „מאָרגען זשורנאל“ האָט אנטייל גענומען אין פאָנדען פאר אידישע צוועקען, כאָטש אָפטמאָל איז אויך געווען צייטונגס-קאָנקורענץ אין דעם. ווען דאָס „טאָגעבלאט“, צום ביישפּיל, האָט געעפענט א פאָנד פאר הונגעריגע בעסאראביער אידען, האָט סאפּירשטיין גלייך געעפענט א פאָנד פאר די הונגעריגע ביאליסטאָקער אידען. איך דערמאָהן זיך ווי צ. ה. מאסליאנסקי ע״ה איז צוגעצויגען געוואָרען צו דער אקציע און האָט געשטורמט א אידישע פערזאמלונג מיט דעם אויסגעשריי „היהודים בביאליסטאָק רעבים.“

אין יענער צייט פלעגען די אידישע סאָציאליסטען ברייינגען געסט פון אייראָפּא, און סאפּירשטיין פלעגט זוכען אָפּצוציהען די אויפמערקזאמקייט פון די סאָציאליסטישע געסט דורכדעם וואס ער האָט פּראָטעזשירט מעהר אידישליכע געסט. ווען אין אמעריקא איז געוואָרען א טומעל מיט מאקסים, דעם „פּרעזידענט פון דער באלטישער רעפּובליק“, האָט סאפּירשטיין אויסגענוצט די געלעגענהייט וואס דער באוואוסטער העברייאישער שריפטשטעלער, ראובן ברייגין, איז דאן געקומען קיין אמעריקא, און האָט איינגעאָרדענט גרויסע קבלת פּנים׳ס און א באנקעט פאר ברייגינ׳ען. סאפּירשטיין איז געווען שטארק צופרידען ווען מאקסים איז פּלוצים געהיימניספול פארשוואונדען געוואָרען, און דער „מאָרגען זשורנאל“ האָט דאמאָלס געשריבען סאטירישע נייעס-באריכטען וועגען דעם.

פּרץ וויערניק פארדינט א גאנצען בוך פאר זיך. ער איז געווען איינער פון די נאָבעלסטע פיגורען אין דער אידישער צייטונגס-וועלט, צי מען האָט איינגעשטימט מיט זיינע מיינונגען צי ניט. אינטערעסאנט איז, אז פּרץ וויערניק איז געקומען צו דער אידישער צייטונגס-וועלט, נאָכדעם ווי ער האָט אָפּגעטאָן כל-ערליי עבודת פּרך אלס א שווארצער ארבייטער. מערקווירדיג ווי וויערניק מיט זיין גרויסער געלערזאמקייט האָט זיך קיינמאָל ניט געשטופּט צו זיין א אידישער וואָרט-פיהרער. מען האָט איהם בעדארפט אויסזוכען.

איידער וויערניק איז געקומען צום „מאָרגען זשורנאל“ אלס רעדאקטאָר, איז ער געווען א שיינע עטליכע יאָהר אָנגעשטעלט אלס מעטראָפּאזש ביי דער ענגלישער פיידזש אין „טאָגעבלאט“. ער איז געווען א מיטגליד פון דער ענגלישער שריפטזעצער יוניאָן און האָט אָנגעהאלטען זיין מעמבערשיפּ ביז דעם לעצטען טאָג פון זיין לעבען. אין „טאָגעבלאט“ האָט קיינער ניט אָפּגעשאצט וויערניק׳ס גרויסען ווערטה, און ער האָט זיך ניט געשטופּט. סאפּירשטיין האָט איהם ארויסגענומען פון „טאָגעבלאט“ און געמאכט פאר רעדאקטאָר פון „מאָרגען זשורנאל“.

וויערניק איז געווען א פּראָדוקטיווער שרייבער און

איינער פון די פלייסיגסטע לעזער פון אלעס וואס איז דערשינען אין אידיש, אויך אין ענגליש און העברעאיש. מערקווירדיג סימפּאטיש איז געווען זיין באַציהונג צו די „יונגע" שרייבער. אין זיין אָפּטיילונג איבער ליטעראטור האָט ער שטענדיג געפונען עפּעס גוטעס אין די ווערק פון שרייבער, אפילו ביי די שוואַכערע. זיין שרייבען איבער ליטעראטור איז געווען קאָנצענטרירט. זיינע אַרטיקלען פלעגען זיין א מועט מחזיק את מרובה.

אויסער עדיטאָריעלס, פלעגט ווייערניק אָנפיהרען מיט'ן בריף-קאסטען, פלעגט שרייבען א וועכענטליכען איבערבליק איבער „אונזער פיל-שפּראַכיגער ליטעראטור", זאמלען מיינונגען פון אנדערע צייטונגען מיט באַמערקונגען אויף זיי, און פלעגט שרייבען א וועכענטליכען ארטיקעל אין „אמעריקאנער", די וואָכענבלאט פון „מאָרגען זשורנאל".

דאָ דארפען דערמאָהנט ווערען די גאָר ערשטע מיטאַרבייטער פון „מאָרגען זשורנאל", די מעהרסטע פון וועלכע זיינען שוין ליידער ניט מעהר מיט אונז. פון די גאָר ערשטע פּיאָנערען זיינען געווען יעקב מאַגידאָוו, דער סיטי עדיטאָר פאר נאָהענט צו פערציג יאָהר, אבנר טאנענבוים, אפרים קאפּלאן, חיים מאליץ (מליץ), יוסף פרידקין, פאָטער פון איזראעל פרידקין, משה זייפערט, יעקב פּפעפער, דער פילאָלאָג אלעקסאנדער הארקאווי, א. ד. אָגוז, וויליאם עדלין, ש. יודסאָן, מאָריס ראָזענפעלד, מ. מ. דאָליצקי, וו. פאכאָצקי, י. י. פרידמאן, ב. שעלווין, ישראל ציוני, ד. מ. הערמאלין.

איינע פון די זאכען וועלכע די היינטיגע אידישע צייטונגען מעגען מקנא זיין דעם „מאָרגען זשורנאל" פון יענער צייט, איז געווען זיין גוטע קאָרעקטור. ווען סאפּירשטיין האָט געלעבט, פלעגט ער אָנשטעלען אלס קאָרעקטאָרס מענשען מיט א הויכער בילדונג, אזעלכע וואס פלעגען שטענדיג קאָנטראָלירען פעהלערען ניט נאָר פון דרוק, נאָר אויך פון שרייבער. עס דארפען דאָ דערמאָהנט ווערען די ערשטע קאָרעקטאָרס פון „מאָרגען זשורנאל" מ. מילנער, מ. קאץ, און די צוויי ברידער קרעמען, איינער פון וועלכע פלעגט שרייבען ליטעראַרישע זאכען אונטער דעם פּסעדאָנים בר יוסי. איצט איז די קאָרעקטור א טייל פון דער שריפטזעצעריי.

4.

איך קום איצט צו דעם פּעריאָד פון „מאָרגען זשורנאל" איבער וועלכען עס איז מיר שווער צו שרייבען, נעמליך פון 1916, ביז 1938, די 22 יאָהר ווען איך בין געווען פריהער מענעדזשינג עדיטאָר, און שפּעטער, נאָך פּרץ ווייערניק'ס טויט, רעדאקטאָר. דאָס זיינען געווען רעוואָלוציאָנערע יאהרען אין דער רעדאקציע פון „מאָרגען זשורנאל", אבער איך וויל ניט עס זאל אויסזעהן ווי איך גיב אן אורטייל איבער מיין אייגענער רעדאקטאָרשאפט. דערפאר וועל איך מיר באמיהען צו זיין אזוי קורץ און אָביעקטיוו ווי מעגליך. איך וועל איבערגעבען נאָר פאַקטען וועגען וועלכע עס קען ניט זיין קיין דיספּוט.

איך מוז ראשית זאָגען, אז איך וועל קיינמאָל ניט פארגעסען דעם גרויסען פארגניגען צוזאמענצואַרבייטען מיט פּרץ ווייערניק'ן, וועמען איך האָב רעספּעקטירט און געליבט. סאפּירשטיין איז שוין געווען צוויי יאָהר טויט ווען איך בין אָנגעקומען אלס מענעדזשינג עדיטאָר, און זיין טויט האָט איבערגעלאָזען א דויערענדע ווירקונג אויף ווייערניק'ן. ער האָט באקומען דעמזעלבען רעספּעקט פון דעם נייעם ארויסגעבער, איזראעל פרידקין, אָבער עס האָט איהם געפעהלט די מעהר אינטימע זשורנאַליסטישע באַציהונגען וואָס ער האָט געהאַט מיט סאפּירשטיינ'ען. ער האָט זיך געפיהלט אביסעל עלענד אין דעם פּרט.

ער האָט מיך אויפגענומען ברידערליך מיט אָפענע אָרעמס, און דערביי האָט ער מיר דערמאָהנט, אז ווען מיר זיינען געווען צוזאמען אין „טאַגעבלאט", האָט ער אמאָל באמערקט צו מיר: „איהר, פישמאן, וועט נאָך אמאָל זיין אַ רעדאקטאָר". ווייערניק האָט דאן געפיהלט, אז די צייטונג פאָדערט מעהר אויפזיכט און פרישערע קרעפטען. אין די צוויי יאָהר, זינט סאפּירשטיין איז געשטאָרבען, איז פאַקטיש ניט געווען קיין מענעדזשינג עדיטאָר. סאפּירשטיין איז געווען זיין אייגענער מענעדזשינג עדיטאָר, און קיינער האָט ניט פארנומען זיין שטעלע ווען ער איז געשטאָרבען.

איך האָב אָנגעהויבען דורכפירען א רעאָרגאניזאַציע וואָס האָט אָנגעהאלטען גאנצע צעהן יאהר. איך האָב אָרגאניזירט די ברייטסטע קאָרעספּאָנדענטען דינסט וואס אַ אידישע צייטונג האָט ווען געהאט אין אלע אידישע צענטערען פון אייראָפּא, מיט אייגענע קייבעלס, עס האָט געקאָסט שווערע טויזענדער דאָלארס יעהרליך. אין דער זעלבער צייט האָט דער „מאָרגען זשורנאל" צוגעצויגען נייע פּובליציסטישע און ליטעראַרישע מיטארבייטער. אין איינע פינף יאָהר איז דער „פּעי-ראָל" פון דער רעדאקציע פארפירפאכט געוואָרען, און דער נייער פּאָבלישער, איזראעל פרידקין, פלעגט אלעס אָננעמען מיט א שמייכעל, ווייל די געשעפטען זיינען געווען גוטע. אין א געוויסער צייט האָט דער „מאָרגען זשורנאל" געהאט אזוי פיל „וואָנט עדס", (קליינע אנאָנסען), ווי די גרעסטע ענגלישע צייטונג, וואס איז דאמאָלס געווען די „ניו יאָרק וואָירלד", — צווישען פיר און זעקס פּיידזשעס טעגליך.

מיין פּראָבלעם איז דאמאָלס געוואָרען: וואו שטעלט מען אריין די אלע ארטיקלען פון די פילע נייע מיטארבייטער און קאָרעספּאָנדענטען? אין דעם פּרט פלעג איך זיך שטענדיג פריינדליך ארומקריגען מיט'ן פּאָבלישער. איך פלעג פאָדערען מעהר פּיידזשעס, און ער האָט זיך געהאלטען ביי זיינס, אז נאָך צוויי פּיידזשעס קאָסטען א פּאָר הונדערט דאָלאר עקסטרא, און, סאַי-ווי, האלט ער, אז צופיל לעזע-שטאָף איז אויך ניט גוט. ער פלעגט צוזאָגען, אַז אין די פרייטאגדיגע און זונטאגדיגע נומערען וועט ער אָפּגעבען פאר דעם וואָס ער קריווודעט די לעזער אין דער וואָכען, אבער ווען עס פלעגט קומען צו יענע נומערען,



1.

2. THE JEWISH MORNING JOURNAL
דער מאָרגען זשורנאל

3.

4. JEWISH JOURNAL AND DAILY NEWS
דער מאָרגען זשורנאל
ווארשע, טשענסטאכאָוו באַפרייט

5. JEWISH JOURNAL AND DAILY NEWS
דער מאָרגען זשורנאל
פאריז און מארסעי באַפרייט

6 JEWISH JOURNAL AND DAILY NEWS
דער מאָרגען זשורנאל
רוסען 165 מייל פון בערלין

7. JEWISH JOURNAL AND DAILY NEWS
דער מאָרגען זשורנאל
רוזוועלט ווידערערוועהלט

JEWISH JOURNAL AND DAILY NEWS 8.
דער מאָרגען זשורנאל

# 75 יאָר יידישע פּרעסע אין אמעריקע

פּלעגן שטענדיג אריינקומען מעהר אדווערטייזמענטס ווי מען האָט גערעכענט, און ווידער זיינען אויסגעלאָזען געוואָרען נויטיגע ארטיקלען. עס פּלעגט טרעפען, אז צעהנדליגע ארטיקלען זיינען עבר זמנם געוואָרען, אָדער זיינען אריין אין איין אויסגאבע און ניט אין דער צווייטער. נאַטירליך, די גאָר וויכטיגע ארטיקלען פּלעג איך, ווי ס׳איז דורכקוועטשען, אבער איך האָב געהאט כמעט א שטענדיגען קאָפּוועהטאָג פון דעם איבערפלוס פון מאַטעריאַל.

די פּראָספּעריטי האָט, ווייזט אויס, איבערגעפיהרט דעם גוטען און פריינדליכען איזראַעל פרידקין. ווייערניק האָט אמאָל געזאָגט וועגען דעם א גוט וואָרט: „ס׳איז נאָך א גליק", האָט ער געזאָגט, „וואָס עס זיינען דאָ אדווערטייזערס וואס פאָדערען אז זייערע אדווערטייזמענטס זאָלען זיין געדרוקט „נעקסט טו רידינג מעטער", אַניט וואָלטען מיר שוין אפשר ארויסגעגעבען א צייטונג פון לויטער אדווערטייזמענטס".

דאָך, גלויב איך, אז דער „מאָרגען זשורנאַל" האָט אין דעם פּעריאָד א סך אויפגעטאָן. איך וויל בלויז דערמאָהנען, מיט דער גרעסטער בעשיידענהייט, די פּיטשורס וואס דער „מאָרגען זשורנאַל" האָט געדרוקט אין די יאָהרען, אַזוי ווי דר. הערצל׳ס טאָג-ביכער, (פאַרעפענטליכט צום ערשטען מאָל), די זכרונות פון הרב מזא"ה, היינריך שליאָזבערג, מענדעל ביילים, מאדאם נאָרדאו, דר. באָדענהיימער, צ. ה. מאסליאנסקי, וולאדימיר זשאַבאָטינסקי, חפץ חיים, און אנדערע.

צווישען די שטענדיגע מיטארבייטער וואס זיינען אַריינגעקומען אין „מאָרגען זשורנאַל" אין די 22 יאָהר פון מיין רעדאקטאָרשאפט, זיינען געווען: דוד פרישמאן, בעל מחשבות, דר. א. מוקדוני, לעאָן זאָלאָטקאָף, פּראָפעסאָר נ. סלושץ, וו. זשאַבאָטינסקי, הרב מאיר ברלין, גדליה בובליק, גרשם באדער, דער איצטיגער רעדאקטאָר פון „מאָרגען זשורנאַל", דוד ל. מעקלער, אפרים אויערבאך, משה ריבלין, חיים גוטמאן, (דער לעבעדיגער), שאול סאַפיר, א. רעוואוצקי, יצחק אבן, יעקב גלאטשטיין, דוד איידעלסבערג, יוסף מארגאָשעס, לעאָן קוסמאן, י. ל. טעלער, דוד דרוק, יצחק זאר, ישעיה אונגער, אב. גאָלדבערג, דר. י. ל. גאָרדאָן, דר. י. וואָרטסמאן, מ. בראון, ב. אלקוויט, מיכל אראנסאָן, יוסף באנק, יעקב קירשענבוים, י. י. זעווין (תשר"ק), א. ליטווין, יחזקאל לעוויט, וויליאם צוקערמאן, קדיש יאפע, אבא רייכמאן, מ. ל. נירענבערגער, תלוש, ב. עפּעלבוים, און אַנדערע. דאָס איז חוץ די קאָרעספּאָנדענטען אין אייראָפּא.

די פּאָליסי פון „מאָרגען זשורנאַל" איז א סך ליבעראַליזירט געוואָרען אין די לעצטע 28 יאָהר. אונזער באַציהונג צום ציוניזם איז געוואָרען א פּאָזיטיווע פון דעם ערשטען טאָג וואס איך האָב איבערגענומען די רעדאקטאָרשאפט, און דאָס מיט דער צושטימונג פון פּרץ ווייערניק.

אין 1938 האָב איך זיך צוריקגעצויגען אלס רעדאקטאָר און דוד ל. מעקלער איז געוואָרען רעדאקטאָר. אין די זעקס יאָהר זיינען ווידער צוגעקומען א צאָהל וויכטיגע מיטארבייטער אין „מאָרגען זשורנאַל", ווי אהרן צייטלין, דוד פּינסקי, יואל ענטין, מ. דובאָווני, דר. שאָשקעס, ש. ל. שניידערמאן, דר. יצחק לעווין, און אנדערע. א צאָהל פון די וואס זיינען אריין אונטער מיין רעדאקציע זיינען ליידער געשטאָרבען, אבער די משפחה פון „מאָרגען זשורנאַל" שרייבער איז איצט נאָך אלץ אזוי גרויס, אפשר גרעסער, ווי פריהער.

איך בין מקנא מעקלער׳ן וואס ער האָט איצט כמעט דאָפּעלט פּלאַץ פאר ארטיקלען ווי איך האָב געהאט. איצט ווען ביזנעס איז ניט אזוי גוט, איז מען שוין מעהר ליבעראַל מיט פּאַפּיר. מיר דוכט זיך, אז דער „מאָרגען זשורנאַל" דרוקט איצט מעהר ארטיקלען און סקיצען ווי אירגענד אן אנדער אידישע צייטונג. אבער די ערשטע יאָהרען פון „מאָרגען זשורנאַל" זיינען געבליבען די ראָמאַנטישסטע און אינטערעסאנטסטע.

עס דארף צום סוף באַטאָנט ווערן, אז דער „מאָרגען זשורנאַל" — פון וועלכען מר. ארטור ל. מאלקינסאָן איז איצט פּרעזידענט און מר. ארטור דזשייקאָבס, טרעזשורער — ניט קוקענדיג אויף די שוועריגקייטען וואָס די פּרעסע בכלל, און די אידישע בפרט, האָבען לעצטענס דורכצומאַכען א דאנק די ניט נאָרמאלע אומשטענדען, באווייזט ער צו זיין דער גרויסער איינפלוס אין דאָס אידישע לעבען אין אמעריקא, איצט ניט וויניגער ווי פריהער, און אין געוויסע הינזיכטען — נאָך מעהר ווי פריהער.

אַלס צייטונג וואס דינט די אינטערעסען פון אָרטאָדאָקסישע נאַציאָנאַל-געזאָנענע אידען, די גאנצע הונדערט פּראָצענט, איז די פּאָליסי פון „מאָרגען זשורנאַל" קאָרעקט און אויסגעהאלטען אויך אויף די פּאָליטישע און געזעלשאפטליכע געביטען, און עס האָבען צו איהם דאָס פולע צוטרויען ניט נאָר זיינע אייגענע לייענער נאָר אויך אידישע לייענער בכלל וואס ווייסען פון זיין גוטער רעפּוטאַציע.

עס וועט זיין גענוג צו דערמאָנען דעם פאקט, אַז ווען עס קומט צו עפענטליכע געלט-זאמלונגען אין דער אידישער פּרעסע, פאר הילף-פאָנדען פאר וויכטיגע צוועקען, ווערט דורכ׳ן „מאָרגען זשורנאַל" אליין געזאַמעלט מעהר ווי דורך די אלע אנדערע אידישע צייטונגען צוזאַמען. אין די לעצטע עטליכע יאָהר, ווען אידישע נויט אין דער אלטער וועלט האָט דערגרייכט די העכסטע שטופּע אין דער געשיכטע פון אידישע ליידען, האָט דער „מאָרגען זשורנאַל" געזאַמעלט מעהר ווי דריי הונדערט טויזענט דאָלאר א יאָר, בלויז פאר די הויפּט הילפס-אגענטורען אַליין, אַחוץ די צענדליגע טויזענטער דאָלאר וואס ער האָט געשאפען יערליך פאר תּורה-אנשטאלטען און אַנדערע וויכטיגע אידישע אינסטיטוציעס, נאַציאָנאלע און לאָקאלע.



# דער „טאָג“ — די צייטונג, וואָס האָט אַריינגעבראַכט אַ נייעם טאָן אין דער אידישער פּרעסע

ווי דער „טאָג“ איז געגרינדעט געוואָרען און וואָס פאר א פּנים מיט אַן אינהאַלט ער האָט געהאט פון אָנהויב אָן. — די וויכטיגע מיטאַרבייטער, מיט וועלכע ער האָט זיך תמיד אַרומגערינגעלט. — זיין אומפּאַרטייאישקייט און אומאָפּהענגיגקייט, אפילו ווען דאָס האָט געמיינט געהן געגען שטראָם. — זיין שווערער קריזיס אין די לעצטע יאָהרען און זיין ניי־באַלעבונג.

## פון וויליאם עדלין

(רעדאקטאָר פון „טאָג“)

אין די טעג פון אָקטאָבער, 1914, האָט זיך אין אַ סך פענסטער פון קליינע געשעפטען אין די אידישע קוואר־טאלען פון ניו יאָרק באַוויזען א גרויסע, קאָלירפולע אָפישע מיט א באקאנטמאַכונג, וואס האָט אָפּגעשטעלט כמעט יעדען איינעם, וואס האָט געקענט לייענען אידיש. אויף דער אָפישע איז געשטאַנען, אז דעם 5טען נאָוועמבער וועט אָנהויבען ארויסגעהן א נייע, גרויסע, טעגליכע אי־דישע צייטונג אונטער׳ן נאָמען — „טאָג“, אונטער דער רעדאקציע פון הערמאַן בערנשטיין.

דער נאָמען הערמאַן בערנשטיין האָט געפינקעלט מיט גרויסע, רויטע בוכשטאַבען, ווייל דעמאָלס איז דער דאָ־זיגער נאָמען געווען גוט באקאנט אין דער גאנצער אמע־ריקאנער צייטונגס-וועלט. הערמאַן בערנשטיין איז ניט געווען קיין אידישער שרייבער אָדער זשורנאליסט, נאָר אַ קאָרעספּאָנדענט אין דער ענגלישער פּרעסע, ספּעציעל אין דער „ניו יאָרק טאַימס“, וואו ער האָט געהאט געדרוקט אַ לאנגע סעריע אינטערוויוס מיט וועלט-בארימטע פּערזענ־ליכקייטען. נאַטירליך איז זיין נאָמען ניט געווען פרעמד דעם אינטעליגענטערען לייענער פון אידישע צייטונגען און ווען דער דאָזיגער נאָמען איז געווען אַנאָנסירט אלס רעדאקטאָר פון א נייער אידישער צייטונג, האָט דאָס גע־צויגען די אויפמערקזאמקייט פון א סך אידישע לייענער.

אָבער די גרויסע אָפישע האָט אויך שטארק פאַר־אינטערעסירט צוליב עטליכע אנדערע נעמען, וואָס זיינען געווען אויסגערעכענט צווישען די מיטאַרבייטער פון דער נייער צייטונג, ווי אויך צוליעב דער באַקאַנטמאַכונג, אז די נייע צייטונג וועט זיין „אומאָפּהענגיג, אומפּאַרטיי־איש, ריין, אינטערעסאנט, און ליטעראריש“; און עס זיינען געווען אויסגערעכענט די פאָלגענדע שרייבער:

אָסיף דימאָוו, לעאָ דייטש, יצחק אייזיק הורוויטש, ד. מ. הערמאלין, דר. חיים זשיטלאָווסקי, יהואש, משה כץ, דר. י. ל. מאגנעס, דר. נ. סירקין, וויליאם עדלין, לעאָן פעראַרו און צביון.

איז דאָס זיכער געווען אן אימפּאָזאנטע ליסטע פון שרייבער און ס׳איז קיין חידוש ניט, וואס א סך אידישע לייענער האָבען מיט דער גרעסטער אומגעדולד ארויסגע־קוקט אויף דעם ערשטען נומער „טאָג“.

און די נייע צייטונג האָט די לייענער ניט אנטוישט. דער „טאָג“ איז פון ערשטען נומער אָן געווען אין זיין אויסזעהן און אין זיין אינהאלט און מיט זיין גאנצען פאר־נעהם א נייע דערשיינונג אויף דער אידישער גאס. מיט דער נייער צייטונג האָט זיך פאקטיש אָנגעהויבען אַ נייער קאַפּיטעל אין דער געשיכטע פון דעם אידישען זשורנא־ליזם אין אמעריקע.

* * *

ס׳איז ניט געווען קיין צופאל, וואס די נייע צייטונג — דער „טאָג“ — האָט פאר׳ן ערשטען מאָל דערזעהן דאָס ליכט פון לעבען דעם 5טען נאָוועמבער, וואָס איז אין 1914 אויסגעפאלען א טאָג נאָך די קאָנגרעס-וואַלען אין אַמע־ריקע — וואַלען, וואָס האָבען געזאָלט שטאַרקען די הענט פון דער אדמיניסטראציע פון פּרעזידענט וואודראָו וויל־סאָן. ניין, ניט קיין צופאל, נאָר א דורכגעטראכטע זאַך. די אָריגינעלע ארויסגעבער פון דער צייטונג (צווישען וועל־כע ס׳איז געווען באזונדערס אקטיוו דער איצטיגער אַרויסגעבער, מאָריס וויינבערג) האָבען ניט געוואָלט, אז מען זאָל אויף דער אידישער גאַס פארדעכטיגען, אז די נייע צייטונג האָט עפּעס צו טאָן מיט פּאַרטיי פּאָליטיק, אָדער מיט דעם פּאָליטישען קאמפּיין. זיי האָבען געוואָלט גלייך ביים געבורט שאפען דעם איינדרוק, אז דער „טאָג“ שטעהט אויף אייגענע פיס און איז זעלבסטשטענדיג אין יעדען זין פון וואָרט. צו אונטערשטרייכען דעם דאָזיגען פאקט איז געווען א דרינגענדע נויטווענדיגקייט, ווייל דע־מאָלס איז די אידישע פּרעסע געווען א נעסט פון פּאַרטיי און קליקע רייסערייען; און די ארויסגעבער פון „טאָג“ האָבען געהאט אן אידעאל — צו שאַפען און אויסהאַלטען אַ צייטונג, וואס איז פּאָליטיש נייטראל, וואָס איז אידיש־נאַציאָנאל, און וואס איז אומאָפּהענגיג פון וועלכע ס׳איז גרופּען און פּארטיי-פּראָגראמען און אידעאָלאָגיעס — אין אנדערע ווערטער, א צייטונג, וואס זאל דינען און צופרי־דענשטעלען די יעניגע לייענער, וואס האָבען אייגענע קעפּ אויף די פּלייצעס און זיינען טאָלעראנט גענוג צו ווערען באקאנט מיט׳ן אלזייטיגען און פילפארביגען לעבען אין דער גרויסער אידישער וועלט.

די דאָזיגע שטרעבונג האָט זיך קלאָר אויסגעדריקט

## די רעדאקציע פון „טאָג"



פון רעכטס צו לינקס, ערשטע רייע: ב. צ. גאָלדבערג, א. זעלדין, א. לוצקי, א. גלאַניץ, י. אפּאטאשו, ש. ניגער, ס. דינגאָל, וו. עדלין. צווייטע רייע: ל. פיינבערג, ש. ז. צוקערמאַן, מ. אונגער, ל. אלפּערין, נ. ב. לינדער, דר. ב. מ. סייקין, ה. אַקערמאַן, ש. ביקל, ב. רעסלער, א. עפּשטיין, חיענע יפה, ר. אייזלאַנד, ד. טשארני, מ. שטארקמאַן. דריטע רייע: ל. באָראָדולין, ע. פליישמאַן, ה. מאָרגענשטערן, ל. שפּיזמאַן, י. חייקין.

לײדער פעלן אויפן בילד די פאָלגנדיקע מיטארבעטער: א. בוקשטיין, ב. י. גאָלדשטיין, מ. דאנציס, פּ. הירשביין, ה. לייוויק, ראָזא לעבענסבוים, דר. ש. מארגאָשעס, סארא ב. סמיטה, ש. ערדבערג, י. פאָשקאָ, ב. ריווקין, וו. רעזוויק, ש. ראָזענבערג, ז. שוסטער, י. מ. רובין, ל. פינקעלשטיין.

אין דעם פּראָגראַם, וואָס דער „טאָג" האָט גלייך ארויס-
געשטעלט אין זיין ערשטען נומער, ווי פאָלגט:

דער „טאָג" וועט זיין פולשטענדיג פריי און
אומאָפּהענגיג: ער וועט ניט זיין דער אָרגאַן פון
וועלכער עס איז פּארטיי, גרופּע אָדער קלאַס פון
אידישען פאָלק. זיין אויפגאבע וועט זיין צו ער-
מוטיגען די בויענדע און שאפענדע קרעפטען פון
דעם אידישען פאָלק אין אמעריקא, צו וועלכען
קלאַס אָדער גרופּע זיי זאָלען ניט געהערען. ער
וועט ענערגיש און אומערשראָקען ארויסטרעטען
געגען יעדער צעשטערענדער און רואינירענדער
קראַפט אין אמעריקאנער אידישען לעבען.

„אומפּארטייאיש, ריין אין פּאָליטיק, צוגע-
פּאסט צו דעם גייסט פון דער צייט, פינקטליך און
רייך אין נייעס, סיי פון אמעריקא, סיי פון אויס-
לאנד, וועט די צייטונג שטרעבען צו ווערען אַ בוי-
ענדע און שאפענדע קראַפט אין דעם לעבען פון
דעם אידישען פאָלק".

* * *

ווען דער „טאָג" האָט זיך באַוויזען אויף דער ליכטי-
גער וועלט זיינען אין ניו יאָרק געווען פיער אנדערע טעג-
ליכע צייטונגען — צוויי אָרטאָדאָקסישע („דאָס אידישע
טאַגעבלאַט" און דער „מאָרגען זשורנאַל") און צוויי ראַ-
דיקאַלע (דער סאָציאַליסטישער „פאָרווערטס" און „די
װאַרהײט"), וואָס האָבען זיך ארומגעריסען ווי צוויי קעץ
אין איין זאַק.

די סאָציאַליסטישע באַוועגונג, וואָס האָט ביז דאַן
באהערשט די אידישע גאַס, האָט שוין ביסלאַכווייז אָנ-
געהויבען פארלירען, איהר גייסטיגע השפעה און ס'זיינען
שוין געווען אַ סך אידישע געגנאָסען, וואָס האָבען גע-
לעכצט נאָך אַ פרייערער פּרעסע. אויך אין דער אָרטאָ-
דאָקסישער וועלט זיינען געווען אַ סך, וועמען ס'האָט זיך
געביינקט נאָך אַ פרישערען, פרייערען וואָרט. זיי אַלעמען
האָט די נייע צייטונג שטאַרק אימפּאָנירט. אין „טאָג" האָ-
בען זיי געפונען אַ נייע גרופּע שרייבער און זשורנאַליסטען,
עטליכע באַרימטע שעהן-גייסטער, עטליכע אינטעלעקטועלע
רעבעלען, עטליכע דערפאַרענע זשורנאַליסטען — אַ גרו-
פּע, וואָס איז געווען אָנגעהויכט מיט אַלגעמיין וועלט-
ליכע ווי אויך אידישע קולטור; אַ גרופּע וואָס איז גע-
ווען פאַראינטערעסירט אין אידישע פּראָבלעמען, ווי אויך
אַלגעמיין מענשליכע, אבער ניט געפּענטעט פון יענעם
ענגען פאנאַטיזם, וואָס שאַפט דאָגמעס און פירט צו גייס-
טיגער פארגליווערטקייט. דאָס פרייע וואָרט האָט אָנגע-
הויבען געוועלטיגען אויף די שפּאַלטען פון „טאָג" און דאָס
האָט דער נייער צייטונג, „וואָס ברייננגט ליכט", געגעבען
אַ חשיבות ביי די ברייטסטע קרייזען פון אינטעליגענטע
מענשען. ס'האָט ניט גענומען לאַנג ביז מיט'ן „טאָג"
האָבען זיך מענשען געגרויסט ווי מיט אַ טייערען אוצר
און אַ סך פּאָלקס-מענשען האָבען אין דער צייטונג געפונען
אַ קוואַל פון אינפאָרמאַציע און אינטערפּרעטאַציע, וואָס
האָט באפרידיגט זייער דורשט נאָך אַ קולטורעלען בלאַט,
וואָס איז אנדערש פון דעם וואָס עס איז געווען פריהער
פאר זיי צו לייענען.

דער פאַקט איז, אַז דער „טאָג" איז ניט בלויז אין זיין
אינהאַלט געווען אנדערש, נאָר אויך אין סטיל און ריינ-
קייט פון שפּראַך, און אויך אין זיין אויסערליכער גע-
שטאַלטונג.

* * *

דער „טאָג" איז געווען די ערשטע אידישע צייטונג
צו דרוקען טעגליך אַ קאַרטון, ווי אין דער ענגלישער
פּרעסע. פאר דעם צוועק זיינען פון אָנהויב אָן געווען
אנגאַזשירט דריי ארטיסטען — שאול ראַסקין, מיטשעל
לאָוב (אַ יונגערמאַן, וואָס איז געווען גוט באַקאַנט אין די
אידיש-סאָציאַליסטישע קרייזען) און י. פּאַשקאַ (אַ יונגער
מאַלער, וואָס איז דאַן געווען אַן ערשט-אָנגעקומענער פון
פּאַריז), וואָס איז נאָך איצט אויך דער קאַרטוניסט פון
„טאָג".

דער „טאָג" איז געווען די ערשטע אידישע צייטונג
צו האָבען אַ שטענדיגען קאָרעספּאָנדענט אין וואַשינגטאָן.
די ערשטע יאָרען האָט דעם פּאָסטען געהאַלטען ראובן
פינק.

דער „טאָג" איז געווען די ערשטע אידישע טעגליכע
צייטונג צו געבען די פולסטע געלעגענהייט די אָרגאַני-
זירטע ארבייטער מאַסען צו קומען צום וואָרט, אומגע-
שטערט פון די אָפיציעלע פירער און באַאמטע פון זייערע
יוניאָנס.

דער „טאָג" איז געווען די ערשטע אידישע טעגליכע
צייטונג איינצופירען אַ גאַנצע זייט, איין מאָל אין וואָך,
געווידמעט צו אידישע ליטעראַטור און ליטעראַטור-קרי-
טיק, מיט דער רעגעלמעסיגער באַטייליגונג פון דעם באַ-
רימטען ליטעראַטור-קריטיקער, ש. ניגער.

דער „טאָג" איז געווען די ערשטע אידישע צייטונג
איינצופירען אַ גאַנצע זייט, איין מאָל אַ וואָך, געווידמעט
צו טעאַטער און מוזיק קריטיק.

דער „טאָג" איז געווען די ערשטע אידישע צייטונג
באַקאַנט צו מאַכען די לייענער מיט דער אויפגעקומענער
פילם-קונסט און אויף דעם געביט האָט פיל געלייסטעט
מרס. רעי ראַסקין.

דער „טאָג" איז איבערהויפּט געווען די ערשטע אי-
דישע צייטונג אריינצונעמען פרויען אַלס מיטגלידער פון
דער רעדאַקציע. יאָרענלאַנג האָבען פאר'ן „טאָג" גע-
שריבען וועגען פרויען ענינים מרס. אדעלאַ קיען-זאַמעט-
קין און וועגען דאָקטאָר'שע ענינים דר. איידאַ באַדאַנעס.
די באַוואוסטע נאָוועליסטין, סאַראַ ב. סמיט, איז כמעט
פון אָנהויב אָן געוואָרען אַ מיטאַרבייטערין פון „טאָג",
און זי איז נאָך עד היום אַ מיטגליד פון דער גרויסער
משפּחה „טאָג" שרייבער. אויך איז חינע יאַפּע שוין יאָ-
רענלאַנג אַ מיטגליד פון דער רעדאַקציע.

ס'איז ניט איבערטריבען צו זאָגען, אַז פאר דעם
ערשטען מאָל האָט אַ אידישע טעגליכע צייטונג אויסגע-

זעהן לייטיש און זיך געקאָנט פאַרגלייכען מיט אַ גוטער ענגלישער צייטונג, סיי אין אינהאַלט, סיי אין אויסזעהן. ס׳איז אויף די זייטען פון „טאָג" געווען אויסגעגאָסען אַ טעכניש-סימעטרישער חן, וואָס האָט ניט פאַרפעהלט צו אַפּעלירען צום עסטעטישען געשמאַק פון דעם דורכשניטליכען אינטעליגענטען פאָלקס-מענש.

דאָס אַלץ צוזאַמען האָט היבש בייגעטראָגען גלייך אין די ערשטע חדשים צו דעם גרויסען, כמעט סענסאַציאָנעלען דערפאָלג פון דער נייער צייטונג, וואָס האָט ערשט לעצטען נאָוועמבער דעם 5טען געפייערט מיט באַרעכטיגטען שטאָלץ דעם 30-יאָריגען יוביליי.

*      *      *

דער ערשטער רעדאַקטאָר פון „טאָג", הערמאַן בערנשטיין, איז לאַנג אויף זיין פּאָסטען ניט פאַרבליבען — בלויז עפּעס מעהר ווי אַ יאָר צייט. אָבער מען מעג אויף זיין חשבון צושרייבען דעם פיינעם טאָן פון „טאָג", און מען מוז אנערקענען, אַז ער האָט די צייטונג געגעבען דעם ערשטען שטויס צו אַ פרייער אַנטוויקלונג; און אין דעם זעלבען גייסט איז טאַקע דער „טאָג" געפירט געוואָרען ווייטער.*)

אַ סך וואַסער איז פאַרלאָפען אין די דרייסיג יאָר. דאָס אידישע לעבען איז אויפגעטרייסעלט געוואָרען פון די צוויי וועלט-מלחמות. די גאַנצע וועלט איז אויפגעטרייסעלט געוואָרען פון דער גרויסער רוסישער רעוואָלוציע. דאָס גאַנצע לעבען האָט זיך היבש געביטען. אמעריקע האָט דורכגעלעבט דעם גרעסטען עקאָנאָמישען קריזיס אין איהר געשיכטע. פאַרשטעהט זיך, אונטער אַזוינע אומשטענדען האָט דער וועג פון קיין אידישער צייטונג ניט געקענט זיין אַ גלאַטער, בפרט נאָך פון אַ צייטונג, וואָס האָט ניט געהאַט קיין באַוועגונג, אָדער פּאַרטיי, אויף וועלכער זיך אָנצושפּאַרען. ניט זעלטען איז דעם „טאָג" אויסגעקומען צו געהן קעגען שטראָם פון מיינונגען און שטימונגען אויף דער אידישער גאַס, ווייל די אַרויסגעבער מיט דעם רעדאַקטאָר האָבען געהאַלטען די העכערע אינטערעסען און אידעאַלען פון אידען אין אמעריקע פאַר וויכטיגער ווי מאַכען קאָמפּראָמיסען מיט די מאַטעריעלע אינטערעסען פון דער צייטונג.

פאַר׳ן בעסטען ביישפּיל קען מען אָנגעבען די שטעלונג פון דעם „טאָג" צו דער ערשטער וועלט-מלחמה, איבערהויפּט אין די ערשטע יאָרען, פון 1914 ביז 1917. אויף דער אידישער גאַס איז געווען שטאַרק פאַרשפּרייט די אידייע, אַז אויס קעגנערשאַפט צום צאַריזם אין רוסלאַנד איז ווינשענסווערט, אַז דייטשלאַנד זאָל געווינען, ניט געקוקט וואָס אַזוינע דעמאָקראַטישע לענדער ווי ענגלאַנד און פראַנקרייך זיינען געשטאַנען אין קאַמף קעגען דייטשלאַנד. ס׳איז געווים איצט שווער צו באַגרייפען דעם גייסט פון „פּראָ-דזשוירמאַניזם", וואָס האָט געבושעוועט דאַן אין פילע ווינקעלאַך אין אמעריקע; און דעם דאָזיגען שעדליכען גייסט האָט דער „טאָג" מוטיג און שאַרף באַקעמפט. דער „טאָג" האָט פון אָנהויב אָן גענומען די שטעלונג, אַז אַזאַ וועלט-קאַמף וועט, סוף-כל-סוף, במילא אַ טרייסעל טאָן די צארישע ממשלה, אָבער פאַר די אינטערעסען פון אַ פרייער, דעמאָקראַטישער וועלט איז עס אַ לעבענס-וויכטיגקייט אַז דאָס מיליטערישע דייטשלאַנד פון קייזער ווילהעלם זאָל צעשמעטערט ווערען.

פאַר דער דאָזיגער שטעלונג איז דער „טאָג" אָפט און מיאוס אַטאַקירט געוואָרען פון די פאַרעהרער פון דער „דייטשער קולטור". די פאַרביטערונג קעגען „טאָג" איז געוואָרען נאָך שטאַרקער ווען אמעריקע איז אין 1917 אויך אַריינגעצויגען געוואָרען אין דעם וועלט-קאַמף אויף דער זייט פון די עליים. די פאַרעהרער פון „דייטשער קולטור" האָבען נאַטירליך געמוזט איבערקערען דעם פעלץ, כדי ניט צו שעדיגען אמעריקע, אָבער זייער פריערדיגער „פּראָ-דזשוירמאַניזם" האָט איבערגעלאָזען אַ צעמישונג אין די מוחות פון אַ סך מענשען. דער „טאָג" האָט פון זיין אָפענער, אַגרעסיווער שטעלונג קעגען דייטשען מיליטאַריזם געליטען אין צירקולאַציע, אָבער דאָס האָט ניט געווירקט אויף זיין אויסגעהאַלטענקייט און לאָיאַליטעט צו די פּרינציפּען פון אַ מעהר דעמאָקראַטישער אָרדנונג אויף דער וועלט.

*      *      *

נאָך דעם זיג איבער דייטשלאַנד האָט דער „טאָג" געוואונען אין פּרעסטיזש און צירקולאַציע און האָט גענומען ווייטער וואַקסען און ווערען אַנערקענט פאַר דער צייטונג פון דעם בעסערען אידישען לייענער. עס זיינען געבוירען געוואָרען אַנדערע טעגליכע אידישע צייטונגען, (דער „היינט" און „די צייט"), וועלכע האָבען אָבער געהאַט אַ קורצען לעבען. זיי האָבען מיט דעם „טאָג" ניט געקענט קאָנקורירען. נאָך אין 1918 האָט דער „טאָג" זיך פאַראייניגט מיט דער „וואַרהייט" — ריכטיגער געזאָגט, דער „טאָג" האָט פאַרשלונגען די „וואַרהייט", וואו לואיס מילער איז געווען דער לייטענדער גייסט. דאָס אַליין, פאַרשטעהט זיך, האָט געשטאַרקט די פּאָזיציע פון „טאָג". עס זיינען אין דער רעדאַקציע פון „טאָג" אָפט צוגעצויגען געוואָרען אַלץ נייע כחות, צווישען וועלכע עס זיינען געווען שלום עליכם, ה. ד. נאָמבערג, אברהם רייזען, דר. נ. גאָלדמאַן, וולאַדימיר גראָסמאַן (און שפּעטער אויך מאיר גראָסמאַן), שמואל ראָזענפעלד, לעאָן קאָברין, ראובן ברייני, דר. א. קאָראַלניק, דר. קאַרל פאָרנבערג, א. ש. זאַקס, פּרץ הירשביין, ה. לייוויק, משה נאַדיר, שמואל ניגער, י. אָפּאַטאָשו און אַנדערע גוט באַקאַנטע דיכטער,

*) נאָך הערמאַן בערנשטיין איז דער רעדאַקטאָר פון „טאָג" געווען, פון 1916 ביז 1925, וויליאַם עדלין, וואָס איז געווען פאַרבונדען מיט דער צייטונג אַלס נייעס-רעדאַקטאָר און טעאַטער קריטיקער פון ערשטען טאָג אָן. נאָך 1926 ביז 1942 איז דער רעדאַקטאָר געווען דר. שמואל מאַרגאָשעס, מיט דער באַטייליגונג דורך דער צייט, אין פאַרשיידענע יאָרען, פון ס. דינגאָל, ב. צ. גאָלדבערג, צ. ה. רובינשטיין, און אהרן גלאַנץ, אַלס פאַרוואַלטונגס-רעדאַקטאָרען. אין 1942 איז ווידער וויליאַם עדלין געוואָרען דער שעף-רעדאַקטאָר, און לעצטענס איז ס. דינגאָל ווידער געוואָרען פאַרוואַלטונגס-רעדאַקטאָר.

שריפטשטעלער און פובליציסטען. דורך דער פארשמעל-
צונג פון דער „ווארהייט" מיט'ן „טאָג" איז צוגעקומען,
צווישען אנדערע, דער דיכטער יואל סלאָנים, וועלכער איז
געווען דער גלענצענדסטער רעפּאָרטער אין דער גאנצער
אידישער פרעסע. סלאָנים איז געווען טעטיג אין דער רע-
דאקציע ביז זיין טויט אין אָקטאָבער 1944. ער האָט
מעהר ווי איין מאָל געמאכט אינטערעסאנטע זשורנאַליס-
טישע געשיכטע, פאר וועלכען עס קומט איהם מעהר אנ-
ערקענונג ווי מען האָט איהם געגעבען ביים לעבען.

די צאָל פּראָמינענטע אידישע פּערזענליכקייטען,
וואָס האָבען מיטגעארבייט אין „טאָג", איז תמיד געווען
גרויס. ניט אומזיסט פלעגט מען אָפט הערען צווישען
לאָיאלע לייענער, אז דער „טאָג" איז א פּארלאמענט פון
גרויסע אידישע פערזענליכקייטען. ס'איז קיין ספק ניט,
אז אויף די שפּאַלטען פון „טאָג" האָבען זיך באגעגענט
באוואוסטע אידישע סאָציאליסטען מיט נאַציאָנאליסטען,
זאָגאר אנארכיסטען, ווי דר. הלל זאלאטאראף, מיט אזוינע
עקסטרעם-רעכטע סאָציאליסטישע דענקער ווי יצחק אייזיק
בן אריה צבי הלוי. סיי אין פובליציסטיק, סיי אין בעלע-
טריסטיק, האָט דער „טאָג" דערלאַנגט דעם לייענער דאָס
סאמע פיינסטע, וואָס די אידישע וועלט האָט פארמאָגט.
עס איז געווען דער „טאָג", וואו דער דיכטער יהואש האָט
צוערשט געדרוקט זיין בארימטע איבערזעצונג פון דעם
חומש אויף אידיש. עס איז געווען דער „טאָג", וואו אזא
אידעאליסט ווי דר. נחמן סירקין האָט יאָרענלאַנג געהאט
די געלעגענהייט צו באלייכטען אידישע פּאסירונגען פון
זיין נאַציאָנאַל-אידישען שטאַנדפונקט. עס איז געווען
דער „טאָג" וואָס האָט געעפענט זיינע שפּאַלטען פאר די
אפּיקורסישע סאָציאליסטישע געדאנקען פון דעם בארימ-
טען עקאָנאָמיסט, וואָס פלעגט זיך אונטערשריי-
בען — יצחק אייזיק בן אריה צבי הלוי. עס איז געווען
דער „טאָג", וואָס האָט פאר דעם אידישען לייענער ארויס-
געבראכט אזא בריליאנטענעם עסייאיסט ווי דר. א. קאָ-
ראַלניק. עס איז געווען דער „טאָג", וואָס האָט געגעבען
די געלעגענהייט אזא אינטערעסאנטען, וויכטיגען דענקער
ווי דר. חיים זשיטלאָווסקי פונאנדערצואוויקלען זיינע
אידיש-סאָציאליסטישע אנשויאונגען פאר די אינטעלי-
גענטערע מאסען. אויף דעם אופן האָט דער „טאָג", וואָס
איז געווען א פּריוואטע צייטונג, אָהן א פארטיי, אָהן פי-
לאנטראָפּען אפילו, ארויסגעפּלאָסטערט פאר זיך א ברייי-
טען וועג צו די מוחות און הערצער פון צענדליגע טויזענ-
טער אידישע לייענער און געלעגט א שטעמפעל אויף דער
קולטורעלער אנטוויקלונג פון די אידען אין אמעריקע.

* * *

אָבער מיט א צייטונג איז ווי מיט א יחיד. מיט דעם
גאנג פון יאָרען מוזען פּאָרקומען ענדערונגען. מענשען
ווערען עלטער, קרענקליכער און — שטאַרבען... דער
„טאָג", וואָס איז לכתחילה ארויסגעגעבען געוואָרען פון
עטליכע שותפים, איז נאָך א סך יאָרען פארבליבען דאָס
אייגענטום פון איינעם פון די שותפים (דוד שאַפּיראָ),
און דער דאָזיגער איז ערענסט קראנק געוואָרען אין 1939
און איז געשטאָרבען אין 1940. זיינע יורשים האָבען גע-
האָט א גאנץ אנדער באַציאונג צו אידיש בכלל און צו
א אידישער צייטונג בפרט און זיי האָבען דעם „טאָג"
שיער ניט געפירט צום אונטערגאנג. זיי זיינען ניט געווען
דערוואקסען צו קענען אָפּשאַצען די וויכטיגקייט פון אזא
קולטור-אוצר ווי א צייטונג. איז עס געקומען צו א שווע-
רען קריזיס אין „טאָג", ווייל צו דעם, וואָס די נייע יורשים
האָבען געמאכט אלערליי שוועריגקייטען און שטערונגען,
איז אין דער רעדאקציע-משפחה גופא אויסגעוואקסען א
גרויסע אידעאָלאָגישע צערודערונג, וואָס, צום באַדויערען,
איז אויך ניט געווען אינגאנצען פריי פון פערזענליכע
אמביציעס און שטרייטיגקייטען.

דער רעזולטאַט איז געווען א סטרייק פון א טייל פון
דעם סטעף, וואָס האָט אָנגעהאלטען א האלב יאָר. דאָס
איז געווען איינער פון די טרויעריגסטע קאפּיטלען אין
דער געשיכטע פון „טאָג". ס'האָט זיך שיער ניט געענ-
דיגט קאטאַסטראָפאַל.

נאָך דער פארענדיגונג פון דעם אומגליקליכען סטרייק
האָבען די שרייבער און שריפטזעצער פון דער צייטונג,
מיט דער גוטהייסונג פון זייערע יוניאָנס, אויסגעקויפט
דעם „טאָג" ביי די יורשים; אָבער אזוי ווי זיי האָבען ניט
געהאט קיין קאפּיטאל, און אויך נישט קיין דערפארונג,
צו פירען דעם געשעפט, האָבען זיי געזוכט א נייע געזעל-
שאַפטליכע קערפּערשאפט, וואָס זאָל איבערנעמען די ציי-
טונג און זיי האָבען געפונען א גרופּע כלל-טוער מיט דעם
באוואוסטען ציוניסטישען פירער, לואיס ליפּסקי, בראש.
דער פּלאַן איז געווען צו גרינדען א מין „טאָג"-פאונדיי-
שאָן, וואָס זאָל פארזיכערען דעם פינאנציעלען עקזיסטענץ
פון דער צייטונג. אבער אויך דער נייער גרופּע האָבען
געפעהלט צוויי זאכען — קאפּיטאל און געשעפטליכע דער-
פארונג. איז ווידער געוואָרען שלעכט, און ווער ווייסט,
וואָס פון דער שעהנער צייטונג וואָלט געוואָרען, ווען עס
וואָלט ניט געלונגען צו ווירקען אויף איינעם פון די גאָר
ערשטע שותפים פון „טאָג", מר. מאָריס וויינבערג, אז ער
זאָל צוריק איבערנעמען זיין אמאָליגען קינד. נאָך לאַנגע
פארהאנדלונגען איז מר. מאָריס וויינבערג ווידער געוואָ-
רען דער הויפּט אייגענטימער פון „טאָג" און די צייטונג
איז אויף דאָס ניי באלעבט געוואָרען.

מר. וויינבערג האָט צוגעטראָגען מעהר ווי קאַפּיטאל
און געשעפטליכע דערפארונג, נאָר אויך זיין אמאָליגע
באַציאונג צו דעם אידישען זשורנאַליזם — אן אמביציע
צו מאכען די צייטונג וואָס בעסער, וואָס שעהנער, וואָס
איינפלוסרייכער. מיט זיין אריינקומען אין „טאָג", נאָך
א דערווייטערונג פון א סך יאָרן, האָט זיך איינגעשטעלט
דער אידעאָלאָגישער קריג אין דער רעדאקציע; און א
דאנק דער מיטווירקונג פון די שרייבער און שריפט-
זעצער, ווי אויך די אנדערע מעכאַנישע און טעכנישע אָפּ-
טיילונגען פון דער צייטונג, איז אין די לעצטע צוויי יאָר

דער „טאָג“ ווידער געוואָרען די אָנגעזעהענע, ליבעראלע, אידיש-נאַציאָנאלע צייטונג פונ׳ם געדאנק און וואָרט, אָהן זאָרג פאר איהר עקזיסטענץ און אָהן מורא פאר איהר צוקונפט.

דער „טאָג“ האָט אין די 30 יאָר פון זיין עקזיסטענץ דערצויגען א סך גוטע זשורנאַליסטען, ווי אויך א סך טויזענטער לייענער, וואס ווייסען ווי אָפּצושאצען אן ערנסט־געשריבענעם פּובליציסטישען ארטיקעל, א שעהן געשריבענע סקיצע, א גוטען ראמאן, א פיינע פּאָעמע און וואס האָבען אן ערנסטע באַציאונג צו די וויכטיגע געשעהענישען אין דער וועלט בכלל, און אין דער אידישער וועלט בפרט. די רעדאקציע פון „טאָג“ איז היינט גרעסער ווי זי איז ווען געווען. פון דעם אָריגינעלען סטעף מיט 30 יאָר צוריק זיינען נאָך דאָ היינט 7 מיטגלידער. זיי זיינען: י. אָפּאטאשו, אהרן גלאנץ, אלעקסאנדער זעלדין, סארא ב. סמיט, וויליאם עדלין, עוזיאל פליישמאן און דער קארטוניסט י. פאשקא. דער גאנצער היינטיגער סטעף באַשטעהט פון 48 שטענדיגע מיטארבייטער, ווי פאָלגט (לויט׳ן א״ב):

מנשה אונגער, ראובן אייזלאנד, י. אפּאטאשו, ה. אקערמאן, א. אלפּערן, דר. ש. ביקל, א בוקשטיין, ל. באראדולין, דר. י. ברוצקוס, א. גלאנץ, ב. צ. גאָלדבערג, ב. י. גאָלדשטיין, וולאדימיר גראָסמאן, מרדכי דאנציס, מ. דינגאָל, פּרץ הירשביין, אלעקסאנדער זעלדין, י. זעליג, י. חייקין, דניאל טשאַרני, גודווין וויינבערג, חיענע יאפע, א. לוצקי, נ. ב. לינדער, ה. לייוויק, ראָזע לעבענסבוים, דר. ש. מארגאָשעס, ה. מאָרגענשטערן, ש. ניגער, דר. ב. מ. סייקין, סארא ב. סמיט, וויליאם עדלין, אלטער עפּשטיין, שמשון ערדבערג, י. פאשקא, ל. פיינבערג, ל. פינקעלשטיין, ע. פליישמאן, ש. ז. צוקערמאן, ש. ראָזענבערג, י. מ. רובין, ב. ריווקין, וויליאם רעזוויק, בנימין רעסלער, משה שטאַרקמאַן (נייעס-רעדאקטאָר), זכריה שוסטער, יוסף שלאָסבערג און ל. שפּיזמאן.

אויסער די 48 זיינען דאָ א צאָל געלעגענטליכע מיטארבייטער. זיי זיינען:

י. בעלער, מ. דלוזשנאָווסקי, א. ל. וואָהלמאן, מ. ירדני, ב. לאפּין, רחל לעווין, מ. מלמד, ל. עפּראן, אהרן פּעטשעניק, לעאָן קאָברין, מרדכי קאסאווער, לעאָ קעניג (לאָנדאָן), שאול ראסקין און מרים שיר (ארץ ישראל).

אַרום און ארום איז דאָס א גאנץ גרויסע, שעהנע משפּחה זשורנאליסטען, פּובליציסטען, דיכטער, בעלעטריסטען און שריפטשטעלער. וואָלט דער ערשטער רעדאקטאָר, דער שוין א צייט-פארשטאָרבענער הערמאן בערנשטיין, געקענט איצט א קוק טאָן אויף דעם „טאָג“ סטעף, וואָלט עס איהם שטארק הנאה געטאָן, ווייל ער האָט ליב געהאט פיהרען זיך ברייטליך, ווי אין א גרויסער צייטונג; און ס׳וואָלט איהם געווים געפרעהט צו וויסען, אַז די צייטונג, וואס ער האָט געהאָלפען גרינדען אין 1914, איז נאָך איצט אויך, אין 1945, א גרויסער קולטורעלער כח אין אידישען לעבען, א ווארעמע פארטיידיגערין פון אידיש-נאַציאָנאלען געדאנק, אן אויפריכטיגע באַשיצערין פון די אינטערעסען פון דער ארבייטערשאפט מיט איהרע יוניאָנס, און אן אומאויפהערליכע קעמפּערין פאר יושר, פרייהייט און דעמאָקראטיע פאר דער גאנצער מענשהייט.

# די „מאָרגן־פרייהייט“

פון משה שטאַרקמאַן



מ. אָלגין, רעדאַקטאָר פון „מאָרגן פרייהייט“

די שטעלונגען פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען אין
די מלחמה-פירנדיקע לענדער בעת דעם פריערדיקן וועלט-
קריג, און די באָלשעוויסטישע רעוואָלוציע אין רוסלאַנד,
האָבן געפירט צו א שפּאַלטונג אין די סאָציאַליסטישע
רייען אין אַלע לענדער, די פאַראייניקטע שטאַטן אריינ-
גערעכנט. דאָ אין לאַנד איז דער אידייאישער ריס גע-
געווען בעיקר קענטיק אין די שפּראַך-פעדעראַציעס פון
דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, און באזונדערס שטאַרק איז
ער געווען אין די רייען פון דער יידישער סאָציאַליסטי-
שער פעדעראַציע, וועמעס מערהייט איז באשטאַנען פון
היימישע „בונדיסטן“.

סוף 1918 האָט א גרופּע מיטגלידער פון ניו-יאָרקער
דאון-טאַונער ברענטש פון דער יידישער סאָציאַליסטישער
פעדעראַציע געשאפן אן אָפּאָזיציאָנעלן אָרגאַן — „דער
קאַמף“. אין 1919 איז די גרופּע ארויס פון דער פּאַרטיי.
זומער 1919 איז פאָרגעקומען דער ריס אין דער אלגעמיי-
נער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, און די אָפּאָזיציע האָט גע-
גרינדעט די אמעריקאַנער קאָמוניסטישע פּאַרטיי, וועלכע
איז געצוואונגען געוואָרן צו ארבעטן אונטערערדיש. סוף
1921 האָט א צווייטע לינקע גרופּע, „די וואָירקערס עלאַי-
ענס“, זיך אָפּגעשפּאָלטן פון דער אלגעמיינער סאָציאַליס-
טישער פּאַרטיי. די לעגאַלע קאָמוניסטישע אָרגאַניזאַ-
ציע, די „אמעריקאַן לעיבאָר עלאַיענס“ און די „וואָיר-
קערס עלאַיענס“ האָבן סוף 1921 געשאפן א פאַרייניקטע
„וואָירקערס פּאַרטי“. אין דער יידישער סאָציאַליסטישער
פעדעראַציע איז געהאַט פאָרגעקומען א צווייטע שפּאַל-
טונג, און עס איז ביי דער וואָירקערס פּאַרטי געשאַפן
געוואָרן א אידישע פעדעראַציע. אינם יידישן טייל פון
דער וואָירקערס פּאַרטי זיינען אָבער אויך געווען חילוקי-
דעות וועגן פּאָליטישער טאַקטיק. אבער טראָץ די אידיי-
אישע שוועריקייטן האָבן ביידע צדדים מיט פאַרייניקטע
כחות זיך אנטשלאָסן ארויסצוגעבן אן אייגן טאָגבלאַט
אויף יידיש — און דעם 2טן אפּריל, 1922, איז ארויס דער
ערשטער נומער „פרייהייט“.

ניט בלויז אין די יידישע סאָציאַליסטישע רייען זיינען
געווען „לינקע“ און „רעכטע“, נאָר אויך אין אַלע קער-
פּערשאַפטן און אָרגאַניזאַציעס, וואס זיינען געווען א טייל
פון דער יידישער ארבעטער-באַוועגונג. דורכן אויפקום
פון דער „פרייהייט“ האָבן אַלע אָפּאָזיציאָנעלע גרופּעס אין
די יוניאָנס, אין ארבעטער רינג א. א. וו. געקראָגן די מעג-
לעכקייט צו קומען צום וואָרט און צו פירן זייערע קאַמפן.
צו דער יידישער פּרעסע, ווידער, איז צוגעקומען א ציי-
טונג, וואס האָט מיט איר אידעאָלאָגיע און מיט איר אייגע-
נעם זשורנאַליסטישן נוסח אמשטאַרקסטן אפּעלירט צו יע-

נע נייע יידישע אימיגראנטן, וועלכע זיינען איבערגעגאנגען פון קינדהייט צו יוגנט אין א תקופה פון מלחמה און רעוואָלוציע. פון דיזאָזיגע אימיגראנטישע רייען האָט די „פריהייט" געקראָגן א סך פון אירע געטרייסטע לייענערס און נאָכפאָלגערס, וועלכע זיינען געוואָרן מיטגלידער פון דער „וואָרקערס פּארטי" — שפּעטער קאָמוניסטישע פּארטיי — און פון די פארשיידענע אָרגאניזאציעס, וואָס די פּארטיי האָט געשאַפן אויף דער יידישער גאַס, א דאנק דער אגיטאציע פון דער „פריהייט". די צייטונג האָט אירע לייענערס בכלל צוגעבונדן צו זיך, און זיי האָבן ניט געקאַרגט זייערע שווער-פארהאָרעוועטע גראָשענס צו ענטפערן אויף אירע אָן-אויפהעריקע רופן נאָך הילף.

די אָפּאָזיציאָנעלע גרופּעס אין די יוניאָנס און אין ארבעטער רינג האָבן דורך דער דירעקטער הילף אָדער דערמוטיקונג פון דער „פריהייט" גענומען מאָנען רעכט אויף פירערשאַפט. די קאמפן האָבן געפירט צו שפּאַלטונגען אין די ארבעטער-רייען, צום אויפקום פון אָפּאָזיציאָנעלע יוניאָנס און פון אן אייגענער פראטערנאלער אָרגאניזאַציע — דעם „אינטערנאַציאָנאַלן ארבעטער-אָרדן".

די „פריהייט", האָט אין היץ פון פּאָליטישע קאמפן, ניט פארזען דעם באַדייט פון אידישער ליטעראטור און קולטור. מ. אָלגין און שכנא עפּשטיין האָבן זיך באַמיט צוציען פאר מיטארבעטער די סאַמע וויכטיקסטע יידישע דיכטער און בעלעטריסטן. בעת די טירן פון די אנדערע יידישע רעדאקציעס זיינען געווען פארהאַקט אויף שלאָס און ריגל פאר נייע שרייבערישע טאַלאַנטן, האָט די „פריהייט" ניט געקאַרגט קיין אָרט פאר זייערע לידער און דערציילונגען, און אונטער מ. אָלגינס השגחה האָט זיך דערצויגן א גאַנצער דור יידישע דיכטער, דערציילער און עסייאיסטן.

א דאנק דער „פריהייט" איז אויפגעקומען די פּראָלעטארישע ריכטונג אין דער אַמעריקאנער יידישער ליטעראטור. די שרייבער פון דער דאָזיקער ריכטונג זיינען שפּעטער פאראייניקט געוואָרן אין דער גרופּע „פּראָלעט-פּען", וועמעס אויסגאַבעס זיינען איצט וויכטיקע באַשטאַנדטיילן פון דער יידישער ליטעראטור.

אלע קולטור-באַדערפענישן פון דער יידישער ארבעטער יוגנט זיינען באַפרידיקט געוואָרן דורך די אָרגאַניזאציעס און אינסטיטוציעס, וואָס זיינען געשאַפן געוואָרן א דאנק דער „פריהייט". עס זיינען געגרינדעט געוואָרן ארבעטער קלובן, כאָרן, אָרקעסטערס, טעאַטער סטודיעס און אויך דער יידישער ארבעטער אוניווערסיטעט, וואָס האָט א סך יונגע יידישע פּראָלעטאריער געגעבן זייער אַלגעמיינע און יידישע בילדונג. דער אינטערנאַציאָנאַלער ארבעטער-אָרדן, די יידישע ארבעטער-שולן, שפּעטער דער יידישער קולטור-פארבאנד (איקוף) און א גאַנצע ריי אנדערע קערפּערשאַפטן און אינסטיטוציעס זיינען געקומען צום לעבן ווייל די „פריהייט" האָט פאר זיי אויסגעקעמפט די געהעריקע פּאָזיציעס.

דעם 17טן יוני, 1929, איז די „פריהייט" געוואָרן א מאָרגן-צייטונג און זינט דעמאָלט טראָגט זי דעם נאָמען „מאָרגן-פריהייט".

די „מאָרגן-פריהייט" שטייט אַלע יאָרן אויף דער וואַך צו שיצן דעם סאָוועטן-פארבאנד קעגן באַריכטן און מיינונגען, וועלכע זי האַלט פאר פאַלש אָדער שעדלעך. אין דעם פּרט איז איר אויסגעקומען צו פירן די ביטערסטע פּאָלעמיקעס קעגן די אנדערע יידישע צייטונגען און זייערע מיטארבעטערס. די קעמפּערישקייט פון דער „מאָרגן-פריהייט" האָט דערגרייכט די גרעסטע שאַרפקייט ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַזעלכע ענינים ווי יידישע קאָלאָניזאציע אין סאָוועטן-פארבאנד, בירא-בידזשאַן און וועגן דער פּאָליטישער טאַקטיק פון דעם קאָמינטערן אָדער פון דער סאָוועטן-מאַכט. די „מאָרגן-פריהייט" איז קיינמאָל ניט געווען וואַקלדיק אין פּרט פון אָנהאַלטן די פּארטיי-ליניע, אפילו ווען דאָס האָט געמיינט אָנגרייפן נעכטיקע פריינט, איבערבעטן זיך מיט נעכטיקע שונאים אָדער פארלירן לייענערס.

די „מאָרגן פריהייט" האָט איבערגעלעבט א סך קריזיסן, ניט בלויז מאַטעריעלע, נאָר אויך צוליב אירע פּאָליטישע שטעלונגען. צוויי פון די סאַמע שאַרפסטע קריזיסן פון לעצטן מין זיינען פאָרגעקומען ארום געשעענישן, וואָס זיינען געווען ענג פארבונדן מיטן יידישן לעבן.

אין 1929, ווען הונדערטער יידן אין ארץ ישראל זיינען אומגעקומען דורך אַראַבישע הענט, האָט די „מאָרגן פריהייט", אין איינקלאַנג מיט דער קאָמוניסטישער ליניע, אויפגענומען די אראבישע האנדלונג ווי א רעוואָלוציאָנערן אויפשטאַנד קעגן די „ציוניסטישע דינער פון ענגלישן אימפּעריאַליזם". די דאָזיקע שטעלונג האָט געקאָסט דער „פריהייט" מאַסן לייענער און עטלעכע פון די וויכטיקסטע מיטארבעטער זיינען אוועק פון איר. די געבליבענע מיטארבעטער זיינען אויסגעשלאָסן געוואָרן פון י. ל. פּרץ שרייבער-פאַריין. ערשט אין דער תקופה פון „פאראייניקטן פראָנט" האָט די צייטונג צוריקגעוואונען א גרויסן חלק פון איר פריערדיקן פּרעסטיזש און איינפלוס אויף דער יידישער גאַס.

אין 1939, ווען די סאָוועטן-מאַכט האָט געשלאָסן איר אָפּמאַך מיט דער נאַצי-רעגירונג, וועלכע האָט זיך שוין געהאַט געבאָדן אין יידיש בלוט נאָך פאַר'ן אויסברוך פון דער נייער וועלט-מלחמה, — האָט די „מאָרגן פריהייט" פאַרטיידיקט די האנדלונג פון סאָוועטן-פארבאנד, כאָטש דער דאָזיקער פאַקט איז געווען אינגאנצן להיפוך די געפילן פון די יידישע מאַסן. זי האָט דערפאר פארלוירן מיטארבעטער און לייענערס. אָבער די צייטונג איז געבליבן געטריי צו דער דעמאָלדיקער קאָמוניסטישער ליניע.

ווען די נאַציישע האָרדעס זיינען באַפאַלן דעם סאָוועטן-פארבאנד, האָט די „מאָרגן פריהייט", נאַטירלעך, געביטן איר שטעלונג צו דער מלחמה אויף דעמזעלבן שטייגער ווי די קאָמוניסטישע פּרעסע אין גאָר דער וועלט. פון א ריין-פּאַרטייאישער צייטונג איז זי געוואָרן א יידיש

פּאָלקסבלאַט, וואָס קעמפּט איצט לטובת די נאַציאָנאַלע אינטערעסן פון דעם יידישן פאָלק און האָט אַ פּאָזיטיווע באַציאונג צו דער יידישער אויפבוי ארבעט אין ארץ-ישראל.

דער איצטיקער רעדאַקטאָר פון דער „פרייהייט" — זינט מ. אָלגינס טויט — איז פּ. נאָוויק, וואָס איז פריער געווען דער פאַרוואַלטנדיקער רעדאַקטאָר.

זינט איר גרינדונג האָט די „פרייהייט" אַוועקגעגעבן אַ סך מי צו פאַרשפּרייטן וויכטיקע ביכער צווישן אירע לייענערס. זי האָט זיך דערצויגן צו געניסען פון בעסערער ליטעראַטור און צו פאַראַכטן שונד-שרייבערייען.

דער „פרייהייט"-פאַרלאַג האָט אליין ארויסגעגעבן ביכער און די צייטונג האָט דערמוטיקט די אָרגאַניזאַציעס פון דער לינקער באַוועגונג בנוגע פאַרלעגערישע טעטי-קייטן.

די „מאָרגן-פרייהייט" האָט אַ סך פון אירע שאַרפסטע פּאָלעמישע פיילן געוואָרפן אין דער ריכטונג פונם געלן יידישן זשורנאַליזם, און איז דערווייל די איינציקע יידישע טאָגצייטונג, וואָס האָט געוואָגט אָפּצוואַרפן דעם אַלט-מאָדישן יידישן אויסלייג און אָנגענומען די מאָדערנע אָרטאָגראַפיע.

אין איצטיקן מאָמענט, ווען ביי אַ סך פון אונז זיינען נאָך פריש אין זכרון געוויסע שטעלונגען און האַנדלונגען פון דער „מאָרגן-פרייהייט", איז ניט גרינג צו שטעלן זי אונטער אַן אָביעקטיוון ליכט. קוקט מען אָבער אויף דער צייטונג פון אַ היסטאָרישער פּערספּעקטיוו, זעט מען, אַז די „מאָרגן-פרייהייט" האָט אריינגעשריבן אַ גאָר וויכטיק קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון אמעריקאַנער יידישן זשור-נאַליזם.*)

---

*) דער שרייבער פון דעם אַרטיקל האָט קיינמאָל ניט גע-האַט קיין שייכות צו דער קאָמוניסטישער באַוועגונג. אַלס אַ ציוניסט האָט ער באַקעמפּט די יידישע קאָמוניסטן און אַלע אַנ-דערע אַנטי-ציוניסטישע גרופּעס אין יידישן לעבן.



# דאָס „טאַגעבלאַט“ און אָרטאָדאָקסישעס יודענטום אין אַמעריקע

פון גדליה בובליק

ווען די אידישע עמיגראַנטען פון מזרח-אייראָפּע זיינען געקומען קיין אַמעריקע, האָבען זיי געבראַכט מיט זיך א גרויסען גייסטיגען רייכטהום, א ירושה פון טויזענדער יאָהרען, א גרויסע רעליגיע, וואס איז א ציוויליזאַציע אין זיך אליין; א קולטור, וואס האָט געלייגט איר שטעמפּעל אויף דער מענשהייט. די דאָזיגע אימיגראַנטען האָבען געבראַכט מיט זיך די מעכטיגסטע ליטעראַטור אין דער וועלט — דעם תנ״ך, פון וועלכען קיין איד, אין די לענדער פון וואַנען אידען האָבען אויסגעוואַנדערט, איז ניט געווען פרעמד. זיי האבען געבראַכט מיט זיך די שפּראַך וועלכע די נביאים האָבען גערעדט און אין וועלכער די אידען אין די לענדער פון דער אלטער היים האָבען ניט נאָר געדאַווענט, און געשריבען זייערע ספרים, נאָר אין וועלכער זיי האָבען אויך געפיהרט זייערע געשעפטליכע קאָרעספּאָנדענץ. זיי האָבען געבראַכט מיט זיך א פעסטען איינגעאָרדענטען נאַציאָנאַל-רעליגיעזען לעבען, איין אייגענע סיסטעם פון פאָלקס-ערציהונג טויזענדער יאָהרען אַלט. זיי האָבען געבראַכט אַהער אלטע מנהגים, א גאַנצע וועלט-אַנשויאונג, א פעסט-געשטעלטע מאָראַל, ערהאבענע איבערצייגונגען איבער גאָט, וועלט און מענש. זיי האבען געבראַכט מיט זיך א גלאָררייכע פארגאַנגענהייט פון העלדען, פיהרער און לעהרער, פון מארטירער און קדושים און גרויסע טרוימען פון א צוקונפט אין ציון.

אָט דאָס איז געווען דער גייסטיגער באַגאַזש, וואס עס האָבען געבראַכט אריינוואַנדערער פון פוילען, ליטע, אוקראַינע און אלע אַנדערע מקומות, פון וועלכע זיי האָבען אָנגעהויבען צו קומען אין גרעסערע צאָהלען אין דעם לעצטען פערטעל פון פאַרגאַנגענעם יאָהרהונדערט, און עס איז געווען די אויפגאבע דעם דאָזיגען גרויסען גייסטיגען באגאזש אויפצוהאלטען, און ניט פארלירען, אין דער נייער וועלט.

דאָס איז ניט געווען דאָס ערשטע מאָל, וואס די אידען האָבען געוואַנדערט פון פלאַץ צו פלאַץ, און שטענדיג האָבען זיי זייער ירושה איבערגעטראָגען פון לאַנד צו לאַנד און פון איין וועלט-טהייל ביז דעם אַנדערען. אומעטום איז דאָס אידישקייט געגאַנגען מיט דעם אידען, אָדער אין דעם אויסדרוק פון די תלמודיסטען: אומעטום וואו די אידען זיינען געגאַנגען אין גלות איז די שכינה מיט זיי מיטגעגאַנגען. אומעטום איז די שוהל, די תלמוד-תורה, דער בית-המדרש און די ישיבה געקומען אין א לאַנד גלייך מיט די ערשטע אידישע אימיגראַנטען. אומעטום האָט זיך דאָס אידישע לעבען אינגאַנצען געבויט אויף דער רעליגיע און אויף דער נאַציאָן, איז פון דאָס ניי פאַרפלאַנצט געוואָרען אויף יעדען באָדען, אויף וועלכען דער איד האָט געשטעלט זיין פוס. אזוי איז עס געווען אין בבל, אין שפּאַניע, אין פראַנקרייך, אין דער אלטער גערמאַניע, אין פוילען, אין ליטע און אין רוסלאַנד, און אזוי האָט עס אויך געמוזט זיין ווען די אידישע וואַנדערונג האָט דערגרייכט דעם לעצטען פונקט אין מערב, אין אמעריקע.

* * *

אָבער קיינמאָל אין דער געשיכטע פון דעם אידישען פאָלק איז ניט אָנגעקומען אזוי שווער צו איבערטראָגען דאָס אידישקייט און פארפלאַנצען עס אויף נייעם באָדען, ווי אין אמעריקע. א סך אומשטענדען האָבען בייגעטראָגען צו דער דאָזיגער שווערינקייט.

ערשטענס, זיינען אַלע פריהערדיגע אידישע וואַנדערונגען פאָרגעקומען אין א צייט, ווען די גאַנצע וועלט האָט זיך געהאלטען פעסט ביי רעליגיע, און זעלבסטפאַרשטענדליך, אז ביי אידען איז עס געווען געוויס אזוי. אָבער די אידישע וואַנדערונג קיין אמעריקע איז אויסגעקומען אין אַזאַ צייט ווען די פונדאמענטען פון רעליגיע ביי אַלע פעלקער זיינען אויפגעטרייסעלט געוואָרען, אַלס אַ רעזולטאַט פון א פּאָר הונדערט יאָהר „אויפקלעהרונג“. די אידען וואס האָבען געוואנדערט אין דעם לעצטען פערטעל פון דעם ניינצענטען יאָהר-הונדערט און אין דעם אָנפאנג פון צוואַנציגסטען, זיינען געקומען פון לענדער, וואו די רעליגיע האָט שוין פארלאָרען איהר שטארקייט און זיי זיינען געקומען אין א לאַנד, וואו רעליגיע האָט ניט געשפּילט דעם הויפּט מאָטיוו אין דעם לעבען פון די בירגער. די איינוואנדערער אליין זיינען שוין אויך ניט געווען פון די פייערדיגע רעליגיעזע מענשען, ווי אונזערע אבות אבותינו זיינען געווען, ווייל די גאַנץ פרומע אידען זיינען קיין אמעריקע ניט געפאָרען. דערפאַר איז

עס געווען אזוי שווער צו פאַרפלאַנצען אויף דעם נייעם באָדען פון אמעריקע די גרויסע גייסטיגע ירושה וועלכע די אידען האָבען געבראַכט פון מזרח-אייראָפּע.

א צווייטע אורזאכע פאר דער דאָזיגער שוועריגקייט איז געווען די נייע ערשיינונג אין דער געשיכטע פון אידישער וואנדערונג, וואָס אידען זיינען געקומען אין א לאַנד פון א הויכע קולטור און ציוויליזאציע, גאַנץ אַנדערש ווי דעו פאַל איז געווען אין די פריהערדיגע וואנדערונגען פון דעם אידישען פאָלק. אין אַלע יענע וואנדערונגען זיינען אידען געקומען אין לענדער וואו די קולטור איז געווען א נידעריגע, וואו עס האָט ניט עקזיסטירט קיין ברייטע, רייכע, פאַרצווייגטע און אומזיסטע ערציהונגס-סיסטעם. עס איז דארום געווען גרינג פאר די אידען, וואס זיינען געקומען מיט פילע הונדערטע יאָהר צוריק אין פּוילען, ליטע, אוקראינע און ז. וו. צו שאפען גלייך א אידישע ערציהונגס-סיסטעם, ווייל קיין גוי'אישע איז ניט געווען. גאַנץ אַנדערש איז עס געווען אין אמעריקע. אויף מאָרגען נאָך דעם ווי דער איד איז געקומען, איז געשטאַנען פאַר איהם אָפען די אמעריקאנער פּאַבליק-סקוהל און עס איז געווען שווער פאר דעם חדר זיך מיט איר צו פאַרמעסטען. מען האָט געדארפט דערצו האָבען גרויס עקשנות, מוט און קאמפּס-לוסט; און די אָרימע וואנדערער זיינען געווען פאַרנומען מיט די שווערע דאגות פון פרנסה, וואס האָט פאַרשלונגען אַלע זייערע כחות און דאָס האָט שווער געמאכט צו בויען אין דיזען לאַנד א אידישקייט און א אידישען לעבען.

א דריטע אורזאכע, וואס האָט געמאכט די אויפגאבע שווער, איז דער פאַקט, וואָס דער פונדאמענט פון דער אמעריקאנישער ציוויליזאציע איז א מאַטעריאַליסטישער און עס איז דאָ פאראן וויניג פּלאַץ פאר אזא הויך-גייסטיגע קולטור, ווי אידישקייט איז, און עס איז שווער געווען פאר די ערשטע אידישע איינוואנדערער פון מזרח-אייראָפּע זיך צו שטעלען געגען דער דאָזיגער מאַטעריאַליסטישער וועלט-אנשויאונג פון דעם אמעריקאנעם.

א פערטע אורזאכע, וואס האָט שווער געמאכט דעם וועג פאר אידישקייט אין דיזען לאנד איז — דאָס וואָס די אָרטאָדאָקסישע אידען האָבען שוין דאָ געפונען, ווען זיי זיינען געקומען, אן איינגעוואָרצעלטען רעפאָרם-אידענטום, וועלכער האָט פאַרוואָרפען אַלץ וואָס אידיש איז, סיי אין רעליגיעזען און סיי אין נאַציאָנאַלען זין, און די רעפאָרם-אידען זיינען געווען די רייכע און די איינפלוסרייכע און זיי האָבען דוקא געוואָלט פיהרען די איינוואנדערער אויף זייער וועג. זעהר אָפט האָט די „אמעריקאניזאציע", וועלכע זיי האָבען געפּרעדיגט, געמיינט, אז אידען זאָלען זיך אָפּוואַרפען פון די נאַציאָנאַל-רעליגיעזע טראַדיציאָנען, וועלכע זיי האָבען געבראַכט פון די לענדער פון וואַנען זיי זיינען געקומען. זיי האָבען א נאָמען געגעבען דאָס רעפאָרם-יודענטהום, וועלכעס איז געקומען פון דייטשלאַנד מיט דעם נאָמען: „אמעריקאן דזשודאאיזם", און די הילף, וועלכע די דאָזיגע דייטשע אידען האָבען געגעבען צו די איינוואנדערער האָט אויך געזאָלט ווירקען אין א גייסטיגען זין: אז די אידען זאָלען זיך דערווייטערען פון אידישקייט, אזוי ווייט ווי מעגליך.

די פינפטע אורזאכע צו מאכען דעם וועג פאר אידישקייט שווערער אין אַמעריקע. איז צוגעקומען שפּעטער מיט דער כוואַליע פון דער ראַדיקאַלער איינוואנדערונג. פון דעם דאָזיגען לאַגער האָט מען געעפענט אן אָפענעם קאמף געגען דער רעליגיע און געגען אלע טראַדיציאָנען פון אידישקייט, אין דעם נאָמען פון פרייהייט, סאָציאַליזם, פּראָגרעס און ז. וו.

עס איז געווען נויטיג צו פיהרען א מלחמה פאר אידישקייט געגען די אלע שטערונגען, וועלכע מיר האָבען אויסגערעכענט. עס איז געווען נויטיג צו פאַרטיידיגען דעם גייסטיגען פאַרמעגען, וואס אידען האָבען געבראַכט אין דיזען לאַנד. מען האָט געדארפט וועקען דעם אידישען פונק אין די הערצער פון די אימיגראַנטען און ניט לאָזען אז ער זאָל פאַרלאָשען ווערען. מען האָט געדארפט באַקעמפען גלייכגילטיגקייט צו אַלעם וואס אידיש איז. מען האָט געדארפט דערמאנען די איינוואנדערער זייער גרויסען פליכט צום יודענטהום און צו דער אידישער נאַציאָן, און אז זיי זאָלען ניט פארבלענדעט ווערען פון דער שיין פון דער ניי-געוואונענער פרייהייט אום דערפאַר אוועקצוגעבען דאָס הייליגסטע, וואָס די אידישע פאָלק פאַרמאָגט. מען האָט געדארפט שטאַרקען דעם מוט, פאַרפעסטיגען די עקשנות און אויפהאַלטען די ענטשלאָסענהייט ביי די איינוואנדערער צו בלייבען אידען אין אמעריקע.

* * *

די דאָזיגע גרויסע אויפגאבע איז געפאַלען אויף דעם גורל פון דאָס „יידישע טאַגעבלאַט", אַן אויפגאַבע, וועלכע זי האָט ערפילט אין די צעהנדליגע יאָהרען פון איר עקזיסטענץ, און וועלכע וועט געוויס אָפּגעשאַצט ווערען אין דער געשיכטע פון די אידען אין דיזער לאַנד.

דאָס „טאַגעבלאַט" האָט באַקעמפט די רעפאָרם-ראַבייס, וואָס האָבען געזוכט מיט אַלע כוחות צו באַאיינפלוסען די אידישע איינוואנדערער. זי האָט זיך ניט דערשראָקען פאר די טאַלאַנטפולע פּרעדיגער, וואָס די רעפאָרם האָט פאַרמאָגט און האָט אָנגעוויזען אויף די ליידיגקייט אזוי גוט ווי אויף דער לעכערליכקייט פון רעפאָרם יודענטהום. וועהרענד דאָס „טאַגעבלאַט" האָט געהאַט גוטע ווערטער פאר די גוטע מעשים אויף דעם פעלד פון טשאַריטי, וועלכע די רייכע רעפאָרמירטע אידען האָבען געטאָן — איז זי אבער געשטאַנען געגען אירגענד וועלכען גייסטיגען איינפלוס, וואס די דאָזיגע רייכע לייט, וועלכע מען האָט דאן אָנגערופען די „פינפטע עוועניו", אָדער „יאַהודים", האָבען געוואָלט ארויפוואַרפען אויף די אידען פון דער „איסט-סייד".

אין דער זעלבער צייט האָט דאָס „טאַגעבלאַט" געפיהרט א מלחמה געגען די ראַדיקאַלען פון יענער צייט, ווען עס איז געוואָרען א מנהג ביי דעם דאָזיגען פליגעל

צו פּראַווען יום-כיפּור בעלער. דאָס „טאַגעבלאַט" האָט באַקעמפט די פּראָפּאַגאַנדע פאַר „פרייע ליבע" און האָט ניט מורא געהאַט ארויסצוטרעטען פאַר דער פאַרטיידיגונג פון דער אַלטער אידישער טהרת-המשפּחה, וואָס איז געוואָרען א וואָרט פון אפּלאַכונג אין געוויסע קרייזען פון דעם אידישען קווארטאַל.

דאָס „טאַגעבלאַט" האָט ערמוטיגט די גרינדונג פון תלמוד תורה׳ס, ישיבות, חברות-ש״ס און חברות-משניות און האָט ארויסגערופען ליבשאַפט און דרך-ארץ פאַר דעם אידישען ספר, וועלכער איז שטענדיג געוועזן א זייל פון יודענטהום. זי האָט ערמוטיגט רבנים און גדולי-תורה, וואָס זיינען געקומען אהער און האָט געזוכט צו מאַכען זייער וועג אין דעם נייעם לאַנד לייכטער. דאָס „טאַגע-בלאַט" האָט באַזונגען די שיינע מעלות פון דעם אידי-שען טראַדיציאָנעלען מענשען, דעם בעל-מלאכה, דעם בעל-הבית, דעם תלמיד-חכם, און האָט שטענדיג געזוכט אָנצוהאַלטען א נאָהענטע פאַרבינדונג פון דעם אמערי-קאַנעם אידען מיט דעם אידישען לעבען פון דער אַלטער היים, אום דאָס אידישע לעבען אין אַמעריקע זאָל זיין, אזוי ווייט ווי מעגליך, א פאָרטזעצונג פון דאָס אידיש-קייט אין דער אלטער וועלט.

*   *   *

איך וויל זיך דאָ נאָר אָפּשטעלען אויף אייניגע מאָ-מענטען פון די פיר און צוואַנציג יאָהר, וועלכע איך בין געווען פאַרבונדען מיט דאָס „טאַגעבלאַט" (1904-1928).

אין 1906 האָט דאָס „טאַגעבלאַט" געפיהרט א פּראָ-פּאַגאַנדע, אַז מען זאָלי אין די סקוהלס פון די איסט-סייד פאַר קריסטמאַס ניט זינגען קיין קריסטליכע סאָנגס און ווען מען האָט דאָס ניט אויפגעהערט צו טאָן אין די סקוהלס — איז דאָס „טאַגעבלאַט" ארויס מיט א רוף צו די אידישע עלטערען מען זאָל ניט שיקען די קינדער אין סקוהל ביז מען וועט עס אויפהערען. די איסט-סייד האָט געפאָלגט: אכציג פּראָצענט פון די קינדער אין די סקוהלס האָבען געפעלט. די גאַנצע ענגלישע פּרעסע האָט דערפון גערעדט און די מעהרסטע צייטונגען האָבען גע-געבען די אידען גערעכט.

דאָס „טאַגעבלאַט" האָט שטענדיג באַקעמפט דעם „מנהג" פון די רעפאָרם ראַביים צו דרשנ׳ען וועגן נוצרי אין מאָנאַט דעצעמבער. ארום 1910 האָבען צוויי מיט-גלידער פון דער „אַמעריקאַן דזשואיש קאָמיטע" ערקלערט פאַר א סענאַט-קאָמיטע, אַז אידען זיינען ניט קיין נאַציאָן. דאָס „טאַגעבלאַט" האָט געעפענט א קאַמף געגען זיי. ענד-ליך האָט מר. מארשאל געמוזט ערקלערען, אַז די ערקלע-רונג איז געווען בלויז א פּערזענליכע און ניט אין נאָמען פון אירגענד וועלכער גרופּע אָדער אָרגאַניזאַציע.

דער באַריהמטער פילאַנטראָפּ יעקב שיף פלעגט ביטער אַטאַקירען דעם ציוניזם. אין 1917 האָט דאָס „טאַגע-בלאַט" איהם אזוי שאַרף אַטאַקירט, אַז ער האָט נאָכדעם ערקלערט, אַז ער וועט מעהר קיין סטייטמענטס איבער די-זען ענין ניט ארויסגעבען—און ער האָט געהאַלטען וואָרט. אין 1915 איז דאָס „טאַגעבלאַט" ארויסגעטראָטען מיט דעם פּלאַן צו שאַפען דעם אידישען קאָנגרעס אין אמע-ריקע, צו ברייגנען די אידישע פאָדערונגען פאַר ארץ-ישראל און פאַר רעכט צו דער פרידענס-קאָנפערענץ, און זי האָט ניט אויפגעגעבען דעם קאַמף ביז די אידייע איז געקרוינט געוואָרען מיט ערפאָלג, טראָץ דער שטאַרקער אָפּאָזיציע פון די אידישע מאַגנאַטען, וועלכע זיינען נאָכ-דעם אליין אויך אריין אין קאָנגרעס.



# די „ווארהייט“

איהר רעדאקטאָר לואי מילער און זיין טומעלדיגע קאַריערע. — זיין פאַרבינדונג מיט׳ן „פאָרווערטס”. — מילער׳ס ירידה אין דער ערשטער וועלט-מלחמה און דער טרויעריגער סוף פון זיין לעבען.

פון ד. קאַפּלאַן

איינער פון די סאמע טעטיגסטע טאַלאנטען און פארבענרייכסטע פערזענליכקייטען אין דעם אידישען זשורנאַליזם פון אמעריקע איז געווען לואי מילער, דער רעדאקטאָר פון דער טעגליכער צייטונג „ווארהייט“ און אנדערע צייטשריפטען. זיין זשורנאַליסטישע קאַריערע, וועלכע פארנעמט א משך פון א פיר צעהנדליג יאָהר צייט, איז געווען זעהר א טומעלדיגע, פול מיט אומאויפהערליכע שטרייטען און שריפטליכע פייערקרעקערס רעכטס און לינקס.

די דאָזיגע קאַריערע האָב איך צוגעקוקט פון דעם ערשטען טאָג, ווי איך בין אהער געקומען, מיט פינף און פערציג יאָהר צוריק. באלד ווי איך בין אראָפּ פון שיף, בין איך אוועק באזוכען מיין פריינט (און רבי׳ן) פון דער היים אברהם ליעסין, און האָב דאָרט געטראָפען מילער׳ן. ער איז נאָך דאן געווען פארבונדען מיט׳ן „פאָרווערטס“ און מיט דער היגער סאָציאליסטישער און ארבייטער-באַוועגונג. באלד נאָכדעם האָב איך געהערט זיינע א רעדע אויף א „פאָרווערטס“ יום-טוב. ער איז געווען א גלענצענדער רעדנער, אפשר נאָך א בעסערער ווי א לייט-אַרטיקעל-שרייבער, וואס ער האָט געהאט א שם אלס איינער פון די סאמע בעסטע אויף דער אידישער גאַס.

אין דער דאָזיגער רעדע זיינער, געדענק איך, האָט ער פארגליכען דעם „פאָרווערטס“ מיט דער פראָטעסטאַנטישער באוועגונג אין אייראָפּע געגען דער פינסטערער מאכט פון דער קאַטוילישער קירך. דער „פאָרווערטס“ איז געווען אן אויסדרוק פון אן עהנליכען גייסט פון פראָטעסט געגען דעם דאגמאטיש-פארגליווערטען סאָציאליזם פון דעניעל דע ליאָן און זיין „עם-על-פּי.“

גערעדט האָט ער מיט קיילעכדיג-געטאָקטע פראַזען, אָבער אויך מיט א היציגער באגייסטערונג, וואס האָט אָנשטעקענד פארכאפּט דעם געמיטה פון דעם פארזאַמעלטען עולם. ער האָט אין א באַדייטענדען גראד באזעסען דעם מאַגנעטישען כח פון א גרויסען אָראַטאָר, אָנצוצינדען ביים צוהערער באגייסטערונג און מאכען איהם גלויבען אין דעם רעדנער׳ס רייד. אפשר האָט טאקע מילער אליין אויך געגלויבט אין דעם, וואס ער האָט אין דער הייסער רגע ארויסגעזאָגט מיט אזויפיל ברען און התלהבות. שפּעטער אָבער, ווען ער איז אַוועק פון „פאָרווערטס“ און געגרינדעט אן אָפּאָזיציע-צייטונג, די „ווארהייט“, האָט ער מיט אן עהנליכער התלהבות און אויגענשיינליכער אמונה אין זיינע רייד פארדאַמט און געשימפּפט אַלץ, וואס ער האָט פריהער הייליג און פייערדיג געפּרעדיגט.

אין די ערשטע פּאָר יאָהר פון דעם יאהרהונדערט איז אין „פאָרווערטס“ ניט געווען קיין שטענדיגער רעדאקטאָר. אַלע וויילע, כמעט יעדען מאָנטאג און דאָנערשטאג, ווי מ׳זאָגט, האָט דעם רעדאקטאָר-שטול פארנומען אימיצער אַנדערש. אין 1902 איז אב. קאַהאַן געוואָרען רעדאקטאָר און איז פארבליבען עד היום. אַפּנים, אז פאר אזוינע צוויי פערזענליכקייטען מיט פייערדיגע טעמפּעראמענטען ווי קאהאן און מילער איז שווער געווען איינצוהאלטען זיך אין איין רעדאקציע, הגם קאַהאַן האָט געגעבען מילער׳ן פולע פרייהייט צו שרייבען וואס און ווי ער וויל. אין די דיספּוטען וועגען דעם דראמאטורג יעקב גאָרדין, למשל, אין וועלכע קאהאן האָט אָנגעוויזען אויף די שוואַכע זייטען פון גאָרדין׳ס ווערק, האָט מילער (אין „פאָרווערטס“) פארטיידיגט גאָרדינ׳ען.

מילער און קאַהאַן האָבען ניט געשטימט, און די הויפּטזאך: מילער׳ס טעטיגע, קאָכעדיגע נאַטור האָט זיך ניט באַנוגענט מיט פארבלייבען נאָר א שרייבער אין אַ צייטונג. ער האָט אייגענטליך געהאט נאָך א באשעפטיגונג, לאָיעריי, אָבער ער האָט פון איהר קיין באַזונדערע גליקען ניט געמאכט.

איז ער אוועק און געגרינדעט אן אייגענע טעגליכע צייטונג, די „ווארהייט“. דאָס איז געווען אין 1905. זיין אויסזיכט איז געווען צו שפּאלטען די סאָציאליסטישע באַוועגונג, אריבערנעמען א טייל אויף זיין זייט און, פארשטעהט זיך, אוועקרייסען לעזער פונ׳ם „פאָרווערטס“. האָט ער אין אָנהויב געזוכט צו חבר׳ן זיך מיט סאָציאליסטישע און טרעיד-יוניאָן פאָרשטעהער און אָנהאלטען אַ סאָציאליסטישע פּאליסי. שפּאלטען די באוועגונג איז איהם אבער ניט געלונגען, הגם די ווארהייט איז גיך געוואָרען א גרויסע צייטונג (האָט כמעט אָנגעיאָגט דעם „פאָרווערטס“ אין צירקולאציע). די באוועגונג האָט מילער׳ן ניט אנערקענט, אָבגעשטויסען פון זיך. האָט מילער ביסלעכווייז זיך אָבגעניינגט פונ׳ם סאָציאליזם, גענומען קריכען אויף אנדערע דרכים, ביז ער האָט זיך אראָפּגע-

גליטשט אַזש צו דער קאָרופּטירטער טעמעני-האָל, וועלכע איז דאַן דורכגעווייקט געווען מיט די ערגסטע בודעל-פּאָליטיק. ער האָט עס, נאַטירליך, געפּרואווט פאַרטיידיגען מיט דעם אויסרייד פון פּרעסע-פרייהייט. אבער יעדער איינער האָט געקענט זעהן, אז ער מיינט ניט די הגדה נאָר די קניידלאַך.

אזוי ווי זיין נייע צייטונג האָט מילער געגרינדעט איבערהויפּט מיט׳ן צוועק צו באקעמפען דעם „פאָרווערטס“, האָט ער גענומען ארונטערצורייסען דעם „פאָרווערטס“ און ספּעציעל דעם רעדאקטאָר, אב. קאהאן, גלייך ווי די „ווארהייט“ האָט אָנגעהויבען ערשיינען. אין די דאָזיגע זשורנאַליסטישע שלאַכטען האָט זיך מילער׳ס אגרעסיווע נאַטור געפיהלט ווי א פיש אין וואסער. ער האָט געהאט אַ שם פאר א מארים אויף דעם געביט.

דער „פאָרווערטס“, פארשטעהט זיך, האָט עס איהם ניט פארשוויגען, דערלאנגט א גאָב פאר יעדען אָנגריף. די רעדאקטאָרען פון די צוויי דאמאָלסט-פּראָמינענטסטע אידישע צייטונגען האָבען איינער דעם אנדערען ניט געשאַנעוועט, אזוי נישקשה׳דיג זיך דורכגעשמאָסען מיט בייסענדע זידלערייען און פעפערדיגע עפּיטעטען. אָפט פון א גאַנץ פּריקרען פּערזענלעכן כאראקטער, וואס האָט קיין צד ניט פארשאפט קיין כבוד אין די אויגען פון דעם בעסערען עולם לייענער.

מילער איז געווען א זעהר פעהיגער מענש און ביים פיהרען די רעדאקציע האָט ער ארויסגעוויזען זיינע פעהיגקייטען. ער האָט צו דער „ווארהייט“ צוגעצויגען אַ צאָל פעהיגע זשורנאַליסטען און אויך עטלאכע שרייבער מיט נעמען, פאר׳ן פּרעסטיזש פון דער צייטונג, ווי דר. חיים זשיטלאָווסקי, דר. נ. סירקין, בער באָראָכאָוו און אַנדערע. די „ווארהייט“ איז מיט דער צייט געוואָרען אַן אָנגעזעהענע און פּאָפּולערע צייטונג.

צעהן יאָהר צייט איז עס געגאנגען גוט. אידישע אימיגראַנטען פון דער אנדער זייט ים זיינען מיט יעדער שיף אָנגעקומען אין די טויזענטער. די „ווארהייט“, ווי אַנדערע צייטונגען, איז געוואקסען אין צירקולאַציע, און מ׳האָט געטאָן גלענצענדע געשעפטען. דער פעהיגער רעדאקטאָר מילער האָט זיך אבער ארויסגעוויזען פאר ניט קיין פעהיגען ביזנעסמאַן. רעדאקטאָר איז ער טאַקע געווען דער איינציגער פון דער צייטונג, אבער ניט דער איינציגער אייגענטימער. ער האָט געהאט שותפים אין דעם געשעפט, די ברידער פּאַלעי און ל. שמוקלער. זיי זיינען ניט געווען קיין צייטונגס-מענשען און אויף דער „ווארהייט“ האָבען זיי געקוקט ווי א געשעפט נאָר, צו מאכען וואס מעהר פּראָפיט. האָבען זיי זיך באַזאָרגט, אז זיי און ניט מילער זאָלען האָבען די דעה איבער דעם געשעפט. און ווען ס׳איז געקומען א שווערער מאָמענט, מילער׳ס פּאָליסי האָט געשאַדט די ביזנעס פון דער „ווארהייט“, האָבען זיי מילער׳ן ארויסגעשטופּט, געבעטען במחילה צו פארלאָזען דעם רעדאקטאָר-שטול.

דאָס איז געווען אין 1915, דעם ערשטען יאָהר פון דער פריהערדיגער וועלט-מלחמה. ווי איהר געדענקט זיכער, האָט די אידישע באפעלקערונג פון אמעריקע דאַן געהאלטען שטארק מיט דייטשלאַנד און געגען רוסלאַנד, ניט אזוי מאהבת מרדכי נאָר משנאת המן. מ׳איז געווען פאר דייטשלאַנד הויפּטזעכליך, ווייל די אידען זיינען געווען אש להבה געגען דער צארישער רוסלאַנד, וועלכע האָט אַזויפיל אונטערדריקט און פארפאָלגט די אידען. אלע אידישע צייטונגען האָבען כסדר פּראָפּאגאנדירט פאר דייטשלאַנד.

האָט זיך מילער׳ן פארוואָלט זיין א חכם, קליגער פון אלעמען, און ער האָט גענומען שרייבען און כשר׳ן דעם בונד פון די עלאַיִם מיט׳ן רוסישען צאַריזם. טאָג-איין, טאָג-אויס האָט ער באָמבאַרדירט מיט עדיטאָריעלס און אזוי ארטיקלען, אז דער אידישער עולם זאָל זיך שטעלען אויפ׳ן זייט פון די עלאַיִם צוזאמען מיט רוסלאַנד. איהר קענט זיך פאָרשטעלען, וואס אין די אידישע קווארטאלען האָט זיך דאַן אָבגעטאָן. מ׳האָט געמיינט, אז דער רעדאקטאָר פון דער „ווארהייט“ איז ר״ל אראָפּ פון זינען, און ניט נאָר די אריבערגעקומענע אידען פון רוסלאַנד זיינען געווען גוואלדיג אויפגעבראכט פון מילער׳ס שטעלונג צו דער מלחמה, אויך די דייטשע און עסטרייכישע אידען דאָ אין לאַנד האָבען פון אלע זייטען פּראָטעסטירט. די אידען אין דייטשלאַנד און עסטרייך-אונגאַרן האָבען דאָך געהאט גלייכע רעכטע, ניט ווי די אידען אין רוסלאַנד. פון דער דייטשער קולטור האָבען זיי געהאלטען הרים וגבעות. דעם עסטרייכישען קייזער פראנץ יאָזעף האָבען די אידען גערופען מלך חסד.

מ׳האָט זיך ניט באנוגענט מיט פּראָטעסטען אליין, אָדער מיט אוועקוואַרפען לייענען די „ווארהייט“. אין די אידישע קווארטאלען, באזונדערס אין די גאַליציאַנער, האָט מען גענומען ברענען אין די גאסען פּעקלאַך צייטונגען פון דער „ווארהייט“. אין א גאַנץ קורצער צייט איז די צירקולאַציע פון דער „ווארהייט“ אזויפיל געפאַלען, אַז ס׳האָט אויסגעדוכט זי געהט באַלד אונטער.

איז געוואָרען א בהלה אין אָפיס פון דער „ווארהייט“. די דערמאָנטע שותפים מילער׳ס האָבען געמאכט א גוואלד. ס׳האָט אבער ניט געהאָלפען קיין רייד און קיין טענות. מילער, לויט זיין טבע, איז פארבליבען איינגע׳עקשנ׳ט, ניט געוואָלט בייטען זיין פּאָליסי בנוגע דער מלחמה. ער איז געווען איבערצייגט, און געוואָלט זיי אויך איבערצייגען, אז ער האָט רעכט, אז זיין שטעלונג איז א ריכטיגע און א קלוגע. האָבען די שותפים ניט געמאכט קיין שיהות און ארונטערגעזעצט איהם פון טראָהן. זיי האָבען געהאט די דעה, דעם גרעסערען צאָל שערס אין דעם געשעפט.

פאר רעדאקטאָר האָבען זיי אָנגעשטעלט מילער׳ס ארויסהעלפער, יצחק גאָניקמאַן (אַן אמאָליגער שאפּ-ארבייטער, וועמען אב. קאהאן האָט געמאכט פאר א שרייבער). מילער האָט געדענקט, אז אָהן איהם וועט מען די צייטונג ניט קענען ארויסגעבען און מ׳וועט אין גיכען קומען צו איהם זיך בעטען, ער זאָל ווידער ווערען רעדאק-

טאָר. ער האָט אבער א טעות געהאט. די צייטונג איז אַרויס אָהן איהם. אום צו געווינען צוריק די פארלאָרענע צירקולאַציע, איינצוקויפען זיך אין לאסקע ביי די אידישע לייענער, האָט מען אָנגעשטעלט נאָך א פּאָר שרייבער, וועלכע האָבען געגומען גיסען פּעך און שוועבעל אויף דער טיראַנישער צארישער רוסלאנד און לויבען דייטשלאנד. דאָס האָט אביסעל געהאָלפען, אבער ניט פיל. די „ווארהייט" איז שוין געווען אזוי פארהאַסט, אז אפילו ווען זי האָט שוין געביטען איהר פאליסי, האָט מען זיך ניט געוואָלט מעהר אויף איהר אומקוקען.

מילער האָט געזעהן, אז ער האָט פארשפּילט. די „ווארהייט" קען און וועט שוין אויסקומען אָהן איהם. האָט ער באשלאָסען צו גרינדען א נייע צייטונג, צו ווייזען זיינע געוועזענע שותפים וואָס ער קען, דאָס הייסט: צו רואינירען די „ווארהייט", פּונקט ווי ער האָט אמאָל געגרינדעט די „ווארהייט", דענקענדיג, אז ער וועט רואינירען דעם „פאָרווערטס".

די נייע צייטונג האָט געהייסען „דער פיהרער". איהם איז געלונגען אריבערצונעמען צו זיך א צאָל פון די „ווארהייט"-מיטאַרבייטער, וועלכע האָבען געהאט א געוויסע באַציהונג צו איהם פערזענליך און געגלויבט נאָך אין זיינע רעדאקטאָרישע כחות. די צייט איז אבער שוין ניט געווען גינסטיג פאר דעם וואוקס פון א צייטונג. די אימיגראציע איז צוליב'ן קריג כמעט אין גאנצן אָפּגעשטעלט געוואָרען. די חסידים-לייענער זיינע, וואס ער האָט אמאָל געהאַט, האָט ער מיט זיינע אייגענע הענט פארשטויסען פון זיך. די געשעפטען זיינען געגאַנגען שלעכט. האָט „דער פיהרער" אין עטלאכע מאָנאט ארום אויסגעהויכט זיין לעצטען אָטהעם.

ס'פארשטעהט זיך, אז ער האָט ניט געקענט רוהען. דאָס איז ניט געווען אין זיין נאַטור. האָט ער ווייטער געזוכט צו רעדאקטירען עפּעס, ארויסגעבען כאָטש א צייט-שריפט. א צוויי יאָהר שפּעטער האָט ער גענומען ארויסגעבען א וואָכענשריפט, אונטער'ן נאָמען „מילער'ס וואָכענשריפט". קיין באזונדער רושם האָט זי ניט געמאכט, נאָר אזוי ווי אונזער לאנד איז שוין אריינגעטראָטען אין דעם קריג (דאָס איז געווען אין 1917) און מילער האָט דאָך שטענדיג געהאלטען מיט די עלאַיס, האָט ער געקראָגען אביסעל שטיצע פון דער רעגירונג, דורך קריגס-אַדווערטאַיזמענטס, און די וואָכענשריפט האָט געזשיפּעט ביי א יאָהר צייט.

עטלאכע יאָהר זיינען אריבער, און ער האָט גאָר ניט געטאָן, ד. ה. גיט ארויסגעגעבען קיין שריפט. רוהען האָט ער אָבער ניט געקענט, הגם ער איז שוין געווען עלטער און שוואַכער. דורך דער צייט האָט די „ווארהייט" זיך פאַרשמאָלצען מיט דער ניי-אויפגעקומענער צייטונג „דער טאָג". אַזוי ווי דער „טאָג" האָט ניט געוואָלט איבערנעמען די געביידע פון דער „ווארהייט", אין 155 איסט בראָדוועי (אַ פּאָר יאָהר איז דאָרט ארויסגעגעבען געוואָרען „די צייט" פון דער פּועלי-ציוניסטישער פּאַרטיי), האָט מילער אריינגעקראָגען די דאָזיגע געביידע און גענומען ארויסגעבען א צייטונג, די „נייע ווארהייט". זי האָט אָנגעהויבען ערשיינען אין מערץ, 1925. ער האָט צוגעצויגען עטלאכע שרייבער, אלטע פריינט זיינע, אבער די צייטונג האָט אויסגעזעהן שוואך, בלוטלאָז. דערצו זיינען נאָך פאָרגעקומען קריגערייען צווישען איהם און זיינע מיטארבייטער, קריגערייען איבער געלט-פראגען, וואס זיינען אריין אַזש אין געריכט. דאָך האָט די „נייע ווארהייט" זיך געהאלטען א חדשים אַכט.

מעהר האָט מילער ניט געפּרובירט צו רעדאקטירען און אַרויסגעבען עפּעס א שריפט. אין די עטלאכע יאָהר פון זיין גלאנץ האָט ער געמאכט גענוג געלט צו קענען זיין מאַטעריעל פארזאָרגט אויף דער עלטער. אָבער ער האָט זיין געלט פארטאכלעוועט אויף די צייטשריפטען, וואס ער האָט כסדר געזוכט ארויסצוגעבען, אום ווידער ארויפצושטייגען. אויף דער עלטער פלעגט מען איהם אָפּט טרעפען אויף איסט בראָדוועי, וואוהין ס'האָט איהם, קענטיג, אליץ געצויגען. ער האָט אויסגעזעהן א טראַגישע געשטאַלט, אַ פעלדמאַרשאַל, וואָס האָט פארלאָרען א מלחמה, אפשר ווי נאַפּאָלעאָן נאָכ'ן דורכפאל אין וואטערלאָאָ. מ'פלעגט איהם טאקע אמאָל רופען דער נאַפּאָלעאָן פון דער אידישער צייטונגס-וועלט, וואס ער האָט זעהר ליב געהאט צו הערען.

נאָך טראַגישער איז געוואָרען זיין לאגע, ווען ער איז קראנק געוואָרען און מ'האָט איהם ארונטערגענומען א פוס. אין 1928 איז ער געשטאָרבען.



# די יידישע ליטעראַטור און די יידישע פּרעסע

פון א. גלאַנץ-לעיעלעס

1.

פינף-און-זיבעציק יאָר יידישע פּרעסע אין אמעריקע — דאָס איז די גרויסע, די פייערלעכע דאַטע נישט בלויז פאַר דער יידישער פּעריאָדישער שריפט אין אָט דעם נייעם לאַנד, נאָר אויך פאַר דער יידישער ליטעראַטור דאָ — בעלעטריסטיק, פּאָעזיע, דראַמע, קריטיק. אין סאַמע פולסטן זינען פון דעם וואָרט. אַ באַקאַנטשאַפט מיט די ווערק פון די, וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט דער געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור דאָ אין לאַנד, אַנטפּלעקט פון דעם ערשטן מאָמענט אָן, אַז די יידישע ליטעראַטור איז אבסאָלוט נישט אָפּצוטיילן פון דער יידישער פּרעסע. ווער עס איז היינט אַ יידישער דיכטער, ראָמאַניסט אָדער קריטיקער אין אמעריקע, דער מוז פילן אַ דאַנקבאַרקייט צו דער יידישער פּרעסע, אויב ער האָט נאָר דעם מינדסטן היסטאָרישן חוש, אויב ער וויל וויסן פונוואַנען ער איז, אזוי צו זאָגן, געוואַקסן.

עס איז אזוי נישט דער פאַל מיט אַנדערע ליטעראַטורן. עס איז אויך נישט אזוי געווען מיט דער יידישער ליטעראַטור אין אייראָפּע, אין דער אמאָליגער צאַרישער אימפּעריע, אין דער געוועזענער עסטרייך-אונגאַרן, אין רו־מעניע, אין דייטשלאַנד. אומעטום אין דער אַלטער וועלט, סיי ביי די אומות העולם סיי ביי אונז גופא, איז פריער געווען דאָס בוך און ערשט שפּעטער די צייטונג.

אָבער דאָ אין אמעריקע איז די יידישע ליטעראַטור געקומען אינאיינעם און אויך אַ דאַנק דער יידישער פּרעסע. דאָס ווייזן אָן אַלע די, וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט דעם ענין. צי דאָס זיינען געווען קאָרעספּאָנדענטן פון אמעריקע אין די יידישע, העברעאישע אָדער רוסישע אויסגאַבעס פון רוסלאַנד, אַ שטייגער דער באַגאַבטער, פרי-פאַרשטאָרבענער קריטיקער ה. אַלעקסאַנדראָוו (ה. מילער); אָדער היגע יידישע שרייבער אין זייערע זכרונות, ווי אב. קאַהאַן, לעאָן קאָברין, יעקב מילך, י. גוידא (גאָרין), יחזקאל שרהזאָן, און נאָך און נאָך; אָדער אזוינע, וואָס האָבן דירעקט געשריבן פאָרשערישע ווערק וועגן די אָנהייבן פון דער יידישער ליטעראַטור אין אמעריקע, ווי: ש. ניגער, קלמן מרמר, משה שטאַרקמאַן, יעקב שאַצקי, נ. ב. מינקאָוו, אליהו שולמאַן און אַנדערע — אַלע באַטאָנען זיי אָט דעם פאַקט. „די אַמעריקאַנער יידישע פּרעסע איז אַ לאַנגע צייט געווען די דאָמינירנדיקע פאָרם פונם געדרוקטן יידישן וואָרט אין אמעריקע און די יידישע ליטעראַטור — דאָס איז געווען די יידישע פּרעסע". אזוי שרייבט ש. ניגער אין דער „אַלגעמיינער ענציקלאָפּעדיע" (באַנד „יידן" ג, עמוד 121).

אַז די פּרעסע איז פאָרויסגעגאַנגען דעם יידישן בוך אין אמעריקע, קאָן מען אויך זען פּשוט פון דעם לוח, פון די דאַטן. די ערשטע יידישע צייטונג, די וועכנטלעכע „פּאָסט" איז דאָ ארויס אין 1870 (דאָס איז דאָך די דאַטע פון אונדזער איצטיקער פייערונג — 75 יאָר), אָבער די ערשטע יידישע ביכער אויפ׳ן אמעריקאַנער באָדן זיינען געקומען מיט זיבן יאָר שפּעטער. דאָס זיינען געווען לידער פון יעקב צבי סאָבעל און אַ בוך וועגן יעזוס׳ן פון א. זילבערשטיין. דורך דער פּרעסע איז מען געקומען צו דער ליטעראַטור. און געקומען צו איר איז מען דער עיקר צוליב אוטיליטאַרישע טעמים. מיט דער אויסנאַם פון די סאַמע ערשטע יאָרן זינט עס האָט זיך אין אמעריקע באַוויזן דאָס געדרוקטע יידישע וואָרט, איז די יידישע פּרעסע איינגעשטאַנען דער עיקר אין די הענט פון ראַדיקאַלן — סאָציאַליסטן אָדער אַנאַרכיסטן. די ראַדיקאַלן האָבן זיך בלב ונפש אָפּגעגעבן דער אויפקלערונג און פּראָפּאַגאַנדע צווישן די יידישע אימיגראַנטן, וואָס האָבן זינט די אכציקער יאָרן פון 19טן יאָרהונדערט אָנגעהויבן צו קומען אַהער אין אַלץ גרעסערע און העכערע כוואַליעס. פאַר דער אויפקלערונג פון דער אימיגראַנטישע מאַסע, האָט די ראַדיקאַלע אינטעליגענץ געהאַלטן, דאַרף מען האָבן נישט בלויז אַרטיקלען און אָפּהאַנדלונגען, נאָר אויך ראָמאַנען, דערציילונגען און שירים, און — מען האָט זיי אָנגעהויבן זוכן. ווען מען האָט אין אָנהייב נישט אזוי שנעל געפונען; ווען מען האָט געפונען בלויז איינצעלנע, אַשטייגער מאָריס ווינטשעווסקי׳ן, וואס האָט נאָך אין לאָנדאָן אָנגעהויבן שרייבן לידער (דערביי גאַנץ „שטאַרקע" אינהאַלטלעך, און גאַנץ פיינע לויט דער פאָרם, ווערדליק יענער צייט, ווי עס האָט פאַר מיר יערנפאַלס דוראויס איבערצייגנדיק באַוויזן נ. ב. מינקאָוו); ווען דער דוחק אין בעלעטריסטיק איז געווען גאָר שאַרף, האָבן די אַגיטאַטאָרן, אויפקלערער און ראַדיקאַלע פּובליציסטן אָפט אַליין פאַרקאַשערט די אַרבל און זיך גענומען צושטעלן דיכטערישן שטאָף.

ווער האָט דעמאָלט נישט געשריבן לידער און דערציילונגען? מאָריס הילקוויט און אב. קאַהאַן, הלל זאָלאַטאַראָוו און טשאַרלז ראַיעווסקי, לעאָן זאַלאַטקאָוו און בנימין פייגנבוים. וועגן אַ געצל זעליקאָוויטש איז אָפּגערעדט. אַז מען האָט געדאַרפט, אַז דער צוועק האָט גע-


שיר זָהָב 56091
לכבוד
יִשְׂרָאֵל הַזָּקֵן׃
אֲשֶׁר שָׁר
„O. sage nur Jedem
Es offen und frei:
Ein Jude nun bin ich
Und bleib' es getreu!—"
יַעֲקֹב צְבִי סָאבֶּעל
מְחַבֵּר
סֵפֶר הַחֹזֶה חֶזְיוֹנוֹת בְּאַרְבָּעָה עוֹלָמוֹת׃
איבער זעטצט אין יודיש דייטש,
יִשְׂרָאֵל דֶער אַלְטֶע,
דיעזע גאָלדענע ליעדער,
אָה, מיינע ליעבען ברידער!
נעשריעבען מיט ענערגיא,
צו איבער ציינען ריכטיג,
וויא הערליך אונד וויכטיג,
איזט יודישער פּאָעזיא.
דאס דיא היילינע שפּראַכע,
איזט דיא איינציגע זאַכע,
וועלכע מיט אונז וואונדער טהוט;
דאס ווען דיעזע שפּראַכע בליהט,
דאן וויים דער איזראַעליט,
ער האט קוראַז, שטאָלץ אונד מוטה!
נעדרוקט בייא מ. טאפאלאווסקי, 112 קאנאל סטריט נויארק.
בשנת לִכְבוֹד הוֹד גּוֹי יִשְׂרָאֵל לפ"ק.
נוא יארק.
M. Topolowsky. Book & Job Printer, 112 Canal Street, N. Y.
1877.

דאָס ערשטע יידישע ליד-בוך אין אמעריקע

פֿאָדערט, האָט מען געשריבן: דאָס שרייבן פון די פּירנדיקע פיגורן אין דער פּרעסע האָט, נאַטירלעך, ארויסגערופן א חשק צו שרייבן ביי די לייענער, וואס זיינען אין יענע יאָרן אַלע געווען יונגע מענטשן, הלואי אויף אונזער איצטיקער צייט געזאָגט. דידאָזיקע נייע שרייב-קאַנדידאַטן זיינען אבער לא עלינו געווען גאַנץ גרין און רוי אין אַלע פּרטים פון דער שרייב-קונסט. האָט מען זיך דאָ אויך געגעבן אן עצה. מען האָט זיך גענומען לערנען ווי-אַזוי צו שרייבן. אזוי געפינען מיר, אז ווען עס איז געשאַפן געוואָרן „די צוקונפט" אין יאָר 1892, און מען האָט זיך מסתמא ארומגעקוקט, אז מען דאַרף פשוט לערנען יענע, וואָס האָבן געוואָלט ווערן דיכטער, די כללים פון דער פּאָעזיע, האָט מען דאָס געטאָן. אב. קאַהאַן האָט אין די ערשטע 17 נומערן פון דער „צוקונפט" — מער זיינען נישט ארויס אין משך פון גאַנצע 3 יאָר צייט — צוויי ארטיקלען, וואָס הייסן: „פּאָעזיע און ווי מען שרייבט זי" און „די קונסט פון שרייבן געדיכטע". (איך ציטיר פון יעקב מילך'ס ארטיקל „צום 20 יעריקן יובילײ פון דער „צוקונפט", וואס איז אָפּגעדרוקט געווען אין דעם ווילנער „פּנקס", 1912-1913).

אָבער גאָר איינגיכן האָבן זיך אין דער יידישער פּרעסע באַוויזן וואָרט-קינסטלער פון בארוף. אין דער פּאָעזיע — מאָריס ווינטשעווסקי, מאָריס ראָזענפעלד, דוד עדעלשטאַדט, י. באָנושאָווער, דוד גאָלדשטיין, אברהם גאָלדפאַדען, אליקום צונזער, י. ש. פּרענאָוויץ, א. מ. שאַרקאַנסקי, נייטען לעמפּערט, יוסף יפה, ה. קייזער, ג. באַבאַד, ב. ראָזענבלום, יעקב מאַרינאָוו, מיכל אַראָנסאָן, און אַסך אַנדערע.

בנוגע דער בעלעטריסטיק קאָן געזאָגט ווערן, אַז זי וואָלט אודאי נישט מעגלעך געווען אין אמעריקע, ווען נישט די יידישע פּרעסע. קודם כל האָט מען זי געדאַרפט האָבן פאַר יענע צוועקן פון דער ראַדיקאַלער (אָדער נאַציאָנאַליסטישער) אַגיטאַציע, וואָס איז געווען דער רוקנביין פון דער גאַנצער יידישער פּרעסע. א דערציילונג אָדער ראָמאַן ווירקט נאָך שטאַרקער אין דעם פּרט ווי א ליד. ווייטער האָבן די אָנפירער פון דער פּרעסע גאַנץ גוט פאַרשטאַנען, אַז מען דאַרף ארויסרופן און דערנאָך אויף- און אָנהאַלטן דעם אינטערעס פון דעם יידישן לייענער, און אַז בעלעטריסטיק איז דער ריכטיקער סטימול דערצו. ממילא האָט מען אָנגעהויבן זוכן בעלעטריסטן, וואָס האָבן קוים כל געשריבן קורצע זאַכן — סקיצן — מחמת דאָס אָרט אין א צייטשריפט איז דאָך באַגרעניצט. מען האָט געזוכט און געפונען. עס טרעטן ארויס אַלס בעלעטריסטן אב. קאַהאַן, יעקב גאָרדין, דערנאָך לעאָן קאָברין, ב. גאָרין (גוידאַ), ז. ליבין, דוד פּינסקי, י. זעווין (תשר"ק), יואל ענטין. אויך א סך פון די פּאָעטן און פּובליציסטן האָבן געשריבן דערציילונגען און סקיצן, ווי מאָריס ראָזענפעלד, מאָריס ווינטשעווסקי, דוד עדעלשטאַדט און אַנדערע איינגעשלאָסן זאָלאָטאַראָוו, מעריסאָן, מ. קאַטץ, א. א.

פון און דורך די קורצע דערציילונגען האָבן זיך שפּעטער אַנטוויקלט די גרויסע צייטונג-ראָמאַנען, וואָס זיינען נאָך עד היום אַזאַ שטאַרקע און פעסטע „אינסטיטוציע" אין דער יידישער פּרעסע.

וואָס איז געווען פריער אין דער יידישער פּרעסע: דער מער-ווייניקער קינסטלערישער ראָמאַן אָדער דער שונד-ראָמאַן? דאָס איז א וויכטיקע פראַגע פון דעם שטאַנדפּונקט פון דער יידישער ליטעראַטור. אויך וועט דער ענטפער העלפן פאַרשטיין דעם גייסטיקן ניווא פון דעם דורכשניטלעכן יידישן לייענער. עס וועט אויך קלאָר ווערן די באַציאונג פון די יידישע צייטונג-אָנפירער צו זייער אויפגאַבע און עובדא.

אין דעם „קאַפּיטל פיר" פון אליהו שולמאַנס „געשיכטע פון דער אידישער ליטעראַטור אין אמעריקע 1870—1900", געפינען מיר אינטערעסאַנטע מאַטעריאַלן ארום דער דאָזיקער פראַגע. עס זעט אויס, אַז פריער האָבן די אָנפירער פון דער אידישער פּרעסע געזוכט צו געבן מער-ווייניקער גוטן ליטעראַרישן שטאָף אין דער

פאָרם פון ראָמאַנען. זיי זיינען געווען אזוי גוט ווי אָפּגעריסן פון דער יידישער ליטעראַטור אין מזרח-אייראָפּע און דערפאַר געגעבן איבערזעצונגען פון דער אַלגעמיינער וועלט-ליטעראַטור, ווי עמיל זאָלאַ, פראַנסואַ קאָפּע, מאָפּאַסאַן, פראַנצאָז, טאָלסטאָי, באָקאַטשיאָ (אָפט „באַארבעט") און אזוי ווייטער. אָבער דאָ האָט זיך אריינגעריסן א שווערע קאָנקורענץ מצד דעם אזוי-גערופענעם „העפטן-ראָמאַן". וואס איז דאָס אזוינס געווען פאַר א חיה? געוויסע פּיפּיקע געשעפטסלייט ארום די צייטונגען איז איינגעפאַלן ארויסצולאָזן העפטנווייז „העכסט-שפּאַנענדע" ראָמאַנען, יעדן טאָג א העפט, אי דאָס שפּאָט-ביליק — א פּעני א שטיק — און מען האָט זיי געשלונגען. די צייטונגען זיינען געווען אין קלעם. איז מען געפאַלן אויף דער המצאה צו געבן פּונקט אזוינע „העכסט-שפּאַנענדע" אין די צייטונגען גופא, און — עס איז אוועק א גאַנג. פון דעמאָלט אָן איז עס אריין אין דער יידישער פּרעסע דער שונד-ראָמאַן, וואס ווערט אביסל מער רעספּעקטאַבל אָנגערופן „פאַרווײַלונג-ראָמאַן", און ער איז עד היום אזא שטיק מעבל פון יעדער יידישער רעדאַקציע, ווי אַן אויוון אין א שטוב. האָט אויך דיזעלבע פונקציע: צו האַלטן וואַרעם אין אַלע פּרטים, קודם כל — דעם אינטערעס צו דער צייטונג. אַן אויוון, א באַוועגלעכער אין צייט, מיט זיין אומענדלעכן „פאָרטזעצונג פאָלגט".

ארום דעם פאַרווײַלונג-ראָמאַן האָבן זיך געמיט א סך שרייבער, אויך אזוינע, וואס האָבן געהערט צו דער אייגנטלעכער ליטעראַטור. מיר געפינען ביי די אָנהייבן מ. זייפערט'ן, א. טאַנענבאום'ען, לעאָן זאָלאָטקאָפ'ן, מ. דאָליצקי'ן, שמר'ן, געצל זעליקאָוויטש'ן, יצחק ראבינאָוויטש'ן און נאָך און נאָך — אָן א שיעור און אָן א גרעניץ. דאָס „העכסט שפּאַנענדע" איז געווען אזוי וויכטיק, אַז אפילו צווישן יענע, וואס האָבן אין די צייטונגען געשריבן ראָמאַנען, וואס האָבן פּרעטענדירט אויף „ליטעראַטור", איז די גרעניץ צווישן קונסט און שונד אָפט געווען אזוי דין, אַז זי איז כמעט פאַרשוואונדן.

און דאָך — די יידישע פּרעסע פון אמעריקע בלייבט אויך אין אָט דעם זייער וויכטיקן פּרט — קינסטלערישע פּראָזע — אין פולן זין פון וואָרט דער מעדיום, דורך וועלכן די ליטעראַטור דערגרייכט און קומט צו די יידישע לייענער. פון די ערשטע צייטן ביז איצט האָבן אַלע אונזערע בעסערע יידישע ראָמאַניסטן געדרוקט זייערע ווערק אין דער פּרעסע. אחוץ די היגע אמעריקאַנער — אויך די שרייבער, וואס זיינען באַרימט געוואָרן אין אייראָפּע. די „אַרבייטער-צייטונג" האָט דאָ פרי גענומען דרוקן מענדעלים „קליאַטשע" און אנדערע ווערק זיינע. אין דערזעלבער „אַרבייטער-צייטונג" האָט אַב. קאַהאַן גענומען דרוקן י. ל. פּרצ'ן. יעקב מילך, אין דעם דערמאָנטן אַרטיקל אין ווילנער „פּנקס" זאָגט, אַז דאָס האָט ער אויפמערקזאַם געמאַכט אַב. קאַהאַנען אויף אונזער גרויסן שרייבער. דוד פּינסקי האָט מיר אין א פּריוואַט-שמועס געזאָגט, אַז ער איז געווען דער ערשטער צו ציען די אויפמערקזאַמקייט אויף פּרצ'ן אין אמעריקע. שלום עליכם האָט אויך זיך פרי באַוויזן אין דער יידישער פּרעסע פון אמעריקע. דאָס אייגענע יעקב דינעזאָן, מרדכי ספּעקטאָר און אנדערע. נאָך שפּעטער זיינען אברהם רייזען, פּרץ הירשביין, שלום אַש, ז. שניאור געוואָרן תושבים אין דער היגער יידישער פּרעסע, און עס קאָן קיין ספק נישט זיין, אַז אי זיי, אי אזוינע וויכטיגע שרייבער, אזוינע דיכטער, ווי יהואש, א. ליעסין, ה. רויזענבלאַט, האָבן א סך צו פאַרדאַנקען דער יידישער צייטונג, וואס זיי האָבן געקאָנט זיך אָפּגעבן צו זייער שאַפן און ווערן דאָס, וואס זיי זיינען געוואָרן.

אויך די ליטעראַרישע קריטיק האָט באַקומען די געלעגנהייט צו אנטוויקלען זיך און דערגיין צום עולם דורך דער יידישער פּרעסע. פון די ערשטע יאָרן אָן האָבן אויף אָט דעם פעלד געאַרבעט מ. לעאָנטיעוו (ל. מאָיסעיעף), ה. אַלעקסאַנדראָוו, יואל ענטין, ב. גאָרין, מ. קאַטץ, פיליפּ קראַנץ. אַלעקסאַנדער האַרקאַווי און אסף, אסף אנדערע. שפּעטער זיינען צו דער היגער פּרעסע צוגעקומען קלמן מרמר, מ. אָלגין און שוין פון 1912 אָן ש. ניגער און ב. ריווקין.

צווישן די היבש לאַנג אַוועקגעגאַנגענע, נאָר אזוינע וואָס איך האָב נאָך אליין באַגעגנט דאָ און געקענט, מעג מיט ספּעציעלער באַטאָנונג דערמאָנט ווערן פיליפּ קראַנץ און זיין צושטייער צו דער חשיבות און צו דער ליטעראַרישער בעסערקייט אין דער יידישער פּעריאָדיקאַ. ער האָט ליב געהאַט יידישע ליטעראַטור, געהאַט אכטונג און א חוש פאַר איר, און זי נישט שלעכט פאַרשטאַנען. א שטיקל אָנצוהערעניש פון פיליפּ קראַנצעס שייכות צו יידישער ליטעראַטור קאָן מען זען פון זיין סעריע אַרטיקלען וועגן א ריי יידישע שרייבער אין רוסלאַנד, מיט וועלכע ער האָט זיך באַגעגנט בעת זיינער א רייזע אין אייראָפּע אין די יאָרן 1906-1907.

ער האָט זיך געטראָפן מיט יעקב דינעזאָנ'ען, י. ל. פּרצ'ן, דוד פרישמאַנ'ען, מרדכי ספּעקטאָר'ן, י. ח. ראַווניצקי'ן, יהודה שטיינבערג'ן און זיינע אָבסערוואַציעס פאַרעפנטלעכט אין היגן „אמעריקאַנער". משה שטאַרקמאַן באַשרייבט א טייל אָט די אַרטיקלען אין דריטן באַנד „פילאָלאָגישע שריפטן", ארויסגעגעבן פון יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט אין ווילנע 1929.

2.

פאַר די לעצטע 30 יאָר און מער בין איך אליין פאַרבונדן מיט דער יידישער פּרעסע און איך קאָן זיין אַן עדות, אַן עד ראיה, בנוגע דער ענגער שייכות צווישן דער יידישער ליטעראַטור און דער יידישער פּרעסע. מער נישט — אין אָט די דריי יאָרצענדליק איז די שייכות נישט געווען קיין זייער גלאַטע. פון איין זייט האָט די שטאַרק אויסגעוואַקסענע פּרעסע אָנגעהויבן צו קוקן אויף דער יידישער ליטעראַטור, וואס איז געוואָרן אַלץ רייפער און היינט-וועלטיקער, מיט א היפּשן „פונאויבנאַראָפּ". אַן

אויסנאם, פארשטייט זיך, זיינען געווען יענע נעמען אין דער יידישער ליטעראטור, וואס דורך זייער באַרימטקייט און פּאָפּולאַריטעט זיינען זיי געווען גוט פאר געשעפט. פון דער אנדערער זייט האָט מען צווישן די אונטערוואַקסנדיקע שרייבער אָנגעהויבן צו באמערקן א געוויסן ביטול צו דער יידישער פרעסע, וואס אַלס מזל׳דיקע געשעפטלעכע אינסטיטוציע האָט זי זיך ווינציקער אינטערעסירט מיט אנטוויקלען דעם בעסערן עסטעטישן געשמאַק, איידער מיט דעם, וואס און ווי-אַזוי עס האָט זיך רעגיסטרירט אויף דער צירקולאַציע.

די נייע יידישע ליטעראטור האָט דערשפּירט אירע פליגלען, געוואָלט זיין זעלבשטענדיק, פליען אויפן אייגענעם באַראָט און דאָ איז געשטאַנען א רייכע פרעסע, וואָס האָט געהאט ווינציק חוש און נאָך ווייניקער אינטערעס פאר די שטרעבונגען און בענקענישן פון יונגע פּאָעטן, בעלעטריסטן, דראמאטורגן, קריטיקער.

מיין קומען קיין ניו-יאָרק אלס קוים צוואנציק-יאָריקער בחור איז צענויפגעפאלן מיט די ערשטע טריט פון יענער גרופּע יידישע שרייבער, וואס זיינען באקאנט אונטער׳ן נאָמען „יונגע“. איך בין פון לאָנדאָן געקומען אהער שוין מיט א פעקל לידער אין מיין קעשענע און איך האָב זיך, נאַטירלעך, שטאַרק אינטערעסירט מיט די יונגע ליטעראַרישע כוחות. איך דערמאן זיך, אז איך בין געגאַנגען צו זייערן אָן אָוונט אין קלינטאָן האָל. דאָס איז געווען אין 1910. אויף דער בינע זיינען אויפגעטראָטן מיט לייענען זייערע זאכן עטלעכע יונגעלייט. איך געדענק, ווי משה לייב האלפערן האָט געלייענט עפּעס א הומאָריסטיש ליד און אי זיין מגושמ׳דיקע געשטאַלט, אי זיין עפּעס צעטומלט לייענען האָט מיך אויך צעטומלט. דערנאָך, געדענק איך, האָט א הומאָריסטיש ליד געלייענט עוזיאל פליישמאן און איך האָב אין זכרון פארבאַהאַלטן דעם אינטערעסאנטן גראַם אין די שורות: „זיצן מיר גלאַסענע און רעדן וועגן „חתונה“. דערנאָך האָט געלייענט — אַלץ לידער — א. באראן. דווקא ערנסטע לידער, דאכט זיך איינס וועגן שטערן און הימלישע ספערן. אבער דער פאַקט, וואס האָט מיך צום שטאַרקסטן באַאיינדרוקט יענעם אָוונט איז געווען די רעדע פון דעם פאָרזיצער. אויב איך האָב קיין טעות נישט, איז עס געווען ש. פאקס. דער איינדרוק איז מיר געבליבן, כאָטש עס איז געווען א טשיקאווער איינדרוק. דער פאָרזיצער האָט אַלץ גערעדט וועגן יאָ און נישט דרוקן און אוועקגעשטעלט די אומבאַשטרייטלעכע הנחה, אז די רעדאקטאָרן פון די צייטונגען און זשורנאלן מעגן זיך זיין מבינים אויף סאָציאָלאָגיע, פּאָליטיק און אנדערע אקטועלע ענינים, אבער דאָס הייסט נאָך נישט, אז זיי זיינען קאָמפּעטענט צו שאצן ליטעראַטור. עס איז מיר קלאָר געוואָרן, אז דאָס האָט גערעדט די שטים פון דער יוגנט, וואס וויל זיך דרוקן, נאָר מען לאָזט נישט אלעמאָל. ווער? די רעדאקטאָרן.

איך האָב זיך אביסל פארחידושט, וואס ביים רעדן וועגן די שטרעבונגען און אויפגאבעס פון די יונגע שרייבער האָב איך אזוי גוט ווי נישט געהערט קיין אמת ליטעראַרישע מאָנונגען, קיין קינסטלערישע אידייען, קיין — פשוט גערעדט — אָנצוהערעניש אויף כאָטש וועלכן ס׳איז ליטעראַרישן אני-מאמין — קרעדאָ בלע״ז. יאָ, אָדער נישט געדרוקט ווערן? א מין פלאַץ אונטער דער זון, הייסט עס? כאָטש איך האָב דעמאָלט נאָך נישט געהאט אָפּגעדרוקט קיין איין ליד, און כאָטש איך האָב גרינטלעך פארשטאַנען, וואס פאר א וויכטיקער ענין ס׳איז דרוקן זיך פאַר אַ דיכטער, בין איך געבליבן נישט ווייניק פאַרוואונדערט און דער נאָכ-טעם פון דער פאַרוואונדערונג איז ביי מיר געבליבן אויף לאנגע יאָרן שפּעטער.

נאָך יענעם עפנטלעכן אָוונט בין איך געגאַנגען בייוואוינען א פאריין-פארזאמלונג פון דער ליטעראַרישער יוגנט אין א זאַל ערגעץ אויף מעדיסאָן סטריט. איך בין געגאַנגען אויף דער רעקאָמענדאציע פון יואל ענטין׳ען, וואס האָט געשפּילט א פירער-ראָלע ביי דער יוגנט דעמאָלט. ביים מיטינג האָבן מיינע זייער יונגע אויגן געזען די זייער יונגע פּנימער פון אָפּאטאשו׳ן, מ. י. חאַימאָוויטש׳ן, מאני לייב׳ן, זישא לאנדוי׳ן און אסך אַנדערע. ווידער איז אויפגעקומען די פראגע פון יאָ אָדער נישט דרוקן, אבער דאָס מאָל אויף אביסל אַן אַנדערן אופן. איך געדענק גענוי, ווי מאני לייב איז אויפגעשטאַנען, אימיצן עפּעס אויסגעמוסרט, און מיט אפלאָמב אַ זאָג געטאָן, אז „עס גייט גאָרנישט אין דרוקן זיך, ווייל מען דרוקט אונז שוין אומעטום“. ער איז מסתמא געווען גערעכט וועגן זיך און נאָך עטלעכע. צי אסך אנדערע פון די בייוואוינער ביי דער פארזאמלונג האָבן עס געקאָנט זאָגן וועגן זיך, איז א פראגע.

איך מיין, אז אָט די פראגע איז געווען די קארדינאַלע אורזאך, פאר וואס די „יונגע“, יעדנפאלס א היפּשער טייל פון זיי איז צו דער צייט, וואס איך בין אהער געקומען און שפּעטער, געווען ממש גאַליק נעגאטיוו צו דער יידישער פרעסע. ווי געזאָגט: די אָנפירער פון דער פרעסע זיינען זיכער נישט געווען קיין אומשולדיקע לעמעלעך. זיי האָבן זיך אָן ספק געפירט מעשה תקיפים, און זיי האָבן געקאָנט דערגיין די יאָרן יונגע, אויפקומענדיקע שרייבער. אָבער קיין פּרינציפּיעלע קעגנערשאפט האָט מען דאָס נישט געקאָנט אָנרופן. והא ראיה: ווען מיט עטלעכע יאָר שפּעטער, נאָך דעם, ווי די ארויסגעלאָזענע זאמלביכער פון די אייגענע זאכן האָבן דאָ און דאָרט ארויסגערופן גינציקע אָפּרופן, און ווען די רעדאקטאָרן זיינען געוואָרן ווייכער צו זיי, האָבן זיך א סך פון די יונגע שרייבער איבערגעבעטן און זיך גאנץ פיין איינגענעסטלט אין דער פרעסע, איינגעשלאָסן די טאָג-צייטונגען.

איך קאָן דאָ גאנץ דירעקט פערזענלעך עדות זאָגן דערויף.

אויף א טייל פון די יונגע, ספּעציעל אויף זישא לאנדוי׳ן — און לאנדוי איז לויט זיין טעמפּעראמענט און אגרעסיוויקייט, וואס האָט זיך גענומען פון נישט ווייניק אינערלעכער אומזיכערקייט און שעמעוודיקייט, געווען כמו

דער אָנפירער פון דער יונגער ליטעראַרישער „באַוועגונג" — האָט אַ שטאַרקן איינפלוס געהאַט דער באַקאַנטער קאָליאַ טעפּער. דערמאָן איך זיך זייער גענוי, ווי קאָליאַ טעפּער האָט בעת מיין ביי-זיין מדריך געווען זישא לאַנדוי׳ן, ווי צו פירן די אַטאַקע אויף די איינגעפונדעוועטע מאַכערס אין דער פּרעסע. „זאָגט, אַז עס איז אונטער אייער ווירדע צו דיסקוטירן מיט אָט דעם קרעטינען-געזינטל! דאָ האָט זיך טעפּער אָפּגעשטעלט און מיט זיין באַקאַנטן זשעסט פון פאַרמאַכן דאָס מויל מיט דער האַנט-פּלאַך זיך הילכיק צעלאַכט, און זיך נישט געקאָנט באַרואיקן. קרעטינען-געזינטל! ער האָט ווילד הנאה געהאַט פון דעם הויכן, בייזן געשריי, פון דעם קלינגענדיקן זידל-וואָרט, וואָס אין דער אמת׳דיקייט דערפון האָט ער ווינציק וואָס געגלויבט.

נאָך דעם, ווי איך בין אָנגעקומען אין „טאָג" אַלס זשורנאַליסט, האָט מיך איינמאָל דערזעלבער קאָליאַ טעפּער ביי אַ טישל אין קאַפע אַ פרעג געטאָן:

„פילט איר נישט נאָך דעם, ווי איר האָט אָפּגעטאָן די אַרבעט אין דער רעדאַקציע, אַז איר האָט זיך געפּאָרעט אַרום עפּעס אַן אומריינער זאַך?"

ווען איך האָב אויף אים אָנגעשטעלט אַ פּאָר אויגן, וואָס זיינען זיכער געווען איבער-פול מיט שטוינונג, האָט ער ווידער אַ כאַפּ געטאָן די האַנט צום מויל און זיך ווידער צעלאַכט. מיר האָבן זיך פאַרשטאַנען.

ווען מיט עטלעכע חדשים שפּעטער איז אין „טאָג" געוואָרן אַ וואַקאַנס, און אַ שרייבער איז אָנגעשטעלט געוואָרן, האָט מיך ק. טעפּער מיט פאַרדראָס געפרעגט, פאַר וואָס איך האָב ניט געזען, אַז ער זאָל קריגן די שטעלע. פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב ניט געהאַט קיין שום שייכות צום אָנשטעלן, און קאָליאַ טעפּער האָט עס געוואוסט. נאָר ווי געפעלט אייך דער סמיכת-הפּרשות מיט דער „אומריינקייט"?

ווי די זאַך זאָל נישט זיין, עס איז פרי און גיך געקומען די צייט, ווען כמעט אַלע פון די יונגטלעכע „שונאים" פון דער יידישער פּרעסע זיינען געוואָרן מיטאַרבעטער ביי איר. עס קאָן זיין, אַז עס זיינען געווען אַזוינע איינצעלנע פּרינציפּ-קעגנער, העלדן און מאַרטירער, וועמען רעדאַקטאָרן האָבן געלאַדן, און זיי האָבן זיך אָפּגעזאָגט. מיר זיינען אָט די אויסנאַמען נישט באַקאַנט. איך ווייס יאָ, אַז אין יעדער רעדאַקציע פון די טעגלעכע צייטונגען זיינען מיט דער צייט אַריינגעטראָטן די מערסטע פּאָעטן און בעלעטריסטן פון אַלע ליטעראַרישע גרופּירונגען. בלויז אַ קליינער טייל פון זיי טוט אין דער צייטונג ריין ליטעראַרישע אַרבעט, דאָס הייסט דרוקט דאָרט לידער, דערציילונגען אָדער ראָמאַנען. דער רוב איז באַשעפטיקט זשורנאַליסטיש.

אַזוי איז עס געקומען, אַז י. אָפּאַטאָשו, מ. י. חאַימאָוויטש, מאַני לייב, ר. אייזלאַנד, משה נאַדיר, מ. ל. האַלפּערן, אַ. ראַבאָי, ה. לייוויק, זישא לאַנדוי און אַנדערע, ווער פּערמאַנענט און ווער אַ געוויסע צייט; ווער אינגאַנצן און ווער טיילווייז, זיינען געוואָרן מיטאַרבעטער פון צייטונגען. און פאַרוואָס האָבן זיי דאָס נישט געדאַרפט זיין? דאָרט וואו עס האָבן פון די סאַמע ערשטע אָנהייבן געדרוקט זייערע ווערק י. ל. פּרץ, מענדעלע, שלום-עליכם און שפּעטער יהואש, אברהם רייזען, שלום אַש, פּרץ הירשביין, דוד פּינסקי, לעאָן קאָברין — דאָרט איז געווען מער ווי נאַטירלעך, אַז אַלע שרייבער זאָלן קומען. י. אָפּאַטאָשו פאַרזיכערט מיך, אַז ער האָט קיינמאָל ניט געהאַט קיין קעגנערשאַפט צו דער פּרעסע און געדרוקט נאָך אין ל. מילערס „וואַרהייט", וואו עס האָבן שוין געהאַט מיטגעאַרבעט יואל ענטין, יהואש, יעקב גאָרדין, יואל סלאָנים, און אַסך אַנדערע.

שפּעטער האָבן זיך מיט דער פּרעסע פאַרבונדן נאָך אַנדערע מענטשן פון דער ליטעראַטור, נאָך אינגערע, וואָס האָבן ביי זייערע ערשטע טריט דאָ זיך אויך געפּרואווט חנדלען מיט אַ גדלות-פּאָזע לגבי די „זשורנאַליסטן", ביז אַסך פון זיי זיינען געוואָרן זייער גרינטלעכע צייטונג-לייט. דאָ געפינען מיר ב. י. ביאַלאָסטאָצקי׳ן, אפרים אויערבאַכ׳ן, ז. וויינפּער׳ן, אהרן ניסענזאָנ׳ען, ברוך גלאַזמאַנ׳ען, נפתלי גראָס׳ן, ב. לאַפּינ׳ען, א. לוצקי׳ן, פּ. בימקאָ׳ן, ל. פיינבערג׳ן, ציליע דראַפּקין, אַנאַ מאַרגאָלין (אונטער אַ פּסעוודאָנים). מיט דער פּרעסע זיינען געווען און זיינען פאַרבונדן — ווער לאַנג, פעסט און סאָליד, און ווער בלויז צופעליק: י. י. שוואַרץ, מנחם באָריישאַ, מ. אָשעראָוויטש, ש. יודסאָן, י. קיסין, מ. באַסין, יוסף ראָלניק, נחום יוד, מאַרק שווייד, י. אַדלער (ב. קאָוונער), יצחק בלום, ב. עפּעלבוים, בנימין פינקעל, ה. געלבוים און אַ סך אַנדערע.

בלויז אַ טייל פון די שרייבער, און אַ קליינער דערצו, האָבן ביי די צייטונגען געשעפּט חיונה פון זייער ריין-ליטעראַרישן שאַפן. די מערסטע זיינען געוואָרן און זיינען זשורנאַליסטן. זיי האָבן געפילט, אַז זייערע קינסטלערישע ווערק קאָנען אָפּט נישט און דאַרפן נישט געדרוקט ווערן אין דער צייטונג. האָבן געוויסע גרופּן נאָך אַלץ אָנגעהאַלטן פון צייט צו צייט אַרויסצוגעבן ספּעציעלע ליטעראַרישע זשורנאַלן. אָבער דאָס איז שוין געווען מער בבחינת וואוילטאָג, לוקסוס, איידער אַ לעבנסנייטיגקייט, אַזוי צו זאָגן, ווי אַרום דער יאָר 1910. האָבן מיר געהאַט זשורנאַלן ווי „אינזל", „אויפקום"; האָבן מיר „זאַמלביכער", וכדומה.

אַ ליטעראַרישע גרופּע, וואָס האָט פון אָנהייב אָן נישט געהאַט קיין שום קעגנערשאַפט צו דער פּרעסע, פּשוט געקוועטשט מיט די פּלייצעס אויף אַזאַ אומזיניקער און היפּש געקינצלטער אַנטי-פּרעסע גאווה, זיינען געווען די „אינזיכיסטן", וואָס זייער אַרויסטריט אויף דער ליטעראַרישער אַרענע איז געקומען נישט בלויז מיט אַ גאַנץ באַשטימטן, קלאָר-געפורעמטן קינסטלערישן קרעדאָ, נאָר גלייך מיט אַן אייגענעם זשורנאַל, „אין זיך". עס קאָן געזאָגט ווערן, אַז די יידישע פּרעסע האָט אויך אין דעם אַ חלק אין פּרט פון העלפן דער יידישער ליטעראַטור. וואָרים די ליטעראַרישע זשורנאַלן זיינען אָפּט אַרויסגעגעבן גע-

# 75 יאָר יידישע פּרעסע אין אמעריקע

וואָרן מיט דער הילף פון די נישקשה רעספּעקטאַבעלע געהאַלטן, וואס די דיכטער האָבן פאַרדינט אין די רעדאקציעס אלס זשורנאַליסטן. עס איז ממש געווען „מן השמים", אַז אסך צווישן די דיכטער זאָלן זיין טעטיק און „מאַכן אַ לעבן" אין דער פּרעסע. די אינזיכיסטן זיינען נאַטירליכערהייט אַריינגעצויגן געוואָרן אין זשורנאַליסטישער אַרבעט. אויסער מיר, וואָס שרייבט אָט די שורות, און וואָס איז פאַרבונדן מיט א צייטונג זינט 1914, זיינען שפּעטער אריין אין פאַרשידענע רעדאקציעס יעקב גלאַטשטיין און ב. אלקוויט. אָבער אויך אנדערע אינזיכיסטן, ווי נ. ב. מינקאָוו, אַפּראַנעל און אפילו דער פריציטיק פאַרשטאָרבענער ראובן לודוויג האָבן ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן באַטייליקט זיך אין דער יידישער פּרעסע.

דער קומנדיקער היסטאָריקער פון דער יידישער ליטעראַטור וועט געווים פאַרצייכענען מיט שבח דעם פאַקט, וואָס א היפּשער טייל פון דער יידישער וואָרט-קונסט איז געשאַפן געוואָרן דורך מענטשן, וואָס האָבן אַסך צייט געאַרבעט, און אָפט שווער געאַרבעט, ביי דער זשורנאַליסטישער פּראָפעסיע און געקאָנט פאָלגן זייער קינסטלערישן רוף און באַרוף, נאָר אין דער פריי געבליבענער צייט, דאָס הייסט דורך גנב'ענען שטונדן ביי זייער רו און זייער שלאָף. דער דאָזיקער היסטאָריקער וועט אויך פאַרצייכענען, אַז אָט די שרייבער האָבן באַוויזן נישט בלויז ריין צו האַלטן זייער זשורנאַליסטישע און פּובליציסטישע פּען, נאָר פאַרשטאַנען, ווי גלייכצייטיק צו האַלטן הויך זייער קינסטלערישן באַרוף. און ענדלעך וועט דער היסטאָריקער זיכער אָנווייזן דערויף, אַז אויב אָט די שרייבער האָבן נישט באַוויזן זיך אָפּצושפּאָרן, לאָמיר אָנכאַפּן, אויטאָמאָבילן און אַנדערע „אויסדרוקן" פון מאַטעריעלן וואוילזיין, איז דאָס אין א גאָר גרויסער מאָס דערפאַר, וואָס זיי האָבן א שיין ביסל פון זייערע פאַך-פאַרדינסטן אַריינגעלייגט אין ארויסגעבן ביכער, שאַפן ליטעראַרישע זשורנאַלן און זיי אויסהאַלטן.

די ענגע שייכות צווישן דער יידישער פּרעסע און דער יידישער ליטעראַטור איז פון אָנהייב אָן ווי פאַרקערפּערט געווען דורך דעם, וואס די קריטיק האָט געפונען א היים אין דער יידישער צייטונג. דער קריטיקער דאַרף מער די פּרעסע, ווי עס דאַרף דער פּאָעט אָדער נאָוועליסט. אויב די לעצטע צוויי קאָנען שרייבן „אָן לייענער"; שרייבן אַזוי צו זאָגן, פאַר זיך און אפשר פאַר געציילטע אַנדערע שרייבער, מוז דער קריטיקער האָבן נישט בלויז א טריבונע, נאָר אויך צוהערער ארום איר. ער מוז לאָזן הערן זיינע מיינונגען און שאַצונגען, ווייל דאָס זיינען קאַטעגאָריעס, וואָס פאָדערן אויסטויש מיט נאָך אנדערע מענטשן, וואָס מער — אַלץ בעסער.

פאַר די לעצטע דרייסיק יאָר איז טאקע די יידישע פּרעסע געווען די פּלאַטפאָרמע, פון וועלכער שאַצונגען און מיינונגען זיינען געקומען דורך פאַרשידענע קריטיקער. עס האָבן געשריבן אַסך דיכטער גופא. עס האָבן געשריבן געוויסע פּובליציסטן, ווי ש. ראָזענפעלד, וועלכער האָט זיך אַמאָל ביטער געקלאָגט, פאַרוואָס אים איז דאָ נישט געלונגען צו שאַפן אָנשלוס מיט דער ליטעראַטור — אין רוסלאַנד האָט ער אָפט געשריבן ליטעראַרישע קריטיק; ש. מאַרגאָשעס, אב. קאַהאַן, מ. אָלגין, א. קאָראַלניק, קלמן מרמר, חיים ליבערמאַן. עס האָבן געשריבן קריטיקער פון באַרוף: ש. ניגער, יואל ענטין, הלל ראָגאָף, ב. ריווקין, א. מוקדוני, דער לעבעדיקער (ח. גוטמאַן). אין דער גאָר לעצטער צייט האָט כמעט יעדע יידישע צייטונג א ליטעראַטור-זייט מיט רעצענזיעס און קריטיקן. דאָס איז גוט. אָבער דאָס דאַרף נאָך מער אויסגעשפּרייט ווערן, אין כמות און איכות. די יידישע רעדאקציעס דאַרפן פאַרשטיין, אַז זיי האָבן א חוב לגבי דעם יידישן וואָרט און לגבי דער יידישער געשיכטע, וואס איז אומדענקבאר אָן דער יידישער ליטעראַטור.

וואָס וואָלט געווען מיט די אינגערע ליטעראַרישע כחות, וואָס האָבן זיך אנטוויקלט אויף דעם היגן באָדן: מיט אלעף, כץ, ל. מיגאָלאָווסקי, חיים פּעט, יאָסל קאָהען, בעריש ווײַנשטיין, י. ל. טעלער, אליעזר גרינבערג, ל. טרייסטער, א. טאַבאַטשניק (סיי אלס דיכטער, סיי אלס קריטיקער), שאול מאַלץ, בנימין רעסלער, א. דעמבלין, מרדכי יאפע, ז. שער, און נאָך און נאָך, ווען ניט די יידישע פּרעסע? וואָס וואָלט געוואָרן מיט די נייע אריבערגעקומענע ליטעראַרישע כחות: י. י. זינגער, באַשעוויס, י. י. טרונק, דוד איינהאָרן, אהרן צייטלין, שלמה ביקל, קאַדיע מאָלאָדאָווסקי, דניאל טשאַרני און נאָך און נאָך, ווען נישט די יידישע פּרעסע?

צווישן די אָרגאַנען פון דער פּרעסע, וואָס האָבן פאַרדינסטן פאַר דער ליטעראַטור, דאַרפן דערמאָנט ווערן צוויי וואָכנבלעטער, דוקא פּאַרטיי-זשורנאַלן. קודם כל — די „פרייע ארבייטער שטימע" פון די אַנאַרכיסטן (פרייהייט-לעבע סאָציאַליסטן). מענטשן פון אָט דעם געדאַנקענגאַנג האָבן תמיד געהאַט א חוש און א „שוואַכקייט" פאַר ליטעראַטור. שוין דער טעגלעכער אַנאַרכיסטישער אָרגאַן צום סוף 19-טן יאָרהונדערט די „וואַרהייט" האָט אָפּגעגעבן אסך פּלאַץ צו לידער, דערציילונגען, ראָמאַנען, קריטיק. פון דעם ערשטן רעדאַקטאָר פון דער „פ. א. ש.", ש. יאַנאָווסקי, ביז די שפּעטערע: יוסף קאַהאַן, י. מעריסאָן, מ. מראַטשני און איצט ה. פראַנק, האָבן אַלע אָנפירער פון דער צייטשריפט געשטיצט די ליטעראַטור. אין דער „פ. א. ש." האָבן אַסך ליטעראַרישע קרעפטן געמאַכט זייערע אָנהייבן: מאַני לייב, משה נאַדיר, דערנאָך ה. לייוויק, יעקב גלאַטשטיין, ב. י. ביאַלאָסטאָצקי, לוי גאָלדבערג, און אַנדערע. דער נאָמען א. לעיעלעס איז אויך צום ערשטן אויפגעקומען אין דער „פ. א. ש." אין 1914 אונטער ש. יאַנאָווסקיס רעדאַקציע. אין דעם „אידישן קעמפער", אָרגאַן פון די פּועלי ציון, האָט די ליטעראַרישע טראַדיציע אָנגעהויבן קלמן מרמר, איינער פון די ערשטע

רעדאַקטאָרן — נאָך מיט קנאַפּע 40 יאָר צוריק. דיזעלבע גוטע טראַדיציע האַלטן איצט אָן חיים גרינבערג און שלמה גראָדזענסקי.

ווען צו דער פּרעסע קומען מיט עקשנות ליטעראַרישע מענטשן אפילו אויסער ניו-יאָרק, אַשטייגער אין מאָנטרעאָל, קאַנאַדע, פאַרדינט זי זיך אויך איר ווערט פאַר דער ליטעראַטור. די טעטיגקייט פון אזוינע דיכטער, ווי י. י. סיגאַל און מלך ראַוויטש, וואָס פירן איינגעשפּאַרט א ליטעראַרישע אָפּטיילונג אין דעם „קאַנאַדער אדלער“, איז זיכער א צושטייער צו אונזער ליטעראַרישן סכום. אין די שטעט אויסער ניו-יאָרק, וואו די טעגלעכע פּרעסע קאָן נישט, אָדער קאָן  ש ו י ן  נישט דינען דער ליטעראַטור, איז גוט צו זען די באַמיאונגען פון איינצעלנע צו שאַפן און אָנצוהאַלטן מיט עקשנות איינענע ליטעראַרישע טריבונעס. אזוי דאַרף קריגן אנערקענונג די גרופּע אין שיקאַגאָ, וואס באַשטייט פון דעם בעלעטריסט מ. גיצים, פון די דיכטער מאַטעס דייטש און שלמה שוואַרץ און פון דעם קריטיקער ב. גראָבאַרד פאַר ארויסגעבן ספּעציעלע ליטעראַרישע אויסגאַבעס אונטער'ן נאָמען „ליטעראַרישע זאַמלונגען“.

אין דעם אייגענעם זין דאַרף געדענקט ווערן א היפּשע גרופּע שרייבער אין ניו-יאָרק גופא, וואס האָבן נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט אריינצוטרעטן אין דער פּרעסע, נאָר וואס איז דורך איר אזוי צי אנדערש באַאיינפלוסט און באַווירקט געוואָרן, און וואס האָט זיך כסדר געזוכט צו שאַפן ליטעראַרישע טריבונעס. דאָ דאַרף דערמאָנט ווערן די „פעדער“, וואס איר רעדאַקטאָר, אהרן קארלין, איז שוין פון לאַנגע יאָרן, אגב, א מחותן סיי מיט דער יידישער פּרעסע סיי מיט דער יידישער ליטעראַטור אלס ארויסגעבער און רעדאַקטאָר. אהער געהערט אויך די „עפּאָכע“ אונטער דער רעדאַקציע פון י. א. ווייסמאַן און ל. פיינבערג. אויך דאָס „ניו-יאָרקער וואָכנבלאַט“, אונטער דער רעדאַקציע פון יצחק ליבמאַן קומט דאָ אין באַטראַכט.

די יידישע פּרעסע האָט א גרויסן היסטאָרישן און אַקטועלן ווערט פאַר דער יידישער ליטעראַטור. די יידישע פּרעסע — דאָס איז געווען די יידישע ליטעראַטור — אמאָל ביי אירע אָנהייבן. דעמאָלט, ביים אָנפאַנג פון דעם גרויסן נייעם יידישן ישוב, ווען שבט-אַמעריקע האָט זיך נאָר וואס גענומען אויספּיקען, האָט די יידישע פּרעסע, מיט אַלע אירע צעטומלעניש, מיט אַלע אירע דעפעקטן, אויסגעפירט א געוואַלטיקע ראָלע אין דעם יידישן לעבן, ממילא פאַר דעם גאַנצן יידישן פאָלק. איינע פון אירע סאַמע גרעסטע אויפטוען איז די פעסטע אָנשפּאַרוואַנט, וואס זי איז תמיד געווען פאַר דער יידישער ליטעראַטור.

אָן ליטעראַטור אין דעם ברייטסטן זין פון וואָרט — תנ״ך און תלמוד זיינען אויך ליטעראַטור, אפילו ווען זיי זיינען הייליק אָדער פאַרהייליקט — וואָלט קיין יידיש פאָלק נישט געווען. פּונקט אזוי קאָן מען זאָגן, אז אָן דער יידישער ליטעראַטור אין אמעריקע וואָלט קיין שבט-אַמעריקע ביים יידישן פאָלק נישט געווען. די יידישע ליטעראַטור איז דער סאַמע גרעסטער, דער הערלעכסטער אויפטו פון די אמעריקאַנער יידן. וואָס-וואָס נאָר זי וועט בלייבן אייביק און אייביק.

מיט באַרעכטיקטן שטאָלץ מעג די יידישע פּרעסע קוקן אויף איר געזעצלעכער שוועסטער און צוגלייך קינד — די יידישע ליטעראַטור. היינט מער ווי ווען עס איז דאַרף זי וויסן און פילן, אז זי האָט אויך אויף ווייטער נישט קיין גרעסערן חוב, ווי צו שטיצן, כאָוון און העלפן אויפהאַלטן די יידישע ליטעראַטור.

# די אידישע טעלעגראַפען אַגענטור („איטא“) און די אַמעריקאַנער אידישע פּרעסע

פון באָריס סמאָליאר

(הויפּט-רעדאַקטאָר פון דער „איטא“)

רעדאַקציע „איטא“


באָריס סמאָליאר


אלעף כץ


א. טאבאטשניק


מ. מאָזעס

ביז צו דער ערשטער וועלט-מלחמה — ביז מיט דרייסיג יאָהר צוריק — האָט די טעגליכע אידישע פּרעסע אין אַמעריקע געליטען פון א בעדייטענדען פעהלער — פון מאנגעל אין טעלעגראַפישע נייעס וועגען דעם לעבען פון די אידען אין אנדערע לענדער פון דער וועלט.

אידישע צייטונגען אין ניו יאָרק פלעגען מיט אומגעדולד ארויסקוקען אויף דעם „דזשואיש קראָניקל“ וואס ערשיינט אין לאָנדאָן, אויף דעם „וואָסכאָד“ וואָס פלעגט ערשיינען אין רוסלאנד, אויף דער אידישער פּרעסע פון ווארשע, כדי צו קענען פון דאָרט איבערדרוקען אידישע נייעס. פון קריגען אייגענע אידישע נייעס טעלעגראַפיש, איז דאן קיין פראגע ניט געווען.

די לאגע האָט זיך גרינטליך געענדערט ווען די „אידישע טעלעגראַפען אַגענטור“ („איטא“) איז געגרינדעט געוואָרען קירצליך איידער די מלחמה האָט זיך געענדיגט. די אויגען פון דער גאנצער אידישער וועלט זיינען דאן געווען געווענדעט אויף דעם רוסישען אידענטום, אויף דער פרייהייט וואס אידען האָבען געקראָגען אין רוסלאנד גלייך נאָך דעם נידערפאל פון דער צאַרישער מאכט, אויף די בלוטיגע פּעטליורישע פּאָגראָמען אויף אידען אין אוקראינע, אויף די עטליכע מיליאָן אידען וועלכע זיינען מיטאמאָל געוואָרען בירגער פון א ניי-פּראָקלאמירטער פּוילען.

אין לאָנדאָן האָט די ענגלישע רעגירונג ארויסגעגעבען די באלפור דעקלאראציע און דערמיט ארויסגערופען א שטורמישען אידישען אינטערעס צו פּאלעסטינע. אין די הויפּט-שטעדט פון די קלענערע אייראָפּעאישע לענדער האָבען אידען פארלאנגט מען זאל זיי גאראנטירען נאַציאָנאלע מינדערהייטס רעכט. אידישע מיניסטעריומס זיינען געשאפען געוואָרען אין מאנכע ניי-געשאַפענע קליינע מדינה׳לאך. דאָס גאנצע אידישע לעבען אין אייראָפּע האָט אָנגעפאנגען צו קריגען א גאנץ אנדער פּאָליטישען טעמפּאָ. אמעריקאנער אידישע צייטונגען האָבען מעהר ניט געקענט ווארטען אַ וואָך און צוויי צו קריגען דורך פּאָסט די פּרעסע פון אייראָפּע, כדי זיך פון דאָרט דערוויסען איינצעלהייטען וועגען אידישען לעבען אין די פערשידענע אייראָפּעאישע לענדער. זיי האבען געמוזט האָבען די אידישע נייעס פון אייראָפּע שנעל. אין משך פון 24 שטונדען, נאָכדעם ווי די דאָזיגע נייעס האָט פּאַסירט.

דאן איז געבוירען געוואָרען די „אידישע טעלעגראַפען אַגענטור“.

היינט-צו-טאָג איז די „אידישע טעלעגראַפען אַגענטור“ דער וויכטיגסטער קוואל פון אידישע נייעס פון אויסלאנד פאר יעדער אידישער צייטונג אין דער וועלט. אַלע וויכטיגע אידישע פּאסירונגען, אין אלע טיילען פון דער וועלט, ווערען היינט-צו-טאָג דורך דער דאָזיגער נייעס-אַגענטור געבראכט אין דער עפענטליכקייט — דורך קייבלס און דורכן דראָטלאָזען טעלעגראַף — אין משך פון עטליכע שטונדען נאָכדעם ווי די דאָזיגע פּאסירונגען געשעהען.

קיין איינציגע נייעס אַגענטור אין אמעריקע האָט נאָך

ביז היינטיגען טאָג קיין קאָרעספּאָנדענט אין דער בעפרייטער רומעניע. די „אידישע טעלעגראַפען אגענטור" אָבער האָט אַריינגעשיקט אַ ספּעציעלען קאָרעספּאָנדענט קיין בוקארעשט גלייך נאָכדעם ווי רומעניע איז בעפרייט געוואָרען פון די נאַצים דורך דער סאָוועטישער ארמיי. אזוי אַרום איז זי די איינציגע צו בעדינען די גאַנצע אידישע פּרעסע אין דער וועלט — און אויך די ניט-אידישע פּרעסע — מיט טעלעגראַפישע נייעס וועגען אידישען לעבען אין דער נייער רומעניע וואס זי קריגט רעגולער יעדען טאָג פון בוקארעסט.

ענליך איז אויך די לאַגע מיט בולגאַריע. די „אידישע טעלעגראַפען אגענטור" איז דערווייל די איינציגע נייעס אַגענטור אין אמעריקע וואס האָט אריינגעשיקט אַ קאָרעספּאָנדענט אין דער בעפרייטער בולגאַריע וואו עס געפינען זיך איבער 45,000 אידען. דער דאָזיגער אידישער קאָרעספּאָנדענט איז אויפגענומען געוואָרען פון פּרעשידענע בולגארישע מיניסטאָרען, ער האָט געקראָגען די ערלויבניש צו בעזוכען די קאָנצענטראַציע לאַגערען אין מאצעדאָניע וואו די נאַצי-מאכט פלעגט אומברענגען בולגארישע אידען, און ער שיקט צו דער „אידישער טעלעגראַפען אגענטור" זיינע קייבלס פון בולגאַריע, וועלכע ערשיינען אזוי ארום אין דער גאַנצער אידישער פּרעסע אין אמעריקע, ארץ ישראל, ענגלאַנד און איבעראַל וואו עס ווערט געדרוקט אַ אידישע צייטונג.

ווען לובלין איז בעפרייט געוואָרען פון די נאַצים, איז דער מאָסקווער קאָרעספּאָנדענט פון דער „אידישער טעלעגראַפען אגענטור" געווען צווישען די ערשטע צו פליהען אויף אַן עראָפּלאַן פון מאָסקווע קיין לובלין און צו בעריכטען דער וועלט וועגען דעם וואס זיינע אויגען האָבען געזעהן אין די נאַצי קאַלך-אויוונס פון דעם טרויעריג-בעריהמטען מאַידאַנעק קעמפּ; ער האָט אויך געקייבעלט קיין אמעריקע אַ צעטעל מיט נעמען פון אידען וואס ער האָט געפונען לעבעדיג. דער קאָרעספּאָנדענט פון דער „אידישער טעלעגראַפען אגענטור" איז אויך געווען דער ערשטער און דער איינציגער צו זאַמלען הונדערטער נעמען פון געראַטעוועטע אידען אין דער רומענישער שטאָט באָטאָשאַני — די ערשטע רומענישע שטאָדט וואס איז בעפרייט געוואָרען דורך דער סאָוועטישער ארמיי — און צו קייבלען די דאָזיגע נעמען קיין ניו יארק. די אידישע צייטונגען אין ניו יארק האָבען די דאָזיגע ליסטען מיט נעמען געדרוקט אין פערלויף פון פיער-און-צוואנציג שטונדען, און דערמיט געלייסטעט אַ גרויסע דינסט די אידען אין אמעריקע, וואס האָבען זיך דערוואוסט אז זייערע פריינט און אייגענע זיינען געבליבען לעבען.

די „אידישע טעלעגראַפען אגענטור" — וואָס איהר ארבייט איז פערשפּרייט ברייט און ווייט איבער דער גאַנצער וועלט — האָט אויך קאָרעספּאָנדענטען אויף אַלע קריגס-פראָנטען, וואָס בעריכטען יעדען טאָג דורך לאַנגע קייבעלס סיי וועגען אידישע מלחמה-העלדען, סיי וועגען אידען אין בעפרייטע אידישע קהלות. די דאָזיגע קאָרעספּאָנדענטען זיינען אַלע אמעריקאנער בירגער געשיקט ספּעציעל פון אמעריקע. זיי זיינען אנערקענט אַלס קריגס-קאָרעספּאָנדענטען אין דער אמעריקאנער ארמיי. אין מיליטערישע יוניפאָרמס, געפינען זיי זיך שטענדיג אויף די סאַמע פאָדערשטע פּאָזיציעס אויפ'ן דייטשען פראָנט, אויפ'ן איטאַליענישען פראָנט, אויף דעם באַלקאַנישען פראָנט, און זיינען שטענדיג די ערשטע צו בעריכטען וועגען אידישע פּאַסירונגען.

אין פּאַריז און אין רוים, ביים מאָרד-פּראָצעס פון די צוויי פּאַלעסטינער יונגעלייט אין קאַירא און אויף די פּרעסע קאָנפערענצען וואס פּרעזידענט רוזוועלט גיט צוויי מאָל אַ וואָך אין וואשינגטאָן — איבעראַל איז פאַראַן אַ געשולטער, ערפאַרענער, ערשט-קלאַסיגער קאָרעספּאָנדענט פון דער „אידישער טעלעגראַפען אגענטור" צו בעריכטען אַלעס וואס איז פון אידישען אינטערעס. אין ירושלים, אין לאָנדאָן, אין פּאַריז, אין מעקסיקאָ און אין אַ רייהע אַנדערע הויפּט-שטעדט אין דעמאָקראַטישע לענדער האָט די „אידישע טעלעגראַפען אגענטור" אייגענע אָפיסעס און גיט ארויס אַ טעגליכע נייעס דינסט סיי פאַר דער פּרעסע און סיי פאַר אידישע אָרגאַניזאַציעס וואס זיינען פעראינטערעסירט צו וויסען וואס עס קומט פאָר אין דער אידישער וועלט. אין מאָסקווע, אין זשענעווא, אין שטאָקהאָלם, אין זיד אַפריקע און אין אַלע לאַטין-אַמעריקאַנער לענדער האַלט זי אויס ספּעציעלע קאָרעספּאָנדענטען.

טויזענטער ווערטער קומען אָן יעדען טאָג אין דעם ניו יאָרקער אָפיס פון דער „אידישער טעלעגראַפען אגענטור" געשיקט טעלעגראַפיש פון די קריגס-קאָרעספּאָנדענטען, פון די געוועהנליכע קאָרעספּאָנדענטען, און פון די „איטא" אָפיסעס אין פערשידענע לענדער אין אויסלאַנד. די דאָזיגע טעלעגראַמעס, וואס שפּיגלען אָפּ דאָס אידישע לעבען אין דער גאַנצער וועלט, ווערען אין דעם ניו יאָרקער אָפיס רעדאַגירט אויף ענגליש און אויף אידיש און ווערען ארויסגעשיקט צו אַלע אידישע צייטונגען און אויך צו אַ גרויסער טייל ענגלישע צייטונגען איבער גאַנץ אמעריקע.

די טעלעגראַף אפּאַראַטען אין אָפיס פון דער „אידישער טעלעגראַפען אגענטור" אין ניו יאָרק זיינען דער נערוו וואס פערבינדעט די אידען פון אמעריקע מיט דעם אידענטום פון דער גאַנצער וועלט. פּאַסירט עטוואס וויכטיגעס אין אידישען לעבען אין אמעריקע, ווערט עס זאָפאָרט טעלעגראַפירט קיין לאָנדאָן, קיין ירושלים, קיין בוענאָס איירעס, און איבעראַל וואו עס איז פאַראַן אַ אידישע פּרעסע. אין ארץ ישראל ווערען די נייעס פון דער „אידישער טעלעגראַפען אגענטור" געדרוקט ניט בלויז אין דער גאַנצער העברעאישער פּרעסע, נאָר זאָגאר אויך אין דער אראַבישער.

גרויס איז די ארבייט פון דער „אידישער טעלעגראַפען

אגענטור". פערצווייגט און קאָסטבאר. די אידישע פּרעסע אליין וואלט קיינמאָל ניט געווען אימשטאנד צו דעקען אפילו א קליינע טייל פון די קאָסטען וואס די דאָזיגע נייעס אגענטור גיט אוים אויף אויסצוהאלטען איהרע קאָרעספּאָנדענטען, אויף די טויזענטער ווערטער וואס קומען אָן טעגליך דורך קייבעל, אויף א דירעקטער ליניע צווישען דעם ניו יאָרקער און דעם וואשינגטאָנער אָפיס פון דער „איטא", אויף אנדערע אויסגאבען וואס זיינען פערבונדען מיט קריגען אידישע נייעס.

אָבער די אידישע צייטונגען אין אמעריקע דארפען זיך איצט מעהר ניט קימערען. זיי דארפען מעהר ניט ארויסקוקען — ווי אין די יאָהרען פון דער ערשטער וועלט-מלחמה — אויף צופעליגע אידישע נייעס פון אייראָפּעאישע לענדער דורך שפּעט-אָנגעקומענע אייראָפּעאישע צייטונגען. זיי קריגען טעגליך, עטליכע מאָל יעדען טאָג, פון דעם אָפיס פון דער „אידישער טעלעגראפען אגענטור" אין ניו יאָרק אלע טעלעגראפישע בעריכטען וואס די דאָזיגע נייעס אגענטור קריגט פון איהרע קאָרעספּאָנדענטען אין אלע עקען וועלט. אזוי ארום ברענגען זיי דעם אידישען לעזער פרישע נייעס וואס ער קען ניט געפינען אין ענגלישע צייטונגען און אין וועלכע ער איז בעזונדערס פאראינטערעסירט אלס איד.

די „אידישע טעלעגראפען אגענטור" באדינט מיט איהרע נייעס אויך די אידישע פּרעסע אין אמעריקע וואס ערשיינט אויף דער ענגלישער שפּראך. זי איז אנערקענט דורך אלע רעגירונגען אין דער גאנצער וועלט, און האָט א זעהר גוטע רעפּוטאציע אין וואשינגטאָן צווישען פיהרענדע רעגירונגס אנשטאלטען. די געזעלשאפטליכע ראָלע וואס די „אידישע טעלעגראפען אגענטור" שפּילט אלס אַן איינפלוסרייכע אידישע נייעס אינסטיטוציע איז א בעזונדער קאפּיטעל וועגען וועלכען עס דארף געשריבען ווערען ביי אַן אנדער געלעגענהייט.

די „אידישע טעלעגראפען אגענטור" איז געוואַקסען און האָט זיך ענטוויקעלט, א דאַנק דער אויסערגעוועהנליכער ענערגיע פון איהר מענעדזשינג דירעקטאָר יעקב לאנדוי, וואס איז אויך דער גרינדער פון דער דאָזיגער אינסטיטוציע. זי ווערט פערוואלטעט דורך א דירעקטאָרען-ראט פון וועלכען דזשייקאָב בלאוסטיין, איינער פון די וויכטיגסטע אמעריקאנער אידישע פיהרער, איז דער פּאָרזיצער. איהר פּרעזידענט איז דזשאָרדזש בעקער, וועלכער שפּילט א וויכטיגע ראָלע אין אידישען געזעלשאפטליכען לעבען. אלס אומפּאַרטייאישע נייעס אגענטור האָט זי צווישען איהרע דירעקטאָרען ציוניסטען און ניט-ציוניסטען, און איז אנערקענט אלס איינע פון די סאמע וויכטיגסטע אידישע אינסטיטוציעס אין דער גאנצער אידישער וועלט.

# „פאלקאָר“

פון י. ל. טעלער



ווייל א נייעס אגענטור איז א סטראטעגישער, און אָפט א געפערלעכער וואפן, איז וויכטיק אז צייטונגען אויף יעדן לשון, אָדער אין יעדן געאָגראפישן שטח, זאָלן באדינט ווערן פון מער ווי איין נייעס אגענטור. ווילאנג ס'איז דאָ קאָנקורענץ, מוזן נייעס אגענטורן זיך היטן, אז זייערע נייעס זאָלן זיין ראַיעל, אומפּאַרטייאיש. דערפאר ווערן אמעריקאנער צייטונגען באדינט פון צענדליקער נייעס אגענטורן. און דערפאר טאקע איז צוריק מיט עטלעכע יאָר געשאַפן געוואָרן די פאלקאָר נייעס אגענטור, און, אביסל שפּעטער, די אינדעפּענדענט דזשואיש פּרעס סוירווים, צוויי באזונדערע נייעס אגענטורן, וואס האָבן אָבער א געוויסע פאַרבינדונג צווישן זיך, וועגן וועלכער מיר וועלן שפּעטער דערציילן.

די פאלקאָר נייעס אגענטור איז געגרינדעט געוואָרן פון דער יידישער אגענטור אין יאָר 1934. איר גרינדער אין אַמעריקע און איר רעדאקטאָר ביז אָקטאָבער, 1944, איז געוועזן העברי מאָנטאָר, א צייטונגסמאַן, ליטעראַטור-קריטיקער און נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו דירעקטאָר פון יונייטעד פּאַלעסטיין אפּיל. ער האָט, איז כדאי אָנצואווייזן, די גאנצע צייט געדינט אומזיסט אויפ'ן רעדאקטאָר-פּאָסטן. די אויפגאבע פון פאלקאָר איז צו באַריכטן וועגן ענטוויקלונגען אין ארץ-ישראל, און וועגן געשעענישן אין אַנדערע מדינות אין שייכות מיט ארץ-ישראל. דער הויפּט-צענטער פון פאלקאָר איז שטענדיק געוועזן ירושלים, און דער צווייטער וויכטיקער צענטער — לאָנדאָן. דער פאַלקאָר צעשיקט נייעס צו די יידישע צייטונגען אין אמעריקע, אין דרום-אמעריקע, צו דער ענגליש-יידישער פּרעסע און צו א גרויסער צאָל פּריוואטע אבאָנענטן, איינשליסנדיק פאַרשיידענע פאָרשונג-אינסטיטוציעס. אין די יאָרן פון קריג איז די טעטיגקייט פון פאלקאָר א היפּש ביסל באגרעניצט געוואָרן ווי עס איז באַגרעניצט געוואָרן די טעטיגקייט פון א צאָל אנדערע אגענטורן.

אין יוני, 1941, האָבן א גרופּע יידישע פירער און צייטונגסלייט, איינשליסנדיק יעקב פישמאַן, לואיס ליפּסקי, טשאַרלס ראָזענבלום, ראָבערט סילווערמאַן, געגרינדעט א ריין-אמעריקאנער יידישע אגענטור, אָן וועלכער עס איז אָפיציעלער אָדער אומאָפיציעלער פאַרבינדונג מיט ציוניסטישע קערפּערשאַפטן. די דאָזיקע אגענטור, עטלעכע יאָר צייט אונטער דער הויפּט-רעדאקציע און פאַרוואלטונג פון מארטא ניומארק, טאָכטער פון פאַרשטאָרבענעם יידישן געלערטן דר. דוד ניימארק און א זשורנאַליסטקע מיט א סך רעדאקטאָרשער דערפאַרונג, האָט אָנגעהויבן ווי א דורכאויס ענגליש-שפּראַכיקע אגענטור. דער ערשטער פארוואלטונג-רעדאקטאָר איז געווען ליבי בענעדיקט. די ערשטע צייט האָט די אגענטור זיך ספּעציאַליזירט אויסשליסלעך אין יידישע נייעס פון אמעריקע, א געביט וואס איז היפּשלעך פאַרנאַכלעסיקט געוואָרן ביי אונז וואו די הויפּט קאָנצענטראַציע ביז איצט איז אויף נייעס פון אייראָפּע און ארץ-ישראל.

געשאַפן געוואָרן איז די דאָזיקע אגענטור, גלייך ווי א סך פריער דער פאלקאָר, טאקע צוליב דעם וואָס געוויסע קרייזן האָבן געפילט אז וויכטיקע שטרעמונגען אין יידישן לעבן ווערן ניט גענוג רעפלעקטירט אין דעם דינסט פון די שוין עקזיסטירנדיקע אגענטורן. די אינדעפּענדענט דזשואיש פּרעס סוירווים האָט, אין צוגאָב, צו די נייעס, גענומען ארויסשיקן וועכנטלעכע ארטיקלען, קאָלומס און אויך סוגעסטיעס פאר לייט-אַרטיקלען צו די אָרימע יידיש-ענגלישע וואָכנבלעטער. א סך ווילן האָבן, אז דער אַלגעמיינער ניווא פון די דאָזיקע וואָכנבלעטער איז לעצטנס א סך געשטיגן א דאנק דער קאָאָפּעראציע פון דער אינדעפּענדענט דזשואיש פּרעס סוירווים.

אזוי ווי די אינדעפּענדענט דזשואיש פּרעס סוירווים איז געבוירן געוואָרן אין די יאָרן פון קריג, האָט זי ניט געהאַט קיין מעגלעכקייט איינצושטעלן אן אייגענע אויסלענדישע נייעס דינסט און האָט דערפאר געהאט אראנזשירט מיטן „מאָרגן זשורנאל“ וועגן באנוצן זיך מיט זיינע אויסלענדישע נייעס. אין מיטן יאָר 1944, ווי נאָך געוויסע שטחים אין אייראָפּע און אין צפון אפריקע האָבן גענומען באפרייט ווערן, האָט די אינדעפּענדענט דזשואיש פּרעס סוירווים אויפגעהערט זיך באנוצן מיט די נייעס פון „מאָרגן זשורנאל“ און געעפנט אן אייגענע צענטראלע אין לאָנדאָן, מיט קאָרעספּאָנדענטן אין קאַירא, אלזשיר, סטאקהאָלם, פאריז, ליסבאָן, איסטאַנבול, וועלכע שיקן זייערע נייעס דורך דער לאָנדאָנער צענטראלע צום הויפּט ביוראָ אין אמעריקע. איינגיכן וועט די לאָנדאָנער צענטראַלע נעמען אליין פאנאַנדערשיקן נייעס וואס זי וועט דערהאַלטן פון אמעריקע און וואס זי דערהאַלט פון די אַלע דערמאָנטע שטעט.

בנוגע ארץ-ישראל האָט די אינדעפּענדענט דזשואיש פּרעס סוירווים אן אראנדזשמענט מיטן פאַלקאָר וואָס גיט

איר דאָס אויסשליסלעכע רעכט אויף פּאַנאַנדערצושיקן
פּאַלקאָר נייעס אין די אמעריקאַנער קאָנטינענטן. דערפאַר
זיינען אַלע נייעס פון ארץ ישראל אידענטיפיצירט מיט
דער טאָפּלטער צושריפט: י. פּ. ס. — פּאַלקאָר, וואָס
מיינט אינדעפּענדענט דזשואיש פּרעס סוירוויס — פּאַל-
קאָר נייעס אגענטור.

זייט די אינדעפּענדענט דזשואיש פּרעס סוירוויס האָט
אָנגעשטעלט אַן אייראָפּעאישן סטאַף האָט זי אָנגעהויבן
באַדינען די יידישע פּרעסע דורך אַ יידישן בולעטין.

סאָוועטישע נייעס באַקומט זי דורך אַן אַראַנדזשמענט
מיט דער סאָוועטיש-אידישער פּרעסע אגענטור, אבער
האָפּט אינגיכן צו קאָנען שיקן אַ זייער פּראָמינענטן אמע-
ריקאַנער קאָרעספּאָנדענט קיין מאָסקווע. אמעריקאַנער
נייעס באַקומט די אינדעפּענדענט דזשואיש פּרעס סויר-
וויס פון אַ ריי קאָרעספּאָנדענטן אין אַלע וויכטיקע צענ-
טערן, און האָט, אויסערדעם, דריי צענטראַלעס איבערן
לאַנד — אין וואַשינגטאָן, לאָס אַנגעלעס, שיקאַגע. די
נייעס ווערן דערהאַלטן טעלעגראַפיש און טעלעפאָניש.

די בולעטינען צו דער יידישער פּרעסע ווערן אַרויס-
געשיקט טעגלעך, צו דער ענגליש-יידישער וואָכן פּרעסע—
דריי מאָל אַ וואָך, דער דריטער בולעטין יעדע וואָך באַ-
שטייט פון אַרטיקלען, די אַנדערע צוויי — פון נייעס.

דורך דער צייט פון איר עקזיסטענץ האָט די אינדע-
פּענדענט דזשואיש פּרעס סוירוויס זיך פאַרשאַפט אַ נאָמען
ווי ציוניסטיש-מיליטאַנט אין אירע סוגעסטירטע לייטאַר-
טיקלען, און אויף אַזוי ווייט אומפּאַרטייאיש אין אירע
נייעס אַז אַנטי-ציוניסטישע קערפּערשאַפטן האָבן איר,
אין בריוו, אויסגעדריקט אָפענע אַנערקענונג פאַר איר
ראַיעלקייט און אומפּאַרטייאישקייט. אירע אַרטיקלען זיי-
נען פּאַלעמישע, און עס זיינען דורך איר צוגעשיקט גע-
וואָרן, למשל, אַרטיקלען פון דר. י. נ. שטיינבערג וועגן
זיין פרייַלאַנד ליגע, פון ראַביי היימאַן שאַכטעל, פאָר-
שטייער פון עקסטרעמען אַנטי-ציוניסטישן פליגל פון רע-
פאָרם ראַבינאַט.

די אינדעפּענדענט דזשואיש פּרעס סוירוויס ספּעציאַ-
ליזירט זיך אויף „אויסגראָבן" נייעס פון וויכטיגקייט
פאַר'ן אמעריקאַנער עולם. אונטער דער רעדאַקציע פון
מאַרטאַ ניומאַרק האָט די פּרעס סוירוויס באַריכטעט דעם
פולן פּראָטאָקאָל פון דעם געשלאָסענעם מיטינג, ביי וועלכן
עס איז געגרינדעט געוואָרן דער אַסימילאַטאָרישער, אַנ-
טי-ציוניסטישער אמעריקען קאַונסיל פאַר דזשודאַאיזם.
אונטער דער רעדאַקציע פון שרייבער פון די שורות האָט
די פּרעס סוירוויס די ערשטע באַריכטעט וועגן בעשלום
פון דער קאָנגרעגיישאָן פון ראַביי שאַכטעל אין יוסטאָן,
טעקסעס, צו ערקלערן ציוניסטן און די וואָס האַלטן פון
כשרות, פאַר מיטגלידער אָן שטימרעכט. די אינדעפּענדענט
דזשואיש פּרעס סוירוויס האָט צום יאָר צייט פון וואַרשאַ-
ווער געטאָ אויפשטאַנד אַרויסגעלאָזט אַ ספּעציעלן בולע-
טין מיט געדאַנק אַרטיקלען און מיט סימפּאַטיע-דערקלע-
רונגען פון די פּראָמינענטסטע אמעריקאַנער שטאַטסלייט,
שריפטשטעלער, גייסטלעכע, וועלכע האָבן, אין אַ סך פאַלן,
ערשט דורך דער פּרעס סוירוויס זיך דערוואוסט וועגן דעם
וואַרשאַווער געטאָ אויפשטאַנד.

די אינדעפּענדענט דזשואיש פּרעס סוירוויס האָט גע-
נומען אַ מיליטאַנטע שטעלונג צו דער פראַגע פון אַנטי-
סעמיטיזם אין אמעריקע, וואָס איז זייער אָפּט ניט געפעלן
די וואָס האַלטן פון פאַרשטעלן די מין נייעס.

אינגיכן וועט די פּרעס סוירוויס איינשטעלן אַ פאַר-
צווייגטן לאַטיין אמעריקאַנער פּרעסע דינסט מיט אייגענע
ביוראָס אין איבער צען לענדער, אויף אויפצונעמען און
פּאַנאַנדערשיקן נייעס. אגב, וועט די סוירוויס דערמיט
זיין די ערשטע יידישע נייעס אגענטור צו האָבן אַזאַ פאַר-
צווייגטן סטאַף אין לאַטיין אמעריקע.

די אינדעפּענדענט דזשואיש פּרעס סוירוויס צו קאָ-
נען זיין אמת זעלבסטשטענדיק, האָט זיך אָפּגעזאָגט צו
נעמען וועלכע עס איז סובסידיעס פון אָרגאַניזאַציעס וועל-
כע האָבן עס איר אָנגעבאָטן. אַן אָרגאַניזאַציע און אַ
יחיד צאָלן הונדערט דאָלאַר פאַר אַן אַבאָנאָמענט. עס זיי-
נען פאַראַן פאַרצווייגטע אָרגאַניזאַציעס וואָס דאַרפן, פאַר
זייערע אַרומרייזנדיקע רעדנער און פאַר זייערע פאָרשונג-
אינסטיטושאָנס אַ גרויסע צאָל אַבאָנאָמענטן. קיין איין אָר-
גאַניזאַציע האָט ניט מער ווי צען אַבאָנאָמענטן ביי
דער אינדעפּענדענט דזשואיש פּרעס סוירוויס. קיין איין
אָרגאַניזאַציע אין יידישן לעבן האָט ניט קיין פאַרטרעטער
אין דירעקטאָרן באָאַרד אָדער אין דער רעדאַקציע פון דער
אינדעפּענדענט דזשואיש פּרעס סוירוויס. די אינדעפּענ-
דענט דזשואיש פּרעס סוירוויס איז אַזוי אַרום די איינ-
ציקע יידישע נייעס אגענטור וועלכע איז אינגאַנצן ניט
אָפּהענגיג מיט איר בודזשעט אָן פּאַרטייען אָדער געזעל-
שאַפטלעכע אינסטיטוציעס. איר בודזשעט איז דורכאויס
פון אַבאָנאָמענטן און, לעצטנס, פון קאָמיוניטי טשעסטס
און וועלפער פאָנדן וועלכע זיינען אַלע רעפּרעזענטאַטיווע
קערפּערשאַפטן אָן פּניות.

י. ל. טעלער האָט אָקטאָבער, 1944, איבערגענומען די
רעדאַקציע פון פּאַלקאָר, מיט וועלכער ער איז געווען אַ
צייטלאַנג פאַרבונדן אויך פריער, און פון דער אינדעפּענ-
דענט דזשואיש פּרעס סוירוויס. ער איז ווייטער פאַר-
בליבן אַ מיטגליד פון רעדאַקציאָנעלן סטאַף פון „מאָרגן-
זשורנאַל" (מיט וועלכן ער איז פאַרבונדן זייט 1934),
אָבער מיט באַגרעניצטע פונקציעס. ער שרייבט דאָרט
איין פּובליציסטיש אַרטיקל אַ וואָך, און איין רעצענזיע אַ
וואָך איבער אַן ענגליש בוך.



# די הומאָריסטישע זשורנאַלען — „דער קיבעצער“ און „גרויסער קונדס“

פון **חנא גאָטעספעלד**

---

עס איז געווען אמאָל אַ צייט, ווען צוויי הומאָריס־טישע זשורנאַלען דער „קיבעצער“ און „דער גרויסער קונדס“ האָבען געשפּילט אַ באַדייטענדע ראָלע אין אמע־ריקאַנער אידישען לעבען. זיי האָבען געהאַט אַ גרויסע צאָהל חסידים. עס זיינען געווען אידען, וועלכע האָבען אָהן דעם „קונדס“ אָדער „קיבעצער“ ניט געקענט אויס־קומען. זיי האָבען פון דאָרט געשעפּט אינפאָרמאַציע. זיי האָבען פון דאָרט זיך דערוואוסט ווער פון די געזעל־שאַפטליכע טוער האָט זיך פּאַרזינדיגט אָדער אויסגע־גליטשט אָדער געזאָגט אַ נאַרישקייט; וועלכער שרייבער עס האָט אָנגעשריבען אַ שלעכטען אַרטיקעל.

מען האָט געלייענט און געלאַכט. מען האָט די וויצען איבערדערצעהלט איינער דעם צווייטען. מאַנכע האָבען די וויצען זיך אויסגעלערנט אויף אויסענווייניג און זיי אי־בערגעזאָגט אין זייערע רעדעס ביי זייערע פּאַראיינען.

אַ קהלשער פירהער האָט זיך געפיהלט באַליידיגט ווען ער איז ניט אויסגעלאַכט געוואָרען אין איינעם פון די צוויי זשורנאַלען.

און אמת אידיש זיינען געווען די צוויי וויץ־בלעטער. זיי האָבען גוים ניט געטשעפּעט. מיט אמעריקע זיינען זיי נאָך ניט געווען באַקאַנט. זיי זיינען ניט געווען לאַנג אין לאַנד. זיי האָבען זיך געגריבעלט אין אידיש־געזעל־שאַפטליכען לעבען און זייערע פיילען געצילט אין דער אידישער גאַס. אמאָל האָבען זיי געטראָפען שולדיגע, אָפט ניט שולדיגע. אבער די געשאָסענע זיינען זעלטען שווער פאַרוואונדעט געוואָרען. שטאַרק געטראָפען האָבען זיך געפיהלט בלויז די, אויף וועלכע מען האָט ניט גע־שאָסען, וועלכע מען האָט איגנאָרירט.

וועגען דעם ווי אַזוי עס האָט זיך געגרינדעט דער ערשטער הומאָריסטישער זשורנאַל — „דער קיבעצער“, דערצעהלט יוסף טונקעל (דער טונקעלער), דער ערשטער רעדאַקטאָר און גרינדער פון ערשטען וויץ־בלאַט, פאָל־גענדע געשיכטע:

ער האָט געאַרבייט ביי ליטאָגראַפיע, האָט פאַרדינט עלף דאָלאַר אַ וואָך. דאָס איז דאַמאָלס, אין יאָר 1908, באַטראַכט געוואָרען אלס אַ גרויסע סומע. ווי ער זאָגט, וואָלט ער קיינמאָל ניט געווען אוועקגעוואָרפען אַזאַ גוטע שטעלע און געוואָרען אַ רעדאַקטאָר. אָבער די דאָקטוירים האָבען אים געזאָגט, אַז צוליב זיינע שלעכטע אויגען מוז ער גלייך אויפגעבען זיין אַרבייט, ווען ניט, וועט ער בלינד ווערען. האָט ער אוועקגעוואָרפען זיין אַרבייט און געהאַט אַ סך צייט. האָט ער אָנגעשריבען אַ ליד, וועלכע ער האָט גערופען: — „עס דרינזשעט און ברינזשעט, עס טויג אויפ׳ן פּאַן“. דאָס איז געווען אַ פּאַראַדיע אויף יואל סלאָנימ׳ס אַ ליד. האָט ער אין הויז פון דעם שריפט־שטעלער א. י. חיימאָוויטש געטראָפען דעם שריפטשטע־לער ידידיה מאַרגאָליעס, וועלכער האָט אָנגעשריבען אַ ליד „דער ווײַדעל“, אָפּגעלאַכט פון אַ דאַמאָלס באַרימטען שרייבער. האָבען ביידע פאַרגעלייענט זייערע לידער פאַר חיימאָוויטש׳ן און אַלע האָבען געשמאַק געלאַכט. איז אויסגעדריקט געוואָרען אַ מיינונג, אַז עס איז נויטיג צו גרינדען אַ זשורנאַל, וואו מען זאָל קענען דרוקען אַזעלכע זאַכען, קענען זאָגען אַ שאַרף וואָרט און לאַכען.

נאָך לאַנגע דעבאַטען איז באַשלאָסען געוואָרען, אַז דער טונקעלער איז דער פּאַסענדער מענש צו ווערען דער רעדאַקטאָר פון אַזאַ זשורנאַל.

ווי דער טונקעלער גיט איבער, האָט ער זיך ניט גע־לאָזען לאַנג בעטען. ער האָט געהאַט אי די צייט, אי דעם חשק, אי די נויטיגע פאַר דאָלאַר אויף אַרויסצוגעבען אַזאַ זשורנאַל.

ער איז גלייך אוועק צו י. אַדלער, וועלכען ער האָט געהאַלטען פאַר פעהיג צו שרייבען פאַר אַזאַ זשורנאַל. אַדלער האָט דעמאָלט געהאַט אַ סטאָרקע אין וויליאַמס־בורג. ווען ער האָט געהערט, אַז מען פּאַרלאַנגט פון אים אַ שטיפעריי, האָט איבערגעלאָזען די קאָסטימער פון סטאָר און זיך גלייך געזעצט שרייבען.

עס האָט ניט לאַנג געדויערט און דעם 15טען אַפּריל, 1908, איז אַרויס דער ערשטער נומער „קיבעצער“.

אויף דער פראָנט־פּיידזש איז געווען געדרוקט אַ קאַר־טון געצייכענט פון טונקעלען, פאָרשטעלענדיג ווי דר. חיים זשיטלאָווסקי, איז אָנגעטאָן אין טלית און תפילין, האַלט אַ באַמבע מיט אַ חסידישען פּאַנטאָפעל אין איין האַנט און אַ רוסישע לאַפּציע אין דער צווייטער האַנט. אונטער דעם קאַרטון איז געווען אונטערגעשריבען ווי דר. זשיט־לאָווסקי באַווייזט פון זוהר, אַז קאַרל מאַרקס איז גערעכט און אַז די סאָציאַלע רעוואָלוציע וועט קומען אין מיטען זאָגען תהילים. אין יענעם נומער איז, פאַרשטעהט זיך, געווען געדרוקט „עס דרינזשעט און ברינזשעט“, „דער

ווײדעל״, א שטיפעריי פון י. אדלער און אויך אפילו א ליד פון דעם דיכטער מאני לייב.

ווי דער טונקעלער דערצעהלט, האָט ער אליין צוטראָגען די פעקלאך צייטונגען צו די סטענדס און געדענקט, אז מיט די פאָר סענט, וועלכע ער האָט אריינגעלעגט אין דעם זשורנאל, מעג ער זיך שוין געזעגנען. ווען ער איז אבער אין צוויי טעג ארום געגאַנגען כאַפּען א קוק אויף די סטענדס צו זעהן ווי אזוי עס זעהען אויס זיינע קיבעצערס, האָט ער קיין „קיבעצערס״ מעהר ניט געפונען און די סטענד-קיפּערס האָבען געשמייכעלט און אים געזאָגט, אז ס׳איז א גרויסער ערפאָלג. איהם האָט אויסגעזעהן ווי גאַנץ איסט בראָדוועי, גאַנץ ניו-יאָרק, לאַכט, פרעהט זיך, פאָדערט נאָך „קיבעצערס״. ער האָט באלד געלאָזען דרוקען א צווייטע אויפלאגע און זיך געגרייט אַרויסגעבען א צווייטען נומער.

פאַר׳ן צווייטען נומער האָט ער שוין געקראָגען אַ שותף, גרעגאָרי האָראָוויץ.

אין די אַנדערע נומערען זיינען געווען קארטונס ווי אב קאַהאַן פייט זיך מיט יעקב גאָרדין אין מעדיסאָן סקווער גארדען, ווי ש. יאנאָווסקי, דער רעדאקטאָר פון דער „פרייער ארבייטער שטימע״ ליגט אונטער׳ן בעט שרייבענדיג זיין פלאם-פייערדיגען פיטשור-אַרטיקעל „אויף דער וואַך״. עס האָבען דאָרט אויך געשריבען דער באַרימטער סאַטיריקער מ. באראנאָוו און דער דיכטער מאָריס ראָזענפעלד אונטער פאַרשטעלטע נעמען.

דער „קיבעצער״ איז דאמאָלס געווען א מאָנאַטבלאַט. נאָך אַ פאָר חדשים איז דער טונקעלער אַרויס פון „קיבעצער״ און געגרינדעט דעם „גרויסען קונדס״ צוזאַמען מיט יעקב מארינאָוו. טונקעל׳ס פּלאַץ אין „קיבעצער״ האָט פארנומען חיים גוטמאַן, דער לעבעדיגער.

דער „לעבעדיגער״, וועלכער איז געווען דער רעדאַקטאָר פון „קיבעצער״ פאַר פילע יאָרען, זאָגט, אַז לויט זיין מיינונג איז די גרינדונג פון „קיבעצער״ ארויסגעוואקסען פון דעם רעוואָלט פון די יונגע שרייבער געגען די אַלטע. די יונגע שרייבער האָבען געהאלטען, אז די אלטע שרייבער, מיט קליינע אויסנאהמען, האָבען גאָר ניט קיין טאַלאַנט, נאָר זיי האבען פארכאַפּט די פלעצער, זיצען אויף די פערד און לאָזען קיינעם ניט צו. זיי האבען געהאַלטען, אז די אַלטע שרייבער זיינען אַן אומגליק פאַר דער אידישער ליטעראטור און געפיהלט, אַז ווען מען לאָזט זיי, וואָלט די אידישע ליטעראטור אויפגעבליהט. ביי איין טישעל אין שלום׳ס קאפע אויף קאנאל סטריט, זיינען געזעסען די יונגע שרייבער און חוזק געמאַכט פון די עלטערע. ביי א צווייט טישעל זיינען געזעסען די עלטערע שרייבער און חוזק געמאכט פון דער חוצפה פון די יונגע. ביי א דריט טישעל זיינען געזעסען אזעלכע וואס האָבען גלאַט געשפּאַסט און חוזק געמאַכט פוןביידע צדדים.

ווען די קיבעץ-בלעטער זיינען ערשינען, האָבען די טישלאך פון שלום׳ס קאפע געקראָגען דאָס וואָרט. אם שטאַרקסטען איז דאָרט געקומען צום אויסדרוק דאָס טישעל פון די יונגע. שפּעטער האָט דער „קיבעצער״ און „גרויסער קונדס״ זיך אָפּגעגעבען מעהר מיט אלגעמיינעם הומאָר און שלום׳ס טישלאך האָבען דאָרט פארנומען וועניגער פלאַץ.

ווי יעקב מארינאָוו זאָגט, איז דער „גרויסער קונדס״ געוואָרען א גוט געשעפט אונטער זיין רעדאקציע. (ער איז געוואָרען רעדאקטאָר פון גרויסען „קונדס״ נאָכדעם ווי דער טונקעלער איז אוועקגעפאָרען קיין אייראָפּע). ער האָט זיך אָפּגעגעבען אויך מיט דער ביזנעס זייט און געזעהן, אז זיין צייטונג זאָל זיין גוט פאַר די מאַסען און עס איז אים געלונגען, זאָגט ער.

ביידע צייטונגען, דער „קיבעצער״ און „גרויסער קונדס״ זיינען פון מאָנאַט-זשורנאלען פארוואַנדעלט געוואָרען אין צוויי-וועכענטליכע און דערנאָך וועכענטליכע זשורנאלען.

ווען אי דער „גרויסער קונדס״ און אי דער „קיבעצער״ זיינען געוואָרען וועכענטליכע צייטונגען, איז געוואָרען אַ יקרות אויף הומאָר. מען האָט געצאָהלט פאר א וויץ, פאר אַ שפּריץ. שרייבער האָבען פארקאטשעט די אַרבעל און אָנגעהויבען לאכען. ניט אלע האָבען געקענט, אָבער מען האָט געפּרוּווט. פאראַן וועניג שרייבער, וועלכע האָבען ניט געשריבען פאר די וויץ-בלעטער.

אין ביידע רעדאקציעס האָבען די רעדאַקטערע געקרעכצט זוכענדיג הומאָר. ספּעציעל שטארק איז געווען דאָס קרעכצעריי אין דער רעדאקציע פון „גרויסען קונדס״. יעקב מארינאָוו האָט געפאָדערט זאכען מיט א גאראנטיע, אַז מען וועט זיכער לאכען. ער האָט געפאָדערט מעשיות, וועלכע זאָלען זיין אי וויציג, אי מען זאָל האָבען וואס נאָכצודערצעלען.

דער „לעבעדיגער״ האָט געשטעלט קלענערע פאָדערונגען. ער האָט זיך באַנוגענט מיט אַ שמייכל. ער האָט בלויז געוואָלט, אז עס זאל זיין ליטעראַריש.

דער „גרויסער קונדס״ האָט זיך באַוואָפענט מיט צוויי שטאַרקע לאכערס: י. אדלער (חוזק׳ס אייניקעל) און משה נאַדיר, וועלכער האָט זיך פּלוצלונג באַוויזען אויפ׳ן הימעל פון הומאָר און שטארק אויסגענומען מיט זיינע אינטערוויוען און טעאטער קריטיקען.

אין „קיבעצער״ האָט דער „לעבעדיגער״ שטאַרק אויסגענומען מיט א סעריע פעליעטאָנען: „אזוי האָט גערזאָגט פאָמפּאדור״. אויך האָט זיך דאָרט אלע מאָל באַוויזען א נייער הומאָריסט, וועלכען דער „לעבעדיגער״ האָט ענטדעקט. ער האָט ליב געהאט צו ענטדעקען נייע טאלאַנטען. אָבער אויב דער נייער הומאָריסט האָט אויסגענומען פלעגט אים דער „גרויסער קונדס״ אויסכאַפּען. דער „קונדס״ האָט געקענט בעסער צאָהלען. משה נאַדיר האָט זיין ערשטע הומאָריסטישע זאַך געדרוקט אין „קיבעצער״.

אין די צוויי הומאָריסטישע צייטונגען האָבען זיך באַטייליגט די פאָלגענדע שרייבער: שלום עליכם, אברהם רייזען, יהואש, דוד פינסקי, אָסיפ דימאָוו, צביון, דר.

נחמן סירקין, ד. בערקאָוויץ, ראובן ברײנין, משה ליב האלפּערן, יוסף באנק, (באנקיר פון יאָסעלדאָרף), עוזיאל פלײשמאן, לעאָן קעסנער, א. ל. וואָלפסאָן, אלמי, לוצקי, נחום י., מיכל קאפּלאן, דר. מוקדוני, דר. קאָראַלניק, וואָהלינער, י. חײמאָוויטש, מרים קארפּילאָוו, א. זעלדין, בען פינקעל, מארק שווײד, ש. אדלער (אשמדאי), ליביש לעהרער (מעפיסטאָ), יעקב רײך, ב. ביאַליסטאָצקי, לעאָן קרישטאַל, י. פינקעלשטײן, פיליפּ גאָסין, מאַטווײקע, קאָנראד בערקאָוויטש, דוד אַפּאָטהעקער, א. ל. באראָן, וו. פּאַכאצקי, יעקב קירשענבוים, און נאָך און נאָך.

אַ גרויסן טייל פון דעם ערפאָלג פון די הומאָריסטישע זשורנאַלען איז געווען צו פאַרדאַנקען די קאַרטוניסטען, וועלכע האָבען שנעל געקראָגען א נאָמען. זיי זיינען: לאָלא, וועלכער האָט אָנגעהויבען אין „קיבעצער" און דערנאָך געאַרבייט יאָהרען לאנג אין גרויסען „קונדרס". לעאָן זאגאט און זוני מאוד, וועלכע האָבען מײסטענס געאַרבייט אין „קיבעצער". סאול ראסקין, וועלכער האָט געאַרבייט אי פאַר'ן „קיבעצער", אי פאר'ן „קונדרס"; מיטשעל לאוב, פּאָשקא, ארט יאָנג, איזידאָר בוזעט און ראובן ליעף.

אפילו אזעלכע ערנסטע שרײבער ווי יעקב גלאטשטײן, ב. ריווקין, און א. גלאַנץ האָבען דאָרט געשריבען.

דער „קיבעצער" און דער „קונדרס" האָבען פארלוירען זייער גלאַנץ נאָכדעם ווי די בעסטע מיטארבייטער זייערע זיינען אוועק אין די טעגליכע צייטונגען. דער „קיבעצער" איז געווען דער ערשטער זיך צו פארמאכען. איר רעדאקטאָר איז אריבער אין „גרויסען קונדרס", וועלכער האָט זיך פארמאכט אין 1927.

דער „גרויסער קונדרס" האָט זיך געהאַלטען לענגער און איז אויך די מייסטע צייטען געווען פינאַנציעל שטארקער ווי דער „קיבעצער", ווייל ער האָט געהאַט איין בעל-הבית, דעם ענערגישען יעקב מארינאָוו. אין „קיבעצער" האָבען זיך אָפט געביטען די בעלי הבתים. ער פלעגט זיך אָפּשטעלען אויף א וואָך צוויי ווען איין בעל-הבית איז אוועק און א צווייטער איז געקומען. דער „לעבעדיגער" איז צייטענווייז אוועק פון „קיבעצער" און געאַרבייט פאר אַ ווײלע אין „גרויסען קונדרס". דער „קיבעצער" האָט פאר א קורצע צייט געהאַט נאָך צוויי רעדאקטערע אַ חוץ דעם לעבעדיגען. זיי זיינען געווען: גרעגאָרי האָראָוויץ און דוד אַפּאָטהעקער.

דער „גרויסער קונדרס" איז ביי איר רעדאקטאָר און אַרויסגעבער געווען ווי א קינד, פון וועלכען מען וויל זיך ניט שיידען. אָט דער „גרויסער קונדרס" האָט זיך דערפאר אונטער מארינאָוו'ס מענעדזשמענט קיינמאָל ניט אָפּגעשטעלט אפילו אונטער די ערגסטע אומשטענדען. האָט איינמאָל אויסגעבראָכען א סטרייק אין „קונדרס" (עס האָבען געסטרייקט משה נאַדיר, י. אַדלער, דער שרייבער פון דעם אַרטיקעל און א. ל. וואָלפסאָן), איז מארינאָוו ארויס מיט א גוואלד: „אַרביטעריישאָן!" — „אידען, מען וויל מיך קוילען!" — האָט ער געשריען, און ער האָט שנעל געסעטעלט דעם סטרייק.

דער „לעבעדיגער" רעדענדיג וועגען דעם „קיבעצער", וואָס ער האָט א צייט יאָרען רעדאַקטירט, זאָגט, אַז זיין צײטונג, פּונקט ווי דער „גרויסער קונדרס", האָבען אַ סך פאַרדינסטען דורך דעם וואס זיי האָבען געמאכט מעניטען צום לאַכען, אָבער זיי האָבען אויך אַ סך עבירות אויף זיך. זיי האָבען אָפּט אַטאַקירט צו שאַרף און ניט אימער דעם שטאַרקען. מילא, זאָגט ער, אין דעם קאמף געגען דעם „פאָרווערטס", איז עס געווען א קאמף געגען א שטאַרקען. דער „פאָרווערטס" האָט געהאַט א סך געגנער. אַן אַטאַקע אויפ'ן „פאָרווערטס" האָט אויסגענומען; אַן אַטאַקע אויפ'ן „פאָרווערטס" איז אין די ערשטע צייטען (שפּעטער איז עס שוין געווען צופיל) אַ גרויסער ערפאָלג.

„אָבער וואָס האָט מען געוואָלט פון שוואַכע מענשען?" פרעגט דער „לעבעדיגער", האָבענדיג חרטה אויף זיינע זינד פון דער יוגענד.

ער דערצעהלט, אז א קארטון וועגען ש. יאַנאָווסקי'ן, וואָס איז ערשינען אין „קיבעצער", האָט אים א לאַנגע צייט וועה געטאָן. דער קארטון איז געווען ווי יאַנאָווסקי פאַרקליידט אלס גאסען-פרוי, ווינקט צום עולם מען זאָל געהן צו די „פרייע אַרבייטער שטימע" בעלער. אים האָט זיך אין אָנפאנג אויסגעוויזען, אז דער וויץ איז אזוי שטאַרק, אז מען קען עס דרוקען. אָבער שפּעטער, ווען עס האָט פאַרדראָסען יאַנאָווסקי'ן, האָט עס אים אויך פאַרדראָסען. אבער עס איז געווען פארפאַלען.

„אַזעלכע זינד", זאָגט דער „לעבעדיגער", „האָב איך אַ סך. ס'איז געווען שווער צו זיין אי א רעדאקטאָר פון אַ „קיבעצער" און אי אַ צדיק".

עס זיינען אויך ערשינען אַנדערע הומאָריסטישע זשורנאַלען, וועלכע האָבען ניט לאַנג אָנגעהאַלטען. אָט האָט למשל א בליץ געטאָן „דער אידישער גזלן", רעדאקטירט פון משה נאַדיר און י. אדלער. מען האָט ערוואַרט פיל פון דעם הומאָריסטישען זשורנאַל, ווייל ער האָט געהאַט אַזעלכע צוויי הומאָריסטען פאר רעדאַקטערע, אָבער דער זשורנאַל האָט זיך געהאַלטען בלויז 4 וואָכען.

דער הומאָריסט יוסף באַנק (באַנקיר פון יאָסעלדאָרף) וועלכער האָט זיך געמאכט דעמאָלט א נאָמען דורך זיין אייגענטימליכען הומאָר האָט ארויסגעגעבען הומאָריסטישע פּאָסטעלקאַרדס מיט קאַרטונס און שפּאַסען נאָך איידער עס איז ערשינען דער „קיבעצער" און „קונדרס". ווען דער „קיבעצער" איז ערשינען האָט ער אוועקגעלעגט זיינע זעלבסטשטענדיגע וואַפען און איז געוואָרען א מיטארבייטער פון „קיבעצער" און שפּעטער פון „קונדרס".

די גרינדונג פון די הומאָריסטישע צייטשריפטן „גזלן", „קיבעצער" און „קונדרס" האָט אויך אנטוויקלט דעם קאַרטון אין דער יידישער פרעסע.



# אַ קורצע געשיכטע פון דער העברעאישער פרעסע אין אַמעריקע

פון א. ר. מלאכי

---

## פאָרוואָרט

די געשיכטע פון דער העברעאישער פרעסע אין אמעריקע הויבט זיך אָן אין דער זעלבער צייט וואס די יידישע. דאָס ערשטע העברעאישע בלאט האָט גענומען דערשיינען פופצן חדשים נאָכ׳ן יידישן, אזוי אז עס ווערט באלד 75 יאָר זינט דער גרינדונג פון דער העברעאישער פרעסע.

דורך דעם דריי-פערטל יאָרהונדערט זיינען אין אמעריקע געמאכט געוואָרן פארשידענע פארזוכן צו באַפעסטיקן די עקזיסטענץ פון דַער העברעאישער פרעסע דאָ אין לאנד. עס זיינען דערשינען צענדליקע וואָכנבלעטער, מאָנאַט-שריפטן, ליטעראַרישע זשורנאלן און זאמל-ביכער, פעדאגאָגישע און קינדער-זשורנאַלן. דריי מאָל זיינען געמאכט געוואָרן פארזוכן ארויסצוגעבן טאָג-בלעטער, וואס האָבן אבער קיין דערפאָלג ניט געהאט. עס איז אבער געלונגען צו באפעסטיקן די עקזיסטענץ פון א וואָכנבלאט, אַ חודש-זשורנאל, א קינדער-בלאט און א פעדאגאָגישן פערטל-יאָריקן שריפט; עס גייען אויך ארויס א ליטעראַרישער יאָרבוך, א פערטל-יאָריקער ליטעראַרישער שריפט, אַ האלב-יאָריקער זשורנאל פאר חכמת ישראל, א האלב-יאָריקער מעדיצינישער זשורנאל, און צוויי תורה-זשורנאלן. צוליב מאנגל אין פלַאץ קען איך זיך ניט אָפּשטעלן אויף יעדער אויסגאבע באזונדער, און מוז זיך מצמצם זיין אין די ראמען פון אן אלגעמיינעם איבערבליק.

### ערשטע פרואוון

דאָס ערשטע בלאט, „הצופה בארץ החדשה“, האָט אָנגעהויבן דערשיינען כ״ב סיון תרל״א (דעם 11טן יוני, 1871), דורך צבי הירש בערנשטיין, דערזעלבער, וואס האָט מיט א יאָר פריער געגרינדעט און ארויסגעגעבן די ערשטע יידישע געדרוקטע צייטונג אין אמעריקע, „די פּאָסט“. בערנשטיין איז געווען א ייד אַ משכיל, אבער אַ סוחר מיט אן אונטערנעמונגס-גייסט. געבאָרן אין נייַשטאדט-שירווענט ביי פארמעגלעכע עלטערן, איז ער דערצויגן געוואָרן צו זיין א סוחר. ער האָט אבער אויך געהאַט ליטעראַרישע נייגונגען און פלעגט שרייבן קאָרעספּאָנדענציעס אין די העברעאישע צייטונגען פון יענער צייט, איבערזעצט פּאָפּולערע וויסנשאפטלעכע ארטיקלען און מחבר געווען א לוח. ווען זיינע געשעפטן האָבן גענומען גיין שלעכט און ער האָט פארלאָרן זיין קאַפּיטאל, האָט ער געמוזט אויסוואַנדערן קיין אמעריקע. אין 1870 האָט ער זיך באזעצט אין ניו-יאָרק.

פון דער היים א סוחר מיט אן אונטערנעמונגס-גייסט, האָט ער קומענדיק קיין ניו-יאָרק געזוכט עפּעס א געשעפט, און ניט קענענדיק זיך צושלאָגן צו עפּעס, איז אים איינגעפאלן ארויסצוגעבן א בלאט אין יידיש, וואָס דעמאָלט, די צייט פון דעם דייטש-פראנצויזישן קריג, האָט זיך געפילט א נויטווענדיגקייט אין די אויסגאבע פון אַ יידיש בלאט. דער עולם איז געווען שטארק פאראינטערעסירט אין די מלחמה-נייס, אבער די מערסטע אימיגראנטן האָבן ניט געקענט לייענען קיין ענגליש אָדער דייטש, און בערנשטיין איז געווען זיכער דאָס א בלאט אין יידיש וועט האָבן אן אָפּגאנג און וועט זיך אנטוויקלען פאר א „גוט געשעפט“.

זעקס חדשים איז די „פּאָסט“ דערשינען, בערנשטיין האָט זיך נאָכדעם פאַרבונדן מיט אַ געוויסן יעקב קאָהען, וואָס איז געלאָפן פאר א שטאָטישן אַמט, און מיט אים אַרויסגעגעבן א בלאט אין העברעאיש-יידיש-ענגליש-דייטש, מיט׳ן נאָמען „היברו ניוס“, וואס דער ערשטער נומער איז דערשינען ערב פסח תרל״א (1871). דער שותף האָט אים אבער אָפּגענארט, און נאָכדעם ווי בערנשטיין האָט ארויסבאקומען פון אים דעם זאַץ, האָט ער גענומען ארויסגעבן דעם „הצופה בארץ החדשה“.

דער „הצופה בארץ החדשה“ איז געווען א וואָכנבלאט. די ערשטע נומערן זיינען אבער דערשינען צוויי מאָל א חודש, ווייל, ווי דער ארויסגעבער האָט אין זיין פּראָגראם-אַרטיקל זיך מתנצל געווען, קומען אַלע התחלות אָן שווער. און פון די פריערדיקע פארזוכן בערנשטיין׳ס אויפ׳ן „צייטונגס-פעלד“ איז צו זען, דאָס די גרינדונגען פון די צייטונגען זיינען אים ניט לייכט אָנגעקומען. איבערהויפּט האָט ער געהאט שוועריגקייט אין באקומען אותיות און זעצערס. ער האָט אבער געהאָפט דאָס איצט וועט ער בייקומען אַלע שוועריגקייטן און דאָס העברעאישע בלאט וועט אָנהאלטן זיין עקזיסטענץ. זיין האָפענונג איז געווען געבויט אויף די משכילים און העברעער וואָס האָבן זיך דעמאָלט שוין געפונען אין א גרויסער צאָל אין אמעריקע.

דער „הצופה בארץ החדשה“ האָט זיך געשטעלט אלס

אויפגאבע „צו שטיין אויף דער וואך, צו דערציילן און לאָזן וויסן וואס עס פּאסירט מיט די יידן אין אלע וועלט-טיילן בכלל און אמעריקע בפרט, די געשיכטע פון אלע צייטן וואס עס פאָדערט זיך און איז נויטיק פאר יעדן מענטש צו וויסן" — אַן אויפגאבע, וואָס כמעט יעדע העברעאישע צייטונג אין יענער צייט האָט זיך געשטעלט. דאָ איז נאָר צוגעגעבן דער לאָקאלער קאָליר פון אַ בלאַט, וואס דערשיינט אין דער מעטראָפּאָליטן פון אמע-ריקע.

דער „הצופה בארץ החדשה" איז דערשינען פינף יאָר. פון די אלע יארגאנג האָבן זיך נאָר 25 נומערן פון ערשטן האלב יאָר אויפגעהאלטן אין דער ניו-יאָרקער ביבליאָטעק (אַ פולער גאנג פון דריטן יאָר געפינט זיך אין א פּריוואטן באַזיץ און מען קען צו דעם ניט צוקומען). פון די עט-לעכע נומערן ווי אויך פון בערנשטיינ׳ס אַן ארטיקל אין „ילקוט מערבי", באקומט זיך א בילד פון „הצופה בארץ החדשה" ווי א בלאַט וואס זיין הויפּט ציל איז געווען צו דערוועקן ליבע צו העברעאיש ביי די אמעריקאנער יידן. ער האָט אויך געפירט א שטארקן קאמף מיט די רעפאָר-מער, וואס האָט אויך געבראכט צו א קעגן-אַטאַקע מצד די רעפאָרם-ראביים אויף די „הצופה בארץ החדשה". דאָס בלאַט האָט אויך רעאגירט אויף געזעלשאפטלעכע פראגן און קהל׳ישע אינטערעסן אין דעם אָרטאָדאָקסישן לאַגער, אַזוי בשעת די מחלוקת צווישן די רבנים אהרנסאָן און אַש אין אָנהויב פון די זיבעציקער יאָרן, האָט בערנשטיין זיך געשטעלט אויף דעם צד פון אַש׳ן. דער „הצופה בארץ החדשה" האָט געהאט א ליטערארישע אָפּטיילונג מיט׳ן נאָמען „חזון הצופה", וואס אין אים האָבן זיך געדרוקט חקירה און תורה מאמרים, לויט דעם נוסח פון „הצופה להמגיד". אין דער אָפּטיילונג האָבן זיך באַטייליגט איי-ניקע שרייבער און געלערטע אין אייראָפּע, ווי ר׳ שלמה באבער, דער פּאָעט גאָטלאָבער און ר׳ ישראל יפה. פון די אמעריקאנער שרייבער וואס האָבן זיך באטייליקט אין בלאַט איז צו דערמאנען לעאָן הורוויץ, באקאנט אין דער העברעאישער פּרעסע מיט׳ן פּסעוודאָנים איל"ה. ער האָט בערנשטיינען געהאָלפן גרינדן דאָס בלאט און איז געווען זיין הויפּט מיטארבעטער. הורוויץ האָט אויף די זייטן פון „הצופה בארץ החדשה" גענומען אגיטירן פאר דער אויס-וואנדערונג פון די רומענישע יידן קיין אמעריקע. בערנ-שטיין איז אין דער דאָזיקער פראגע מיט אים ניט איינ-שטימיק געווען, און הורוויץ האָט זיך אויפגעהערט צו באַטייליקן אין „הצופה בארץ החדשה".

די אויסגאבע פון „הצופה בארץ החדשה" איז אָפּגע-שטעלט געוואָרן ארום 1876. דורך די פינף יאָר פון איר עקזיסטענץ האָט זיך געשאפן א באדערפעניש פאר א העב-רעאישן אָרגאן אין לאנד. מיט דעם האָט זיך באַנוצט נחמן דוב עטעלזאן, וואס האָט אין 1877 גענומען ארויס-געבן די „איזראעליטישע פּרעסע" אין שיקאגא, און האָט צום יידישן בלאט צוגעגעבן א העברעאישע ביילאגע „היכל העבריה". אין דער ביילאגע האָבן זיך מערסטנס באַטייליקט רבנים און משכילים פון שיקאגאָ. אויף די זייטן פון „היכל העבריה" איז אָנגעפירט געוואָרן א שטורמדיקער קאמף קעגן דעם רעפאָרמירטן רב און גע-לערטן פעלזענטאל, וואס האָט געוואָלט מתיר זיין אָנצו-נעמען גרים נאָר דורך טבילה אליין, און דאָס איז דע-מאָלט שיעור ניט געוואָרן א „געזעלשאפטלעכע פראגע".

דער „היכל העבריה" האָט געזאָלט פארנעמען דעם פּלאַץ פון „הצופה בארץ החדשה", אבער אין 1884 האָט די „איזראעליטישע פרעסע" צוזאמען מיט דער העברע-אישער ביילאגע אויפגעהערט צו דערשיינען.

מיט א דריי יאָר פאר דעם אונטערגאנג פון „היכל העבריה" האָבן די „משכילים" אין ניו-יאָרק גענומען אַרויסגעבן א פערטל-יערלעכן זאמל-בוך מיט׳ן נאָמען „המאסף בארץ החדשה", וואס איז געווען דער אָרגאן פון דער חברה „שוחרי שפת עבר", דער ערשטער העברעאי-שער פאראיין אין אמעריקע, וואס איז אין 1880 געגרינ-דעט געוואָרן אין ניו-יאָרק. די ערשטע העפט איז דערשי-נען אין 1881 און א חוץ באריכטן וועגן דער טעטיגקייט פון פאראיין און דער ביבליאָטעק וואס איז דורך איר גע-גרינדעט געוואָרן, געפינען זיך אין ביכל אויך עטלעכע קליינע שוואכע אַרטיקלען, אַ ליד און א תפלה געשריבן פון א חזן מיטן נאָמען שרייבער. דער „המאסף בארץ החדשה", איז רעדאקטירט געוואָרן פון מרדכי יהלמשטיין. דער פאראיין האָט ניט לאנג עקזיסטירט און דאָס האָט אויך געמאכט א סוף צום זשורנאל.

קרוב צו יענער צייט האָט זיך אויך אין שיקאגא גע-נומען שאפן א העברעאישע באַוועגונג. אין 1885 איז דאָרט געגרינדעט געוואָרן א פאראיין „דורשי ספרות עברית" מיט׳ן צוועק צו אָרגאניזירן די העברעער און פארשפרייטן די העברעאישע ליטעראטור און קולטור אין אמעריקע. דורכ׳ן פאראיין איז אויך אויפגעעפנט געוואָרן א ביבליאָטעק, און עס זיינען געגרינדעט געוואָרן העברעאישע קורסן פאר די מאסן. דער פאראיין האָט אויך גענומען די איניציאטיוו ארויסצוגעבן א זשורנאל. די אויסגאבע איז אבער אָפּגעלייגט געוואָרן ביז לעאָן זא-לאטקאָף האָט סוף די אכציקער יאָרן זיך באזעצט אין שיקאגאָ. געפינענדיק אין אים א באדייטענדע זשורנא-ליסטישע און ליטערארישע קראפט, האָבן זיך די הייפל שרייבער צוגעטוליעט צו אים און אזוי געשאפן דעם „קרן אור", א חודש זשורנאל וואס האָט גענומען דער-שיינען אין פעברואר 1889, און איז געווידמעט געווען צו „יידישע אינטערעסן, וויסנשאפט און יידישע ליטערא-טור".

דער „קרן אור" איז דער ערשטער העברעאישער חודש-זשורנאל אין אמעריקע. ארויסגעגעבן דורך די „דורשי ספרות העברית", איז א גרויסער טייל פון זיין אינהאלט אויסגעפילט געוואָרן מיט באריכטן און דרשות, וואס זיי-נען געהאלטן געוואָרן אין פאראיין. דער ליטעראריש-פובליציסטישער טייל איז געווען אָרעם. דער מערסטער מאַטעריאל איז אויסגעפילט מיט דעם רעדאקטאָרס אַר-

טיקלען, לידער און דערציילונגען. פּרץ וויערניק האָט פּאַרעפנטלעכט א היסטאָרישע קאָמפּילאַציע מיט׳ן נאָמען „ספרות נודדת" און דער רב פּעלזענטאל — א קורצן אַר־טיקל אין דער פאָרם פון „א בריוו צום רעדאַקטאָר", אין וועלכן ער האָט באַריירט איניקע פּראָבלעמען וועגן די פריש־געקומענע אימיגראַנטן און דערציאונגס־פראַגן. דאָס איז כמעט דער איינציקער אקטועלער אַרטיקל אין זשור־נאַל. פון דעם ערשטן העפט ביז דער דערשיינונג פון דעם צווייטן, וואס איז אויך דער לעצטער געווען, האָט געדויערט פינף חדשים. דער פּרואוו האָט זיך ניט איינגעגעבן.

## די בליאונגס־פּעריאָדע

די בליאונגס־פּעריאָדע פון דער העברעאישער פּרעסע אין אמעריקע הויבט זיך אָן אין אָנהויב פון די ניינציקער יאָרן. אין יענער עפּאָכע זיינען אין ניו־יאָרק, באַלטי־מאָר און שיקאגא דערשינען עטלעכע וואָכנבלעטער, חודש־זשורנאַלן און אַזוי זאַמל־ביכער פון פאַרשידענע ריכטונ־גען. די מערסטע האָבן ניט לאַנג עקזיסטירט. די אַרויס־געבער און רעדאַקטאָרן האָבן זיך גענוג געמוטשעט, דאָך האָט די פּרעסע זיך דעמאָלט אַנטוויקלט, געשאַפן א קרייז לייענער, אַרויסגעבראַכט עטלעכע אַנגעזעענע שרייבער, און טראָץ פאַרשידענע איבעררייסן, האָט זי מער־ווייניקער באַפעסטיקט איר עקזיסטענץ.

די התחלה פון דער דאָזיקער פּעריאָדע באַדאַרף מען אָבער זען אין דעם יאָר 1889, ווען ס׳האָבן גענומען דער־שיינען דריי צייטונגען מיט אַמאָל. „הקול" דורך מיכאל לוי ראַדקינזאָן; „הלאומי" דורך אפרים דיינארד; און „הפסגה" דורך וואָלף שור.

די דריי זיינען געווען באַקאַנטע שרייבער אין אייראָ־פּע און זיינען אין איין צייט געקומען אין אמעריקע. קו־מענדיק דאָ האָבן זיי געפונען א משכיל׳ישע אַטמאָספערע, וואס האָט ניט געוואָלט זיך צוגעוואוינען צו לייענען יידיש, האָט געלעכצעט און געבענקט נאָך א העברעאיש וואָרט, און די אַקאָרשט געקומענע שרייבער, האָבן גע־האָפט, אז זיי וועט געלינגען צו „פאַרפלאַנצן" דאָס העב־רעאישע וואָרט אין דער מאַטעריאַליסטישער אמעריקע, און יעדער איינער האָט געזוכט צו פאַרכאַפּן דעם באָדן און געאיילט אַרויסצוגעבן א בלאַט.

דער עלטערער, ראַדקינזאָן, איז שוין געווען געניט אין אַרויסגעבן צייטונגען. ער האָט יאָרן־לאַנג געהאַט אַרויס־געגעבן דעם „קול", „יקול לעם", „אספת חכמים" און אַנ־דערע צייטונגען אין העברעאיש און יידיש, אין קעניגס־בערג, האַמבורג, ווין און פּרעסבורג. גלייך ווי ער איז אַרונטער פון שיף האָט ער אין ניו־יאָרק באַנייט זיין „הקול", וואס איז דערשינען צוויי מאָל א וואָך, און וואס האָט געזאָלט זיין „א ליטעראַריש־פּאָליטישע בלאַט פאַר לעבנס־פראַגן און קריטיק, וואס שפּרייט זיינע צווייגן אויס איבער גאַנץ אייראָפּע און אַמעריקע".

ראַדקינזאָן, וואס נאָך אין קעניגסבערג האָט ער זיין בלאַט געמאַכט א פרייע פּלאַטפאָרמע פאַר אַלע געזעל־שאַפטלעכע און סאָציאַלע ריכטונגען, האָט אויך דאָ גע־וואָלט אָננעמען א נייטראַלע שטעלונג אין דעם אמעריקאַ־נער יידישן לעבן, א מין „שביל־הזהב"־ריכטונג, כדי אַלע־מען צו געפעלן. ער האָט פּאַרזיכערט ניט זיך צו מישן אין די „שטרייטן צווישן די אַלט־מאָדישע און פאָרטגע־שריטענע", וואס מיינט די אָרטאָדאָקסן און רעפאָרמער; וועט קיינעם ניט קריטיקירן, נאָר וועט זען ברענגען אחדות און שלום...

דיינארד האָט דעם „הלאומי" (אָנגעהויבן דערשיינען י׳ טבת תרמ״ט), געמאַכט פאַר א קאַמפּס־אָרגאַן און א פרייע פּלאַטפאָרמע וואו יעדער איינער זאָל קענען קעמפן „אָן שום משא־פנים פאַר דעם אמת". ער איז, אפילו, גע־ווען געווידמעט פאַר „קאָלאָניזאַציאָן, וויסנשאַפט און לי־טעראַטור", אבער בעיקר האָט דיינארד געצילט אז דאָס בלאַט זאָל דינען ווי א העברעער טריבון, וואס דורך אים זאָל יעדער שרייבער קענען זאָגן דעם אמת און „אַרויס־טראָגן א גערעכטן משפּט". די טענדענץ פון „הלאומי" איז געווען חבת־ציון, און דער רעדאַקטאָר האָט דאָס אויס־געדריקט מיט באַקעמפן די אדמיניסטראַציע פון באַראָן ראָטשילד׳ס קאָלאָניעס אין ארץ־ישראל און אנדערע חובבי־ציון פירער אין אמעריקע, רוסלאַנד און ארץ־ישראל, וואס האָבן זיך ניט געפירט לויט זיין שיטה. אין „הלאומי" האָבן זיך געדרוקט לידער, דערציילונגען, און פעליעטאָנען. דער פעליעטאָן האָט געטראָגן אן אַלגעמיי־נעם נאָמען „עלי חמד", וואס איז מערסטנס געווען פּאַ־ראַדיעס, געשריבן אין סטיל פון יוסף פּערל׳ס „מגלה טמירין", ווי א צייטונג אין א צייטונג, און אין זיי פלעגט דיינארד זיך אָפּרעכענען מיט זיינע קאָנקורענטן און פּער־זענלעכע שונאים. אין „הלאומי" האָבן זיך אויך געדרוקט קאָרעספּאָנדענציעס פון ארץ ישראל און רוסלאַנד. קלמן שולמאַן, ליליענבלום, דוד כהנא, שלמה באבער און דר. מאַנדלקערן פלעגן זיך באַטייליגן אין אים. פון די אמע־ריקאַנער שרייבער פלעגן זיך אָפּט באַטייליגן יעקב צבי סאָבעל און יוסף ליב פרידקין מיט לומדישע, קריטישע און פּאָלעמישע אַרטיקלען.

שור איז אויך געווען אגרעסיוו און פון דעם טיפּ „קריגערישער זשורנאַליסט". ער איז אבער געווען מער באַגאַבט פון די ערשטע צוויי. א מיטאַרבעטער פון סמאָ־לענסקין׳ס „השחר", שפ״ר׳ס „כנסת ישראל", ווינער קאָ־רעספּאָנדענט פון קאַנטאָר׳ס „היום", און א מחבר פון א שיינעם רייזע־ביכל, האָט ער זיך געמאַכט א נאָמען צווישן בעסערן לעזער, אַזוי דאָס ווען ער איז געקומען אין אמעריקע האָט מען אים אויפגענומען בכבוד, און גע־שטיצט אים אין גרינדן דעם „הפסגה". אַן אידעאַליסט און הייסער חובב־ציון, האָט ער דעם בלאַט געשטעלט אין דינסט פון דער חבת־ציון באַוועגונג.

צווישן די דריי רעדאַקטאָרן האָט גלייך אויסגעבראָכן א פערזענלעכע מחלוקת. דיינארד און ראַדקינזאָן זיינען נאָך אין דער אַלטער וועלט געווען בלוטיקע שונאים, און

דאָ האָבן זיי געפונען א געלעגנהייט אָפּצופרישן אלטע קריוודעס און חשבונות.

שור איז אויך אריינגעצויגן געוואָרן אין דער מחלוקת. כאָטש פערזענלעך האָט ער צו ראדקינזאָנ׳ען גאָרניט גע-האַט, אבער די קאָנקורענץ האָט אים געטריבן צו באפאלן דעם „הקול״. ער האָט זיך ארויסגעוויזן פאר א גוטן זיד-לער, אבער שפּעטער האָט דיינארד אים אויך גענומען טשעפּן און געדרוקט אין „הלאומי״ א פּאראדיע אויפ׳ן „הפסגה״, אפּשפּעטנדיק פון שור׳ן און זיין בלאַט.

די קריגעריי צווישן די רעדאקטאָרן האָט אָנגעהאלטן אַ קורצע צייט, און ניט ווייל זיי זיינען מיד געוואָרן, נאָר ווייל זייערע צייטונגען האָבן אויפגעהערט צו דערשיינען. אָט דער „ליטעראַרישער זומפּ״ האָט אָבער געשאַפן אַ באָדן פאר דער שפּעטערדיקער העברעאישער פּרעסע, ווייל אין דער קורצער צייט וואס דער „הקול״, „הלאומי״ און „הפסגה״ זיינען דערשינען, איז דער לעזער אריינגעצויגן געוואָרן אין א העברעאישער אטמאָספערע.

אין 1890 האָט שור באנייט די אויסגאבע פון „הפסגה״, ווי „א פּאָליטישער, וויסנשאַפטלעך-ליטעראַרי-שער בלאַט״, וואס „לאָזט די יידן וויסן פון אלע פּאָליטישע אנגעלעגנהייטן בכלל און אלץ וואס איז נוגע די יידן און יידישקייט, וויסנשאפט און ליטעראטור בכלל״. דער פאָר-מאט — אביסל קלענער פון א טאָג-בלאַט, צו 4 און אמאָל 8 זייטן א נומער. אויך איצט איז די חבת-ציון געווען די הויפּט טענדענץ פון בלאַט, אזוי דאָס ער איז פאררעכנט געווען ווי אן אָפיציעלער אָרגאַן פון די חובבי ציון, און מען האָט זיך מיט אים גענומען רעכענען אין די חובבי ציון קרייזן אין רוסלאנד, עסטרייך און ארץ-ישראל. די פּובליציסטיק אין „הפסגה״ איז געווען אקטועל, אגרעסיוו און לעבעדיק געשריבן. ווי א חובב ציון האָט שור געפירט אַ שטאַרקן קאַמף מיט די קעגנער פון אלע עלעמענטן, ווי אָרטאָדאָקסן, רעפאָרמער און ראדיקאלן. א דאנק זיינע ארטיקלען האָבן די חובבי-ציון אין אמעריקע זיך אָרגאַ-ניזירט פאר פּראַקטישער ארבעט, און געגרינדעט דעם פאראיין „שבי ציון״, צו קאָלאָניזירן זיך אין ארץ-ישראל. ער פלעגט אבער רעאַגירן אויך אויף אַנדערע פראגן אין דעם יידישן לעבן אין אמעריקע ווי, למשל, די פיינטלעכע און באליידיקנדע באציאונג פון די „יאהודים״ צו די מזרח-אייראָפּעאישע יידן, און זיינע אַרטיקלען וועגן דעם האָבן א גרויסן רושם געמאכט, אזוי דאָס מען האָט אין די „יאהודימדישע״ קרייזן זיך גענומען באציען מיט מער רעספּעקט צו די מזרח-אייראָפּעאישע יידן.

די ליטעראַרישע טייל פון „הפסגה״ איז באשטאַנען פון א פעליעטאָן, וואס האָט זיך גערופן „אשדות הפסגה״. דאָ פלעגן זיך דרוקן קלענערע און גרעסערע פעליעטאָנען (א סך מאָל אין פאָרטזעצונגען), היסטאָרישע אָפּהאנד-לונגען, סקיצן און דערציילונגען (מערסטנס איבערזעצט פון דייטש און ענגליש). שירים פלעגן זיך דרוקן אָן ניקוד, אמאָל נאָכן לייט-ארטיקל און אמאָל צום סוף פון טעקסט, נאָך די אויסלענדישע נייס און פאר די מודעות.

צווישן די פּאָעטן, וועמעס לידער האָבן זיך געדרוקט אין „הפסגה״ געפינען זיך מ. מ. דאָליצקי, נ. ה. אימבער, גרשון ראָזענצווייג און שאול טשערניכאָווסקי, וואָס האָט זיין דע-ביוט געמאכט אין „הפסגה״ מיט א ליד „בחלומי״.

קיין גרויס דערפאָלג האָט שור ניט געהאט, דאָך איז געווען א האָפענונג אז דאָס בלאט זאל זיך ארויפארבעטן, און דאָס האָט געבראכט צו דעם אז שרהזאָן, דער ארויס-געבער פון „טאָגעבלאַט״, זאל מאכן שותפות מיט שור׳ן און איבערנעמען די אויסגאבע פון „הפסגה״. די שותפות האָט אָנגעהאלטן עטלעכע וואָכן, און שור האָט נאָכדעם גענומען ארויסגעבן דאָס בלאט אין באָסטאָן, און נאָכדעם אין באלטימאָר, אבער אויך דאָרט האָט ער ניט מצליח געווען און געמוזט, אין 1893, אָפּשטעלן די „הפסגה״. זי האָט ווידער גענומען דערשיינען אין 1898 אין שיקאגע. א יאָר איידער די „הפסגה״ האָט אויפגעהערט צו דער-שיינען, האָט שרהזאָן גענומען ארויסגעבן א וואָכנבלאַט מיט׳ן נאָמען „העברי״.

עס איז געווען א קורצע צייט נאָך גירוש מאָסקווע. אין אמעריקע זיינען אָנגעקומען א סך העברעער, און צווישן זיי האָבן זיך געפונען באריטמטע שרייבער, ווי דאָליצקי, יצחק ראבינאָוויטש איש קאָוונע, משה רייכער-סאָן, דאָבזשעוויטש און א. ח. ראָזענבערג. די צייט איז רייף געווען פאר א בלאט רעדאקטירט לויט׳ן גייסט און געשמאק פון די משכילים און „חובבי עברית״, און שרה-זאָן האָט צוליב געשעפט גענומען ארויסגעבן דעם בלאָט.

דער „העברי״ האָט אָנגעהויבן דערשיינען אין 1892. די ערשטע נומערן זיינען ניט געראָטן געווען. זיי זיינען געווען אָנגעפּיקעוועט מיט ברעקלעך וואס זיינען ארונ-טערגעפאלן פון דער רעדאקציע פון „טאגעבלאט״ און „גאַ-זעטן״. קורצע ניט-אקטועלע ארטיקלען ניט פארבונדן מיט דער צייט און שלעכט געשריבן. די „שיינע ליטעראַ-טור״ איז באשטאנען פון מליצות, שירים, מכתמים און וויצן פון „ליטווישן פילאָזאָף״ (געצל זעליקאָוויטש) און אנדערע שרייבער פון „משכיל״-טיפּ. די נומערן זיינען אזוי שלעכט רעדאקטירט געווען, דאָס יהודה ליב גאָרדאָן האָט זיך ענטזאגט צו שרייבן פאר אים, כאָטש דער ארויסגעבער האָט אים געוואָלט באצאָלן א גרויסן האָנאָ-ראר פאר א שיר אָדער אן ארטיקל.

דער ארויסגעבער האָט דאָס צום אָנהויב ניט געפילט. ביי אים איז געווען דער עיקר צו באפרידיקן דעם „כלי-קודש״ לעזער, וואס א פשט׳ל, א שטיקל הקירה און א שאַרפזיניקן וויץ איז פאר אים געווען ליטעראַטור. אין דעם פּראָגראַם-ארטיקל האָט ער אבער באַטאָנט, אז דאָס בלאַט „וועט גיין אינ׳ם וועג וואס עס האָבן אויסגעטראָטן אונזערע גרויסע שרייבער, ווי פּרץ סמאָלענסקין און יהודה ליב גאָרדאָן, און וועט ענטהאלטן גוטע ארטיק-לען אויף אלע געביטן וואס זיינען נוגע דעם יידישן לעבן אין אלע לענדער פון די גרעסטע שרייבער און געלערטע דאָ אין לאנד און אין אויסלאנד״.

דער „העברי״ האָט זיך אָבער גענומען פארבעסערן

ווען שרהזאָן האָט אָנגעשטעלט אלס רעדאקטאָר דעם, אין-יענע-צייט באַקאַנטן פּאָעט און סאַטיריקער גרשון ראָזענצווייג.

ראָזענצווייג איז געווען א שארפער סאטיריקער אבער ניט קיין פּובליציסט, און דערפאר האָט דער „העברי“ ניט געהאט קיין ריכטונג און צענטראל-אידעע, ווי די „הפסגה“. אין געזעלשאפטלעכע פראגן פלעגט ער זיך וואקלען, ניט אויסדריקענדיק א באשטימטע פעסטע מיינונג. צו חבת-ציון איז דאָס בלאט געווען קאַלט, און ביז נאָכ'ן ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס, פלעגט ער קריטיקירן די ארבעט פון די חובבי ציון אין ארץ-ישראל און געשטיצט די אנשטאַלטן פון אַלטן ישוב. די מערסטע אַרטיקלען וואָס ער פלעגט דרוקן זיינען געווען לאנגע, זיך געצויגן אין פילע המשכים, און זיינען געווען פון דעם סאָרט וואָס מען רופט „מאמר׳יסטיקע“. וועגן טאָג-פראגן פלעגט דער רעדאקטאָר שרייבן א קאָלום מיט'ן נאָמען „השקפה כללית“, וואס ער פלעגט אויף א וויציקן אופן, אין פראָזע און פערזן, רעאַגירן קורץ אויף פארשידענע געשעענישן. אַמאָל פלעגט ער אלס לייט-אַרטיקל געבן א שיר אָדער אַ פּאראדיע אויף תלמוד, וואס אין זיי פלעגט זיך אָפּשפּיגלען דער תוהו-ובוהו אין דעם יידישן לעבן אין אמעריקע. אָט די פאראדיעס וואָס אין זיי האָט ראָזענצווייג אַרויסגעוויזן גרויס טאלאנט.

דער „העברי“ איז ארויס רעגלמעסיק ביז סוף 1898, און דורך דער צייט האָט ער באַוויזן צו שאפן א צאָל לעזער. אויסער אים זיינען אין דער זעלבער צייט ארויס אַ וואָכנבלאט „הזמן“ (ארויסגעבער יחזקאל ענאָוויטש און רעדאקטאָר — י. גבריאלאָוו), עטלעכע מאָנאַט-זשורנאלן, וואָס דער וויכטיקסטער פון זיי איז געווען דער „נר המערבי“ (1895-99). איידער דער „העברי“ איז אָפּגעשטעלט געוואָרן האָט שור, ווי פריער דערמאָנט, באנייט דעם „הפסגה“ אין שיקאגע, וואס איז דערשינען ביז 1900. ער האָט אָפּגעשטעלט די „הפסגה“ ווייל מען האָט איר ניט אַריינגעלאָזן אין רוסלאנד, וואו שור האָט געהאָפט צו קריגן אבאנעמענטן. אויף איר פּלאַץ האָט ער גענומען אַרויסגעבן די „התחיה“, וואס אין פאָרמאַט, ריכטונג און אינהאַלט איז זי געווען א פאָרטזעצונג פון „הפסגה“. זי האָט אין 1901 אויפגעהערט צו דערשיינען צוליב שור'ס קראנקהייט.

## אָנהויב צוואַנציקסטן יאָרהונדערט

די „התחיה“ איז דערשינען אין אָנהויב פון צוואַנציקסטן יארהונדערט, זי איז אבער געווען א המשך צו דער פּרעסע פון סוף ניינצענטן יארהונדערט, וואס טראָגט איר ראנגלעניש איז זי געווען אין א מער בליענדן צושטאַנד ווי אין אָנהויב פון 20טן יארהונדערט. 1901 איז צו פארצייכענען ראָזענצווייגס לעצטע אָנשטריינגונג צו באַנייען דעם „העברי“, וואס איז דערשינען א קנאַפּן יאָר. דער פרואוו ארויסצוגעבן א חודש-זשורנאל „המודיע לחדשים“, איז אויך ניט געלונגען. דער זשורנאל איז ארויס צוויי יאָר (1901-1902), אָרעם אין אינהאַלט און אויסערלעך מאכט ער אויך ניט קיין גוטן איינדרוק. אַ צווייטער מאָנאַט-זשורנאל האָט גענומען ארויס אין 1902, אבער ווי א צוגאָב צו אַ יידישן. דאָס איז דער „העם“, וואס משה גאָלדמאן האָט ארויסגעגעבן צוזאמען מיט שמר'ן (די יידישע טייל האָט זיך גערופן „די נאַציאָן“). אין א יאָר ארום האָט ער דעם זשורנאל ארויסגעגעבן נאָך אין העברעאיש און אים משנה השם געווען אויף „הלאם“. דער „הלאם“ איז מיט דער שטיצע פון ס. מארקוס, א רייכער קליידער-סוחר (וואָס איז נאָכדעם געווען דער אייגנטימער פון דער „יונייטעד-סטייטס באנק“) פארוואנדלט געוואָרן אין א וואָכנבלאט. דאָס בלאַט איז ניט געשטאַנען אויף א ליטעראַרישער און געזעלשאַפטלעכער הויך, שלעכט רעדאקטירט און א גרויסע טייל פון מאַטעריאל איבערגעדרוקט פון צייטונגען און זשורנאַלן פון ארץ-ישראל און רוסלאנד. דער „הלאם“ איז דערשינען ביז 1908. דער ארויסגעבער האָט אָפּגעשטעלט דאָס בלאט כדי צוגרייטן זיך צו ארויסגעבן אַ טאָג-צייטונג, וואס האָט אין 1909 אָנגעהויבן צו דערשיינען מיט'ן נאָמען „היום“.

ווי די ערשטע העברעאישע טאָג-צייטונג אין אמעריקע, איז די דערשיינונג פון „היום“ געווען א סענסאציע און האָט אויף די העברעער געמאכט א שטארקן איינדרוק. דער ארויסגעבער איז אבער צו דעם ענין צוגעטראָטן לייכטזיניק, אזוי, אז ביים 90-טן נומער האָט דער „היום“ זיך אָפּגעשטעלט. ער האָט געבויט אויף באקומען פּאָליטישע אנאָנסן בשעת די וואלן און אויף אבאָנעמענטן וואָס זאלן דעקן די הוצאות פון די ערשטע חדשים. אין 1913 האָט ער ווידער גענומען ארויסגעבן דעם „היום“, אָבער ער איז ווידער מיד געוואָרן, און אין א קורצער צייט שפּעטער האָט ער אים ארויסגעגעבן דריי מאָל אַ וואָך, ביז ער האָט אינגאנצן אויפגעהערט צו דערשיינען.

דער צווייטער „היום“ איז אין א סך פרטים געווען ערגער פון דעם ערשטן. אין 1909 האָט דער ארויסגעבער איינגעאָרדענט א „סטעף“ שרייבער, אין וועלכע עס האָבן זיך געפונען דר. נ. סירקין און צביון.

## די מאָדערנע פּרעסע

די רעדאקטאָרן ווי די לעזער פון די אויבנדערמאָנטע צייטונגען זיינען געווען פון דעם משכילישן טיפּ. אין די בלעטער פלעגן זיך דרוקן אויך מאָדערנע שרייבער, אבער דער הויפּט לעזער איז געווען פון דעם סאָרט, וואס איז שטיין געבליבן ביים „השחר“ און „המליץ“, און האָט פון דער מאָדערנער ליטעראטור קיין שום באגריף ניט געהאט. פון 1905 און ווייטער האָט אין אמעריקע גענומען קומען דער יונגער לעזער, וואס איז געווען דערצויגן אויף די נייע ליטעראטור, און זיי האָט דער „הלאם“ און אַנדערע צייטונגען פון ד. ג. ניט באפרידיקט.

די יונגע שרייבער ווי די לעזער האָבן גענומען ארויס־געבן זשורנאַלן וואס אין זיי זאָל קומען צום אויסדרוק דאָס העברעאישע וואָרט און עס זאָל זיך אָפּשפּיגלען דאָס נייע לעבן.

דעם ערשטן פּרואוו האָט געמאַכט מ. בן־אליעזר, ארויסגעבנדיק אין 1907 א באַשיידענעם צוויי־וועכנטלעכן זשורנאַל „שבלים". זיין ציל איז געווען צו שאפן אין אמעריקע א בימה פאר דער העברעאישער ליטעראַטור אין דער העברעאישער שפּראַך און „שאַפן א קליין בית המקדש וואָס אין אים זאָל טאָן רוען די העברעאישע שכינה". צום זשורנאַל האָט ער צוגעצויגן די יונגע פּאָעטן, בע־לעטריסטן און פּובליציסטן, וואס איצט פאַרנעמען זיי א באַדייטנדן פּלאַץ אין דער העברעאישער ליטעראַטור.

זיבן נומערן זיינען ארויס פון „שבלים", וואס האָבן אין זייער צייט געמאַכט א שטיקל רושם.

אין 1911 באַזעצט זיך ראובן-ברייניז אין אמעריקע, און די העברעער לייגן אויף אים גרויסע האָפענונגען, אַז ער וועט דאָ נעמען בויען די העברעאישע ליטעראַטור. ברייניז זעלבסט ווערט פארכאַפּט פון דעם נייעם לאַנד און ווי א טרוימער זעט ער נייע האָריזאָנטן אי פאר זיך אי פאר דער העברעאישער ליטעראַטור, און טרעט צו ארויסגעבן א וואָכנבלאַט מיט'ן נאָמען „הדרור", וואָס לויט זיין פּראָספּעקט, איז נאָך אזוינס ניט געווען. דער „הדרור" איז אבער נאכלעסיק רעדאַקטירט געוואָרן. דער רעדאַקטאָר האָט ניט אָנגעשלאָגן קיין נייעם טאָן און קיין ניי וואָרט ניט געזאָגט. ביים צענטן נומער האָבן זיך די געלד־מיטלען אויסגעלאָזן און ברייניז איז פּיזיש אויסגע־שעפּט געוואָרן און ביים פופצנטן נומער האָט ער אָפּגע־שטעלט דעם „הדרור".

אין זעלבן יאָר האָט גרשון ראָזענצווייג ארויסגעגעבן א הומאָריסטישן חודש־בלאַט „הדבורה", וואס זיין אינ־האַלט איז געווען מער בטלנות ווי הומאָר. די „הדבורה" האָט אויך ניט געהאט קיין אריכות־ימים. מיט'ן צענטן נומער האָט זי אויפגעהערט צו דערשיינען.

נאָך דעם אונטערגאַנג פון „הדבורה", האָט דער העב־רעאיש־רעדנדיקער פאַראיין „אחיעבר" אין ניו יאָרק, זיך גענומען גרייטן ארויסגעבן א חודש זשורנאַל „התורן". די הכנות האָבן געדויערט אריבער א יאָר, און איידער די ערשטע העפט איז ארויס האָט ש. צ. זעצער גענומען ארויסגעבן (אייר, תרע"ג) א חודש־זשורנאַל „תחיה", וואָס האָט אָנגעהאַלטן א קורצע צייט. דער „התורן" וואס האָט גענומען דערשיינען כמעט אין איין צייט מיט דער „תחיה" איז ארויס ביז 1915. די אויסגאַבע איז אָפּגעשטעלט געוואָרן כדי צו פאַרוואַנדלען אים אין א וואָכנבלאַט.

דער „התורן" קען פאַררעכנט ווערן צווישן די בעסטע ליטעראַרישע זשורנאַלן וואס זיינען דערשינען אין אמע־ריקע. זיין הויפּט שטרעבונג איז געווען צו שאַפן א באָדן פאר דער נייער ליטעראַטור. ארום אים האָבן זיך גרופּירט די יונגע שרייבער, אייניקע גאָר יונגינקע, אָנפאַנגער. אפילו די עלטערע שרייבער וואס האָבן זיך באַטייליקט אין אים (ניימארק, ברייניז און מאלטער) האָבן באַלאַנגט צו דער „רענעסאַנס־עפּאָכע" אין דער העברעאישער ליטע־ראַטור. דער חסרון זיינער איז געווען וואָס ער האָט גע־האַט צופיל רעדאַקטאָרן (צווישן זיי אב. גאָלדבערג און שמעון גינצבורג) און וואס אין אים האָט געפעלט פּובלי־ציסטישע ארטיקלען וועגן אקטועלע ענינים אין דעם יידישן לעבן אין אמעריקע. מערץ, 1916, האָט ער גענו־מען דערשיינען וועכנטלעך אונטער דער רעדאַקציע פון י. ד. בערקאָוויטש.

צווישן דעם מאָנאַטלעכן און וועכנטלעכן „התורן", האָט אהרן פרענקל ארויסגעגעבן א וואָכנבלאַט „האומה", וואָס האָט עקזיסטירט א קורצע צייט.

אויך הרב מאיר בערלין האָט גענומען ארויסגעבן (אָנ־הויב 1916) דאָס וואָכנבלאַט „העברי", אלס אָרגאַן פון „מזרחי". דער „העברי" איז דערשינען זיבן יאָר, און הגם א פּאַרטיי־אָרגאַן, איז ער ניט געווען באַגרעניצט פון פּאַרטיי־דאָגמען. ער פלעגט רעאַגירן אויף אַלע יידישע פראַגן, פּאַרטיידיקט די יידישע טראַדיציע און ווארים זיך באַצויגן צו דער העברעאישער קולטור. אין יעדן נומער פלעגן זיך דרוקן גרעסערע און קלענערע פעליעטאָנען אי־בער געזעלשאַפטלעכע געשעענישן, לידער, דערציילונגען און איבערזעצונגען פון דער יידישער ליטעראַטור (אַפּא־טאָשאַ, א. ש. זאַקס, דינעזאָן, ליפּמאַן־לעווין, א־נסקי, א. א.).

דער „התורן" איז פון בערקאָוויטש'ן רעדאַקטירט געוואָרן קרוב צו דריי יאָר. אונטער זיין רעדאַקציע איז דער „התורן" געווען א מוסטער פון א ליטעראַרישן בלאַט, א מין פאָראייניגונג פון אחד העם'ס „השלח", פרישמאַנ'ס „הדור" און דראַיאַנאָוו'ס „העולם". א פיי־נער סטיליסט, ארבעטזאַם, שטרייננג און אָפּגעהיט, האָט ער מקפּיד געווען אז דער „התורן" זאָל זיין ריין פון פּגימות און אז דער מאַטעריאַל זאָל זיין פון דאָס בעסטע וואָס מען קען געבן. נאָך אים איז די רעדאַקציע פון „התורן" איבערגעגעבן געוואָרן צו ברייניז. אונטער אים איז דער „התורן" צוויי יאָר ווייטער דערשינען וועכנט־לעך, און אין 1921 האָט ער ווידער גענומען ארויסגיין מאָנאַטלעך ביז ער איז אין 1925 אינגאַנצן אָפּגעשטעלט געוואָרן.

### צווישן ביידע וועלט־מלחמות

די וואָכנבלעטער זיינען דערשינען ביז 1921. צו זיי איז צוגעקומען דער וואָגיקער און הויך קולטורעלער חודש־זשורנאַל „מקלט", וואָס שטיבעל האָט אין 1919 גע־נומען ארויסגעבן אונטער דער רעדאַקציע פון י. ד. בער־קאָוויטש. דער נאָמען פון זשורנאַל האָט אויסגעדריקט זיין גייסטיקע פיזאָנאָמיע: זיין אן אנטרינונגס־אָרט פאר די העברעאישע ליטעראַטור אין אמעריקע און א מקום־מקלט פאר די שאַפונגען פון די וויכטיקסטע העברעאישע שרייבער, דענקער, בעלעטריסטן און עסייאיסטן איבער דער גאַנצער וועלט, וואס האָבן אין די מלחמה־יאָרן ניט

געהאט קיין פּלאַץ וואו צו פאַרעפעפנטלעכן זייערע שריפטן. אין „מקלט" האָבן זיך דעריבער געדרוקט זאַכן פון דויערנדן ווערט. אין יעדן העפט האָבן זיך אבער אויך געפונען רובריקן פאַר אַן איבערבליק איבער די געשעענישן אין יידישן לעבן דורכ׳ן חודש, קורצע זאַכלעכע אַרטיקלען און קריטיק אויף נייע ביכער פון יידישן אינהאַלט אין אַלע שפּראַכן.

מיט דעם אונטערגאַנג פון „מקלט" אין 1920 שטעלט די שפע זיך אָפּ אויף א קורצער צייט. נאָך אים האָט אויך דער „העברי" אויפגעהערט צו דערשיינען, און די העברעאישע פרעסע אין אמעריקע ווערט איינגעשרומפּן אין דעם קליינעם מאָגערן מאָנאַטלעכן „התורן". דער מצב האָט אָבער אָנגעהאַלטן א קורצע צייט. די העברעער האָבן זיך, אין דער צייט פון ירידה, פאַרמאָסטן אויף אַ גרעסערער אונטערנעמונג — ארויסגעבן א טאָג-צייטונג — דעם „הדואר". די איניציאַטאָרן זיינען געווען מ. ליפּסאָן און נתן עלקין. דער ערשטער — א העברעאישער זשורנאַליסט און פעליעטאָניסט, מיט געניטקייט אין צייטונגס-אַרבעט פון דער צייט וואָס ער איז געווען מיט-רעדאקטאָר פון „העברי", און דער צווייטער — א ציוניסטישער עסקן און אַן איידים פון אַ דרוקער, וואָס ביי אים האָט זיך די צייטונג געדרוקט. צו זיי האָבן זיך אָנגעשלאָסן נאָך עטלעכע העברעאישע עסקנים, און געגרינדעט אַן אַקציע-געזעלשאפט מיט׳ן נאָמען „הדואר-קאָרפּאָריישאָן", און אזוי זיינען זיי כמעט מיט ליידיקע הענט, צוגעטראָטן ארויסצוגעבן די צייטונג.

דעם ערשטן נאָוועמבער, 1921, איז דערשינען דער ערשטער נומער פון טעגלעכן „הדואר", וואס אויסערלעך איז ער ענלעך געווען צו די יידישע צייטונגען (דער ערשטער נומער האָט געהאַלטן 8 זייטן, אָבער פון 2-טן אָן און און ווייטער — 4 זייטן). די נייעס, יידישע און אלגעמיינע, זיינען געווען געדרוקט אויף דער ערשטער זייט, און אויך אין די אינווענייגסטע זייטן זיינען געווען צוואוואָרפן קראָניק און פארשידענע לאָקאלע ידיעות, איבערהויפּט פון העברעאישע און ציוניסטישע אינטערעסן. פון דריטן נומער און ווייטער האָבן זיך רעגלמעסיק געדרוקט קאָרעספּאָנדענציעס פון ארץ-ישראל און פארשידענע אייראָפּעאישע לענדער, אזוי אז דער „הדואר" איז געווען א גוט-אינפאָרמאַטיווע צייטונג און אין אים האָט זיך אָפּגעשפּיגלט דער יידישער לעבן איבעראל.

דער הויפּט-ציל אין גרינדן דעם „הדואר" איז געווען אַריינצודרינגען צווישן אלע עלעמענטן וואס קענען העברעאיש, נאָר האָבן זיך דערווייטערט און אָפּגעפרעמדט פון איר, זיי זאָלן דורך דער צייטונג זיך דערנענטערן און ווערן צוגעבונדן צו דער העברעאישער ליטעראטור און קולטור. אָט דער הויפּט-ציל איז שטארק באַטאָנט געוואָרן אין דער פּובליציסטיק וואס איז מערסטנס געווען קאָנצענטרירט ארום פראגן, וואס זיינען פארבונדן מיט דער רענעסאנס פון דער העברעאישער שפּראך און ליטעראטור. דער „הדואר" האָט זיך אבער ניט באַגרעניצט מיט העברעאישע פראַגן. ער איז בעיקר געווען אַן אַלגעמיינע צייטונג, און געזוכט צו באַלייכטן אלע פּראָבלעמען אין יידישן לעבן, רעליגיעזע ווי נאַציאָנאַלע, עקאָנאָמישע ווי קולטורעלע. האָט אויך רעאַגירט אויף אלגעמיינע און פּאָליטישע פראגן, אזוי .דאָס דער לעזער האָט אין אים געקענט געפינען אַלץ וואס ער וואלט געפונען אין דער יידישער און ענגלישער פּרעסע, און זיך צוגעוואוינען צו לייענען נאָר העברעאיש. כדי דער „הדואר" זאָל ווערן גענגלעך, האָט מען אין אים איינגעפירט שטענדיקע רובריקן ווי קינדער-ליטעראַטור, א דרשה לכבוד שבת, פּאָלקלאָר און פּאָפּולערע מעדיצינישע ארטיקלען. דאָך האָט דער טעגלעכער „הדואר" ניט געהאט קיין מאַטעריעלן דערפאָלג, האָט זיך געמוטשעט און געראנגלט אכט חדשים, ביז ער האָט זיך, ביי דעם 202-טן נומער, געמוזט אָפּשטעלן. אין עטלעכע טעג שפּעטער האָט ער גענומען ווידער דערשיינען ווי א וואָכנבלאט. סיי אין פאָרמאַט און סיי אין אינהאלט איז דער וועכנטלעכער „הדואר" ענלעך געווען צום טעגלעכן. דער מאַטעריאל איז געווען אַ צופעליקער און אויך די אויסגאבע איז ניט אלע מאָל זיכער געווען, ביז ער האָט סוף 1923 גענומען דערשיינען אין דעם פאָרמאט פון א וואָכנבלאט אלס אָרגאַן פון דער הסתדרות עברית און רעדאקטירט פון מנחם ריבאלאָוו.

ריבאלאָוו האָט געארבעט אין דעם טעגלעכן „הדואר" און בשעת ער האָט גענומען דערשיינען וועכנטלעך איז ער אַריינגעטראָטן אין דעם רעדאקציע-קאָלעגיום. אַ קריטיקער מיט א ליבע צו דער מאָדערנער העברעאישער פּאָעזיע, דערצו א זשורנאַליסט מיט א חוש פאר דער אמעריקאנער רעאַליטעט און ווירקלעכקייט, האָט ער אויך געפונען דעם ריכטיקן טאָן פאר׳ן בלאט. ער האָט פארשטאַנען און געוואוסט דאָס ווי נויטיק עס איז א טעגלעכע צייטונג פאר דער אויפלעבונג פון העברעאיש, איז דאָס לויט די אומשטענדן אוממעגלעך און האָט דעריבער געזען צו קאָנצענטרירן און פארזיכערן די עקזיסטענץ פון דעם וואָכנבלאט. וויסנדיק דאָס ער איז דער איינציקער וואָכנבלאט אין אַמעריקע האָט ער אים געזען צו שטעלן אויף אַ ליטערארישן הויך, גרופּירנדיק אַרום „הדואר" אלע ליטערארישע קרעפטן אין אמעריקע. איבערהויפּט האָט ער געזען צו געבן פּלאַץ פאר בעלעטריסטיק און קריטיק, איינפירנדיק א שטענדיקע אָפּטיילונג „סופרים וספרים", אין וועלכע עס קומען אריין אָפּשאַצונגען איבער פערזאָנען, קריטיק און רעצענזיעס איבער העברעאישע און יידישע ביכער, און אזוי ליטערארישע דערשיינונגען.

ווי א העברעאישער אָרגאַן פארנעמען די העברעאישע און נאַציאָנאלע אינטערעסן דעם הויפּט פּלאַץ אין בלאַט, אָבער ער איז ניט גלייכגילטיק צו אנדערע יידישע און וועלטלעכע פראגן, וואס איבער זיי ווערט רעאַגירט אין לייט-אַרטיקלען און באַזונדערע מאמרים.

אין „הדואר" דערשיינען פאָרשונגען און שווערע חכמת ישראל מאמרים און טעאָרעטישע אַרטיקלען וואס

זיינען צוגעפּאַסט פאַר דעם משכיל, למדן און אינטעליגענטן לעזער, צוזאמען מיט פּאָפּולערע אַרטיקלען, א לייכטער פעליעטאָן, א ליד און רעאַליסטישע דערציילונג. אין אַ געוויסן זין איז דער „הדואר" אַ מין פאמיליע-בלאַט וואָס דער זיידע מיטן אייניקל געפינען אין אים זייער גייסטיקע שפּייז, ווייל יעדע צוויי וואָכן ווערט צוגעגבן אַ קינדער-בלאַט מיט׳ן נאָמען „הדואר לנוער" (רעדאַקטירט פון דניאל פּערסקי), און ניט לאנג איז צוגעקומען א צווייטע ביילאגע מיט׳ן נאָמען „מוסף לקורא הצעיר", וואָס דערשיינט יעדע צוויי וואָכן. דער לייכטער אינהאלט פון דער ביילאגע באַדאַרף דינען אלס בריק צום „הדואר".

אַ חוץ דעם „הדואר", זיינען אין די לעצטע 20 יאָר דערשינען עטלעכע קינדער-בלעטער, וואס דער גרעסטער איז געווען דער מאָנאַטלעכער „עדן", ארויסגעגבן (1924-25) דורך בת-שבע גראבעלסקי, און רעדאַקטירט פון דניאל פּערסקי און י. ד. בערקאָוויטש; עטלעכע פּעדאגאָגישע זשורנאלן וואס דער חשוב׳סטער איז געוועזן דער צוויי-מאָנאַטלעכער „שבילי החינוך", רעדאקטירט פון דר. ניסן טוראָוו און ש. ב. מקסימון. עס זיינען דערשינען נאָך עטלעכע זאמלביכער, עס האָט אבער געפעלט א מאָנאַטלעכער זשורנאל. עס זיינען אויף דעם געביט געמאכט געוואָרן עטלעכע ניט גרעסערע פּרואוון. אין 1934 האָט אברהם סאלאדאר גענומען ארויסגעבן אין שיקאגע א קליין זשורנאל „דורנו", אבער מיט דעם טויט פון רעדאקטאָר אין 1936 איז אויך אָפּגעשטעלט געוואָרן דער זשורנאל. דעם זעלבן גורל האָט אויך געהאט די „רמה", וואס האָט גענומען דערשיינען אין 1937 און אָפּגעשטעלט אין 1940, א קורצע צייט פאר דעם טויט פון דעם רעדאקטאָר רפאל שוחט. אַ דריטער זשורנאל „הידודי" איז דערשינען דורך הרב חיים קארלינסקי אין 1937-38, איז אבער געווען מער פון א רעליגיעזן כאַראקטער אין אינהאלט.

ערשט סוף 1939, נאָך דעם אויסברוך פון דער צווייטער וועלט-מלחמה, האָט דער חשוב׳ער פאָרשער און שריפטשטעלער פּראָפ. חיים טשערנאָוויץ (רב צעיר), גענומען ארויסגעבן א חודש-זשורנאל „בצרון", וואס איז געווידמעט צו צייט-פראגן, ליטעראטור און וויסנשאַפט. דער ציל און וואונש פון רעדאקטאָר איז פאָרטזעצן מיט דעם „בצרון" די טראַדיציע פון די בעסערע העברעאישע חודש-זשורנאלן וואס איר ליניע האָט אחד-העם אָנגעצייכנט מיטן „השלח". די ערשטע העפט פון „בצרון" איז דערשינען תשרי, ת״ש און איז שוין אריין אין זעקסטן יאָר פון זיין עקזיסטענץ, און איז פון די חשוב׳סטע העברעאישע חודש-זשורנאלן, וואס אויסער פובליציסטיק און בעלעטריסטיק איז ער אויך אן אָרגאן פאר חכמת ישראל.

אַן אָרגאן פאר חכמת ישראל איז דער האַלב-יערלעכער „חורב" וואס דערשיינט זייט 1934, און ווערט רעדאקטירט פון דר. פינחס חורגין, און ארויסגעגעבן דורך דער ישיבת ר׳ יצחק אלחנן. אויף דער איניציאַטיווע פון דער ישיבה גייט אויך ארויס דער פערטל-יערלעכער „תלפיות", רעדאַקטירט פון הרב ש. ק. מירסקי און ש. ל. זאַר, געווידמעט צו הלכה, אגדה און חכמת ישראל. דורך די „אגודת המורים" דערשיינט דער פּעדאגאָגישער פערטל-יערלעכער „שבילי החנוך", רעדאקטירט פון פּראָפ. צבי שאַרפשטיין.

האַלב-יערלעך דערשיינט אויך דער „הרופא העברי", רעדאקטירט פון דר. משה איינהאָרן, פאר מעדיצינישע פאָרשונגען און טערמינאָלאָגיע פון מעדעצין אין העברעאיש. דער „הרופא העברי" גיט ביי געלעגנהייטן ארויס ליטעראַרישע העפטן, ווי וועגן רמב״ם און שאול טשערניכאָווסקי.

דער לעצטער פארזוך אויפ׳ן פעלד פון דער העברעאישער פּרעסע אין אמעריקע איז דער „רבעון קטן", אַ קליין פערטל-יערלעכער ליטעראַרישער זשורנאל, רעדאקטירט פון דעם העברעאישן פּאָעט און עסייאיסט אברהם רעגעלסאָן. ביז איצט זיינען דערשינען צוויי העפטן, וואָס זיינען מערסטנס אויסגעפילט מיט עסייען און לידער פון רעדאקטאָר.



# וועגן יצחק לייבוש פרצ׳ס ירושה

(צו זיין דרייסיקסטן יאָרצייט)

פון ש. ניגער

---

אַ מענטש לאָזט איבער זיינע קינדער בירושה: א) וואָס ער האָט געהאט; ב) וואָס ער איז געווען.

דער צווייטער מין ירושה איז דער מער זיכערער. ער איז אויך ווירקנדיקער און דינאַמישער.

דער פאַרמעגן, וואָס איינער מאַכט אַרבן זיינע קינדער קאָן אַמאָל זייער שנעל צערונען ווערן, און עס קאָן טרעפן, אַז עס זאָל פון אים קיין זכר נישט בלייבן. אַנדערש איז דעם פאַרשטאָרבענעמס איך, זיין פיזישע און גייסטיקע פּערזענלעכקייט, זיין קערפּער-בוי, די שטריכן פון זיין געזיכט און זיינע כאַראַקטער-שטריכן, זיינע מדות און מאַנערן, זיינע נאַטירלעכע נייגונגען און איינגעבוירענע פיייאיקייטן: אין דער מאָס, אין וועלכער זיי גייען בכלל איבער בירושה צום צווייטן דור, ווערן זיי אין אים אויפגעהיט; זיי לעבן אין אים, ווירקן אין אים... דאָס איז וואָס אַ פאָטער לאָזט-איבער נישט פאַר זיינע קינדער און קינדס-קינדער, נאָר אין זיי. דאָס איז ער אַליין אין זיי. דאָס איז זיין לעבן נאָכן טויט, זיין קאָנטינואיטעט, זיין „אייביקייט“...

וואָס איינער איז, ניט וואָס ער האָט, איז אייגנטלעך דאָס, וואָס פאַרבינדט דור מיט דור. אָבער אין יעדן פון זיי אַנטפּלעקט זיך עס אויף אַ באַזונדערן אופן און אין אַ פאַרשיידענעם גראַד. דאָס איז דער סאָרט ירושה, וואָס באַטש ער זעט-אויס צו זיין פעסט און סטאַביל, איז ער אינדערעמתן העכסט פאַרענדערלעך.

דאָס מיינט, אַז וואָס עס בלייבט פונם מענטשנס פיזישן און גייסטיקן איך נאָך זיין טויט, איז אי ממשותדיקער, אי לעבנספייאיקער און דינאַמישער, ווי די געווינלעכע ירושה, וואָס ער לאָזט איבער נאָך זיך. אָבער ווען איז עס גערעדט געוואָרן? ווען איינער האָט נאָר מאַטעריעלע גיטער. דער מענטש, וואָס לאָזט אונז איבער נישט קיין גשמיותדיקע, נאָר גייסטיקע עשירות, — זאָגן מיר, ליטעראַרישע ווערק — געהערט גאָר צו אַן אַנדער קאַטעגאָריע. וועגן אים וואָלט מען נישט געקאָנט זאָגן, אַז וואָס ער איז געווען איז ווייכטיקער ווי וואָס ער האָט געהאַט. זיין האָב-און-גוטס — זיין גייסטיק לעבנסווערק—איז די אַנטפּלעקונג פון דעם, וואָס ער איז געווען. אין זיין פאַל איז האָבן גלייך צו זיין. דאָס איז, ערשטענס. צווייטנס, איז דאָס וואָס ער פאַרקערפּערט אין זיינע שאַפונגען דויערהאַפטיקער, ווי דאָס וואָס ער איז: דער בעסטער און שענ־סטער טייל פון דעם, וואָס, אַשטייגער, לעוו טאָלסטאָי איז געווען, איז מיט אים אינאיינעם אָפּגעשטאָרבן, בעת דאָס, וואָס ער האָט געהאַט — זיינע קינסטלערישע ווערק — זיינען אומשטערבלעך, און זיין אייגן לעבן נאָכן טויט — דאָס איז זייער לעבן.

און דאָך זיינען פאַראַן שריפטשטעלערס, וואָס מען וואָלט געקאָנט וועגן זיי זאָגן, וואָס מיר האָבן געזאָגט-וועגן אַנדערע, ניט קיין שעפערישע, מענטשן, בנוגע צו דעם, וואָס זיי לאָזן אונדז איבער בירושה. מען וואָלט געקאָנט וועגן זיי רואיק זאָגן, אַז דאָס, וואָס זיי זיינען געווען איז נאָך דויערנדיקער און ווערטפולער, ווי דאָס, וואָס זיי האָבן געהאַט. דאָס זיינען יענע שריפטשטעלערס, וואָס לאָזן אין אונדז איבער דעם איינדרוק — און אַזאַ איינדרוק האָט איבערגעלאָזט אין אונדז אויך י. ל. פרץ, — אַז זיי האָבן געהאַט אין זיך אַ סך מער, וויפיל עס אַז זיי געלונגען אַריינצוגעבן אין זייער ווערק.

י. ל. פרץ איז געווען איינער פון די, וואָס זיינען וואונדערלעכער, בליצנדיקער, ברילִיאַנטנדיקער, — נאָך וואונדערלעכער, נאָך בליצנדיקער און ברילִיאַנטנדיקער, ווי דאָס, וואָס זיי האָבן געשריבן.

און דאָס מיינט ניט צו זאָגן, אַז פרץ האָט געשטרעבט צו דערגרייכן מער, וויפיל ער האָט דערגרייכט. וועגן איין טייל פון זיינע שאַפונגען — אַשטייגער, וועגן זיינע מער געלונגענע „חסידישע“ און „פאָלקסטימלעכע“ געשיכטן, — וואָלט עס געווען ניט ריכטיק, און וואָס איז שייך צו די ווערק, וואו ער האָט באמת טאַקע מער געוואָלט, ווי געקאָנט, — טרעפן זיך אַזעלכע זאַכן שיר ניט ביי יעדן שריפטשטעלער, אויב ער איז נאָר ניט קיין פלאַכע מיטלמעסיגקייט. וואָס איך האָב געוואָלט זאָגן, איז, אַז פרץ איז בפירוש טאַקע געווען מער און אַז ער האָט מער געטראָגן אין זיך שעפערישע פּאָטענצן, וויפיל עס איז נתגלה געוואָרן אין זיין קינסטלעריש-עסטעטישן שאַפן.

פרץ איז אַזוי ווי אַ זייער געגאַנגען ערב פרילינג דורך דעם — נישט גוט נאָך צעאַקערטן — פעלד פון דעם יידישן וואָרט און האָט געוואָרפן פולע הויפנס מיט זריעה-קערנער, — כ׳וואָלט געזאָגט, געוואָרפן זיך מיט זריעה-קערנדלעך. אַ סך פון זיי זיינען געפאַלן אויפן ריכטיקן אָרט, האָבן זיך צוגענומען און זיינען אויפגעגאַנגען, האָבן אַרויסגעשפּראָצט, צעבליט זיך, געגעבן פרוכט. אַנדערע

האָט דער ווינט אוועקגעטראָגן. נאָך אנדערע האָבן באַפּרוכפּערט אָדער וועלן באַפּרוכפּערן דעם באָדן פון זיינע גייסטיקע קינדער און אייניקלעך...

פּרץ לעבט נישט נאָר אין זיינע אייגענע ווערק. ער אָטעמט אין דער שפּראַך און דער ליטעראַטור פון די דורות וואס זיינען נאָך אים געקומען. ער האָט א שטילן חלק שיר ניט אין אלץ, וואָס איז פאר די לעצטע דריי-פיר צענדליק יאָר ביי אונדז אויפגעטאָן געוואָרן. ער וועט האָבן א חלק אין א סך שפּעטערדיקע אויפטואונגען, און מיר דאַרפן אים באמת דאַנקען און לויבן נישט בלויז פאר זיינע אייגענע שטיקער תורה, נאָר אויך פאר כל מה שתלמיד ותיק עתיד לחדש...

אויב אנדערע שרייבערס בלייבן אין דעם פאָלקס באַוואוסטזיין און אין דעם שאַפן פון זיינע גאָטגעבענטשטע קינדער נאָר מיט זייערע דערגרייכונגען, איז פּרץ געבליבן לעבן און ווירקן אויך מיט זיינע שטרעבונגען, מיט זיינע שטומע אָנצוהערענישן, מיט זיינע געוואגטע פּרואוון און וועקנדיקע פארמעסטונגען. זאכן, וואס ער האָט אָנגעהויבן, האָבן אנדערע פארענדיקט אָדער וועלן פארענדיקן, אָבער ער האָט זיי אָנגעהויבן. אַפּעטיטן, וואס ער האָט גערייצט, האָבן אנדערע געשטילט אָדער וועלן שטילן, אבער ער איז געווען און געבליבן דער שטאַרקער סטימולאַנט...

לאָמיר זיך ניט איילן מאכן פּרצן פאר א קלאַסיקער, האָט דער שרייבער פון די שורות געשריבן אין אַן אייליגן נעקראָלאָג (אין דער ווילנער „יידישער וועלט“), ווען עס איז אָנגעקומען די טרויעריקע בשורה, אַז פּרץ איז (שבת, דעם דריטן טאָג חול-המועד פּסח, תרע״ה) געשטאָרבן. ער איז אַן אונדזעריקער, האָב איך געזאָגט אין נאָמען פון דער דאמאָלסטדיקער ליטעראַרישער יוגנט. זיין ארבעט איז נישט געענדיקט, זיין תקופה הייבט זיך ערשט אָן... „איך האָב קערנדלעך געזייט, היט די שפּראָצונגען, וואס וועלן אויפגיין!“ דאָס איז, ווי מיר האָט זיך געדוכט, געווען פּרצס צוואה, און כ׳האָב אויסגערופן: לאָמיר זאָרגן פאר די גרינע שפּראָצונגען! דער גרויסער גייסטיקער דאָרשט, וואס פּרץ האָט אויפגעוועקט אין פאָלק, איז נאָך ניט געשטילט געוואָרן: מיר מוזן ווייטער פירן פּרצס גרויסע בילדונגס-אַרבעט. דער בריק, וואָס ער האָט געבויט צווישן אינטעליגענץ און פאָלק, איז נישט פאַרטיק: עס מוזן קומען נייע געטרייע בויערס! פּרץ האָט נישט געזאָגט צום פאָלק: „אָט דאָס איז פאר דיר“. ער האָט געזאָגט צו אים: „איך בין מיט דיר. וועט מיר זיין ענג ביי דיר, וועלן מיר צוזאמען זוכן אונדזער הויז געראַמער צו מאכן“. ער האָט דער פאָלקסקולטור און דער פאָלקסשפּראַך אָנגעטרויט זיין גאנצן איך, ער איז צו די פאָלקסמאסן געקומען ווי א גלייכער צו גלייכע (ד. ה. ער האָט נישט גערעדט צו זיי פון אויבן אראָפּ). האָבן זיי געשענקט אים די פּריווילעגיע צו זיין וואס ער איז געווען, און כאָטש זיי האבן ניט אלץ פארשטאַנען אין זיינע ווערק, זיינען זיי אים געווען טיף דאנקבאר... מיר קאָנען נישט דערגרייכן אזוינע רעזולטאַטן, ווייל מיר האָבן נישט אַזוינע רייכע גייסטיקע מיטלען ווי די, וועלכע ער האָט געהאט, אָבער זיין וועג מוז זיין אויך אונדזער וועג, אויך מיר מוזן קומען צום פאָלק מיט אלץ, וואס מיר פארמאָגן, מיט אונדזער גאנצער גייסטיקער פערזענלעכקייט, און אויך מיר מוזן טרינקען פונם קוואַל, פון וועלכן ער האָט געטרונקען אַזוי דאָרשטיק, — מיטן פולן מויל... פּרצס לעבן מוז פון אונדז ווייטער געלעבט ווערן. זיין פּאָן פלאַטערט נאָך איבער אונדז, און ניט וועגן א קלאַסיקער, — וועגן אַ גרויסן אָנהייבער, וואס איז פלוצלונג פון אונדז אוועקגענומען געוואָרן, — איז א צייט איצט צו טראכטן... ניט קיין יתומים, — יורשים זיינען מיר, פאַראַנטוואָרטלעכע יורשים...

און פאראַנטוואָרטלעך זיינען מיר פאר זיין גאנצער ירושה, — סיי פאר וואס ער האָט געהאט, ד. ה. פאר זיינע ווערק, סיי פאר וואָס ער איז געווען, ד. ה. פאר דעם דינאַמיזם און די פארבאָרגענע מעגלעכקייטן פון זיין גייסטיקן איך.

זיינע ווערק איז נישטאָ דאָ גענוג אָרט אָפּצושאַצן אָדער אפילו בלויז צו כאַראַקטעריזירן, און מען מוז זיך באַנוגענען נאָר מיט עטלעכע ווערטער.

אין די לעבנסבילדער, סקיצן, דערציילונגען און בעלעטריסטישע עסעיס פון זיין ערשטן פּעריאָד האָט ער אַרויפגעבראכט אויף א העכערער מדרגה דאָס, וואס איז שוין פריער געווען ביי מענדעלען אָדער ביי שלום עליכמען. ער האָט ראַפינירטער געמאכט זייער פאָלקיסטישן רעאַליזם. ער האָט קאָנדענסירט זייער רעאַליסטישן פאָלקססטיל, ער האָט אים ביז צו א געוויסן גראַד מאָדערניזירט; צו גלייכער צייט האָט ער אינדיווידואַליזירט און פארטיפט זייער פּסיכאָלאָגיזם (צו זייער פאָלקס-פּסיכאָלאָגיע האָט ער צוגעגעבן די פּסיכאָלאָגיע פונם יחיד). דאָס איז געווען אַ גרויסער אויפטו, אבער נאָך מער האָט ער אויפגעטאָן אין דעם צווייטן פּעריאָד, ווען ער האָט סטיליזירט אָדער, ריכטיקער, פּרציזירט חסידישע און אנדערע יידישע פאָלקס-מעשיות. דאָן האָט ער אונדז גענעבן עפּעס אזוינס, וואס פריער איז עס אין דער נייער ליטעראַטור אויף יידיש כמעט אינגאנצן ניט געווען — עקזאַלטירטע אידעאַליזאַציע און ראָמאַנטיק. ער האָט דאַן אויך געשאַפן דעם סטיל פון זיינע עסייען, — דעם סטיל פון דער מאָדערנער יידישער פּראָזע. דערמיט, ווי אויך מיט אנדערע זאכן, האָט ער געהאָלפן יידיש און דער ליטעראַטור אויף יידיש אויפצוהויבן זיך איבער דעם מצב פון א פאָלקס-שפּראַך און אַ פאָלקס-ליטעראַטור און צו שטרעבן צו דעם ניוואָ פון א נאַציאָנאַלער שפּראַך און א נאַציאָנאַלער ליטעראַטור...

אָבער, ווי געזאָגט, אַן אויספּירלעכע און א מער קאָנקרעטע כאַראַקטעריסטיק פון דעם ליטעראַרישן פארמעגן, וואָס פּרץ האָט אונדז איבערגעלאָזן בירושה, איז דאָ ניטאָ גענוג אָרט צו געבן. וועל איך פון דעם, וואס פּרץ האָט געהאט און וואס איצט האָבן מיר עס, איבערגיין צו דעם, וואָס ער איז געווען און וואס נאָך זיין טויט האָבן זיינע יורשים געוואָלט — און ווילן — עס זיין.

ער איז געווען אַ שטיק הייוון, וואס האָט דעם טייג פון דער נייער יידישער ליטעראטור געמאכט יוירן און אויפ-גייען.

ער איז געווען דער דראנג, דער אימפּעט, די בענק-שאפט, דער חלום אויפן וואָר פון אונדזער קרעאטיוון גייסט. (און כ׳וואָלט וועלן, אז דאָס זאָל נישט אויפגע-נומען ווערן ווי סתם אזוי א מליצה.)

„ווען איך וואָלט געהאט, האָט ער אליין געזאָגט אין זיינע זכרונות, אנשטאט א פעדער צו באשרייבן, א בליי-שטיפט צום צייכענען, וואָלט איך פון מיר — פון דע-מאָלטיקן, פון יינגלישן — א קאריקאטור געמאכט: קליין, מאָגער, הענט און פיס, ווי די שטעקעלעך, א קאָפּ א גרוי-סער, א שטערן אין קאָפּ — אן איינגעשרומפּענער, אונ-טער אים אויגן, גרויסע, זוכנדיקע, שמערצלעך-פרעגנ-דיקע"...

און דאָס איז נישט אינגאנצן א קאריקאטור: פּרץ איז געווען —

די גרויסע, זוכנדיקע, שמערצלעך-פרעגנדיקע אויגן פון דער יידישער ליטעראטור...

בעת אַנדערע, פריערדיקע, זיינען געווען (אָדער האָבן געגלויבט אז זיי זיינען געווען) ענטפער-געבערס, איז פּרץ געווען דער גרויסער און דרייסטער פרעגער אין אונדזער גייסטיקער וועלט.

ער האָט אונדז געלערנט פרעגן קשיות, — האָבן דעם מוט צו פרעגן קשיות, ניט מורא צו האָבן ארויסצוטרעטן אָפן מיט ספקות.

פראגן און ספקות זיינען אפשר ניט אזא ניצלעכע ירושה, — וועט מען זאָגן. אָבער פרעגן און צווייפלען — דאָס איז א קונסט, וואס איז העכסט ניצלעך און נייטיק, בפרט נאָך, אז פּרץ האָט זי אונדז אָנגעהויבן צו לערנען אין א צייט, ווען די קלוגע השכלה איז נאָך געווען גאנץ זיכער מיט אירע נאַאיווע ענטפערס, אין א צייט, ווען עס זיינען געווען נאָך פארהייליקט די דאָגמעס און פארגלי-ווערט די דינים פון אלערליי שולחן-ערוך׳ס...

יידישע שרייבערס — און נישט נאָר די משכילים, אויך זייערע יורשים, די פאָלקיסטן, די סאָציאַליסטן, — זיינען געוואוינט געווען צו קומען צום יידישן עולם, ווי א דאָק-טער קומט צו א חולה; זיי זיינען געוואוינט געווען אים צו טאַפּן דעם דופק, אים אויסצוהערן, פארשרייבן אים רעצעפּטן... פּרץ האָט זיך אליין געטאַפּט דעם דופק... ניט „וואָס טוט אייך ווי?" האָט ער געפרעגט. „מיר טוט ווייי", האָט ער געזאָגט. ער איז געקומען מיט זיינע איי-גענע ווייטאָגן, — און צום ערשטן מאָל האָט זיך אין דער יידישער ליטעראטור אָנגעהויבן צו פילן אן אינטימע לופט, אנשטאט דער פריערדיקער אטמאָספערע פון א האָספּיטאל אָדער א בימה אין שול, וואו מען שטייט און מען דרשנט...

„נישט דאָס וויסן איז דער עיקר, זאָגט א העלד ביי פּרצן, נאָר דאָס קלערן, — און דאָס וואלט געקאָנט זיין א מאָטאָ צום גרעסטן טייל פון זיינע שריפטן. אפילו דאן, ווען ער האָט געזוכט אונדז צו געבן וויסן, איז ער אויסן געווען ניט אזוי דאָס וויסן, ווי דאָס קלערן. אפילו דאן, ווען ער איז געקומען צו אונדז — און ער איז זייער אָפט געקומען — מיט נייע אידייען, איז ער אויסן געווען ניט אַזוי די אידייען, ווי זייער נייקייט... „נישט וואָר און נישט פאלש זיינען אידייען, נאָר פריש און אַלט, בליענדיק אָדער פארוועלקט... אז מען טראָגט אייך צו אן אידייע, בייגט צו די נאָז: פרישע נעמט און שטעקט אייך אויף דער ברוסט, אלטע — וואַרפט ארויס"... דאָס האָט פּרץ אונדז געזאָגט מיט זיין גאנצן שאפן, נישט נאָר אין דעם אפּאָ-ריזם, וואס איז נאָר וואָס ציטירט געוואָרן.

פּרץ האָט ליב געהאט די אומבאשטימטע זוכענישן פון דעם ראָמאַנטישן גייסט, אים איז געפעלן געווען זיין בין-השמשות׳דיק חלומען און פארטראַכטן זיך... ער איז גע-ווען ראָמאַנטיש, אבער זיין ראָמאַנטיזם איז געווען א ראָמאַנטיזם נישט פון אלטווארג, נאָר, פאַרקערט, פון נייוואַרג. אפילו חסידות האָט ער נאָר דערפאַר גלאָריפי-צירט, ווייל דאָס האָט זיך געלאָזן מאָדערניזירן. אלטע מעשיות האָט ער ליב געהאט נאָר דערפאַר, ווייל עס איז געווען אַזאַ פרייד זיי צו באַנייען. פאַרצייטיקער סטיל איז אים געוואָרן נאָענט ערשט נאָכדעם ווי ער האָט אין אים אַריינגעהויכט זיין אייגענעם לעבנס-אָטעם.

להיפּוך צו מענדעלען און שלום עליכמען איז פּרץ גע-ווען ניט דער סך-הכל פון פריער, נאָר דאָס ערשטע בלאט פון א נייעם חשבון. די פארגאַנגענהייט איז פאר פּרצן גע-ווען נאָר מאטעריאל פאר עפּעס א צוקונפט-בנין. ער איז בכלל געווען, קאן מען זאָגן, די צוקונפטיגקייט פון דער יידישער ליטעראטור. ער איז געווען די יידישע ליטערא-טור אין ווערן. כאָטש זיינע אלע ווערק זיינען פול מיטן שטאָף פון אמאָל, זיינען זיי ניט קיין באלאנס פון א לעבן, וואָס ווערט ליקווידירט, נאָר א פּרואוו צו באלאנסירן כחות, וואס רייסן זיך צו א נייעם לעבן, און צו סינטע-זירן אידייען, וואָס ווילן אָנהייבן א נייעם חשבון פון לעבן.

מען וואָלט געקענט מיינען, אז פּרצן איז געגאנגען אין איבערלאָזן ניט אזוי ירושה, ווי יורשים.

געווען און געבליבן א רעפּרעזענטאַנט פון דער יוגנט-לעכקייט, איז דער עיקר געווען ביי אים דאָס גיין, נישט דאָס דערגיין ערגעץ, דער וועג, נישט זיין ציל, דאָס זוכן, נישט דאָס געפינען.

דער זוכנדיקער און פאָרשנדיקער גייסט פון דער יידישער וועלט, איז פּרץ געווען ניט, ווי שלום-עליכם, איר ברייט-דימענסיע און ניט, ווי מענדעלע, איר גיין אין דער טיף, נאָר איר שטרעבן ארויף-צו, אלץ העכער און הע-כער, אויב נישט נאָך העכער, איר הייך-דימענסיע.

און אָט דאָס, וואס פּרץ איז געווען, — אָט די רירעוו-דיקע און העכסט-פארענדערלעכע, הייסע, ברענענדיקע — און מער לאַטענטע, ווי קינעטישע, — ענערגיע, די ענער-גיע, וואס מאכט אזוי אומרואיק, אזוי כוואַליעדיק און שוימיק פּרצס שאפונגס-שטראָם, — איז ד׳ער חלק ירושה,

וואָס איז אונדז אזוי טייער, אויב נישט נאָך טייערער, ווי דאָס, וואס פּרץ האָט געהאט.

דאָס, וואס ער איז געווען, האָט ער איבערגעלאָזן אין, נישט נאָר פאר דער יידישער ליטעראטור. מיט זיין אימפּעטיקן אומרו, מיט זיין אייביקן דאָרשט, מיט זיינע זוכענישן און בענקענישן, מיט זיינע זעאונגען און אַנונגען האָט ער די יידישע ליטעראטור אויפגעוועקט, צערודערט, באגייסטערט, און זי איז געוואָרן א המשך ניט אזוי פון דעם, וואס ער האָט געהאט, ווי פון דעם, וואס ער איז געווען. זי איז געוואָרן א המשך ניט אזוי פון זיינע שאַפונגען, ווי פון זיין שאַפן, ניט אזוי פון זיינע צילן, ווי פון זיין אימפעט.

אָבער עס פארשטייט זיך, אז דאָס, וואס ער איז געווען, האָט זיך שטארק געפילט אויך אין דעם, וואס ער האָט געהאט. עס פארשטייט זיך, אז דער אימפעט און דער אומרו פון זיין שאַפן האָבן איבערגעלאָזן שפּורן אין זיינע שאַפונגען, — און די גייסטיקע גיטער, וואס ער האָט אונדז איןביידע שפּראכן אונדזערע איבערגעלאָזן — זיינע לידער, זיינע „מעשהלעך“, זיינע דערציילונגען, זיינע דראַמעס, זיינע עסעים, זיינע אפאָריזמען—האָבן אין זיך עפּעס פון נכסי דניידי, פון גיטער, וואס באַוועגן זיך און מאַכן אַנדערע זיך באַוועגן...

פּרובט, אדרבה, לייענען זיינע לידער, און טאקע די ערשטע... קוקט אריין אין יענע ערשטע פּראָזע-מיניאטורן, וואָס ער האָט גערופן „מעשהלעך“... נעמט די פעליעטאָנען אָדער די פּאָלעמיק, וואס ער האָט געדרוקט אין די „יום-טוב-בלעטלעך“, אין „החץ“... וועט איר זען, אז כאָטש היפּשע עטלעכע זאַכן, דערהויפּט די, וואָס זיינען געשריבן אין פּראָזע, האָבן אויפגעהיט אין זיך די שארפקייט פונם טאָן און דעם פרישן טעם, וואס זיי האָבן געהאט מיט א האלבן יאָרהונדערט צוריק, אין דאָך דער עיקר אין און ארום זיי, די אַטמאָספערע פון אומרו און אימפעט אין איך-צאפּלענישן און נשמה-ציטערניש וואס עס האָט געהאט ארום זיך כמעט אלץ, וואס פּרץ האָט געשריבן. אייך וועט קלאָר ווערן, ווען איר וועט נאָך אמאָל אריינקוקן אין זיינע ווערק, אז די גרעסטע באדייטונג פון זיין שרייבן, ווי פון זיין רעדן, איז געלעגן אין דעם שטורעמווינט, וואָס עס האָט מיט זיך געבראכט. קיין זאך, וואס איז אָנגערירט געוואָרן פון זיין הייסן אָטעם, איז ניט געבליבן שטיל, עס האָט זיך א ריר געטאָן פון אָרט, עס איז געקומען אין באַוועגונג. דאָס „פּעט-בלישצענדיק-גרין“ הייטל פונם שטייענדיקן וואסער, פונם געמייזעכץ, איז צעריסן געוואָרן... דאָס שטייענדיקע וואַסער האָט זיך א ריר געטאָן פון אָרט, האָט אָנגעהויבן פליסן, שטראָמען...

אַ נייער יידישער מענטש — א נייער יידישער סטיל — האָט זיך באַוויזן. ער איז געווען אנדערש פון דעם פריערדיקן מענטשן (און דעם פריערדיקן שרייב-נוסח), ווי אַנדערש עס איז די אייליקע און אומרואיקע שטאט פונם שטילן און פאמעלעכדיקן שטעטל (און ווי אנדערש עס איז דער נערוועזער און קורצאָטעמדיקער אורבאניזם פונם רואיקן און געלאַסענעם נוסח שטעטל...) פּרץ האָט אינדירעקט אליין אָנגעוויזן אויף זיין הויפּטאויפּטו, ווען ער האָט גאָר אמאָל (אין א בלעטל „לכבוד פּסח“) געשריבן וועגן דעם פארצייטיקן יידן: „וואָס פאר א באַגריף האָט ער געהאט פון לעבן? עס האָט אים אויסגעזען ווי א רואיק, ציכטיק און שטיל טייכל, וואס פליסט ארויס פון טויער פון גן עדן און וואָלט אזוי רואיק, שטיל און ציכטיק צוגעריזלט ביז צום עולם התוהו, ווען נישט דער יצר-הרע און די שלעכטע תאווה פון מענטש, וואס וואַרפט אמאָל אריין א שטיין אין וואַסער, צעהאַקט דעם קלאָרן שפּיגל — און עס הייבן אָן צו שלאָגן רעדער און וועלן“... פּרצ׳ס פּען איז עס געווען דער „יצר הרע“, וואס האָט אַריינגעוואָרפן א שטיין אין שטילן וואסער, צעהאַקט דעם קלאָרן שפּיגל — און עס האָבן אָנגעהויבן צו שלאָגן רעדער און וועלן...

# דרייסיק יאָר י. ל. פּרץ שרייבער־פאראיין

1.

ווען י. ל. פּרץ איז געשטאָרבן מיט 30 יאָר צוריק, איז אים גלייך געשטעלט געוואָרן א גייסטיקער מאָנומענט. דער שרייבער-פאראיין, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין ווינטער 1915, האָט אָנגענומען דעם נאָמען פון דעם גרויסן יידישן מייסטער, קלאַסיקער און פּאָעטער פון דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור. דערמיט איז גלייך אָנגעצייכנט געוואָרן די פיזיאָנאָמיע פון דעם יידישן שרייבער-פאַראיין.

אַ יוניאָן, ווי אַלע יוניאָנס, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן הויפּטזעכלעך צו הויבן דעם עקאָנאָמישן שטאַנד פון דעם יידישן שרייבער, האָט אבער דער י. ל. פּרץ שרייבער פאראיין קיינמאָל נישט פארגעסן, אז ער טראָגט דעם נאָמען פון איינעם פון די אחריות׳פולסטע קינסטלער פון דער יידישער ליטעראַטור. אָט דעם נאָמען האָט זיך דער פּרץ פאראיין באמיט צו טראָגן מיט ווירדע. פּונקט ווי פּרץ איז געווען דער עמוד האש פאר דעם גאַנג פון דער יידישער ליטעראַטור, דער „אויב נישט נאָך העכער״ פאר אונזער גאנצן יידישן שעפעריש לעבן, אזוי האָט דער שרייבער פאראיין קיינמאָל נישט דערלויבט, אַז ער זאָל אַרונטערזינקען צו דער מדרגה פון בלויז גופ׳יקע עקאָנאָמישע אינטערעסן. ער האָט אויך געפירט אַ גייסטיקע ווירטשאַפט. דער פאראיין האָט טאַקע געזוכט צו זיין אַ יוניאָן, א קאָלעקטיוו פאר דער גאנצער יידישער שרייבער-פּראָפעסיע, נאָר קיינמאָל ניט פארגעסן, אז ווי א פאראיין פון שרייבער בכלל און יידישע שרייבער בפרט, טראָגט ער א גרויסע אחריות.

די דאַטע פון פּרצ׳ס פּריצייטיקן און פּלוצים׳דיקן טויט איז זיך צוזאַמענגעפאַלן מיט דער גרינדונג פון יידישן שרייבער פאַראיין, לויט עפּעס אַ מיסטישער באַשערטקייט. א יידישע צייטונג איז מער ווי א צייטונג, — אַן ענציקלאָפּעדיע, א שולע, אַ שוהל, א בית - המדרש, אַ ישיבה, אַן אוניוורזיטעט. ס׳איז דערפאר געווען נאַטירלעך, אז א פאראיין פון יידישע פּראָפעסיאָנעלע שרייבער זאָל זיך מתיחס זיין מיט י. ל. פּרצ׳ן, וואָס איז אין זיך אליין געווען דער סימבאָל פון א געלייטערטער יידישער צייטונג. ער אליין איז געווען א דיכטער און אַ דראַמאַטורג, א דערציילער, א שרייבער פון עסייען און אַרטיקלען וועגן יידישע פּראָבלעמען, וואָס זיינען פּאַקטיש געווען עדיטאָריעלס פון אַן אינדיווידואַליסט, וואָס איז אויף קיין רגע ניט געווען אָפּגעריסן פון יידישן כלל.

י. ל. פּרץ האָט ליב געהאַט דאָס גאַנצע שרייבער-וועזן. ער האָט שטאַרק אַכטונג געגעבן אויף נייס-שרייבן, אָדער ווי ס׳איז געווען באַקאַנט אין אייראָפּע אַלס כראָניק. האָט ער געפונען א גוט-אָנגעשריבן שטיקל כראָניק, האָט ער זיך ניט געפוילט און געשריבן אַ בריוול צום רעדאַקטאָר און געלויבט דעם נאָמענלאָזן נייס-שרייבער אין הימל אריין.

און ליגט דען נישט אין יעדן יידישן שרייבער א ניצוץ פון פּרצ׳ן און פון דער „ענציקלאָפּעדישקייט״ פון אַ יידישער צייטונג? יעדער יידישער שרייבער איז א קליינע צייטונג פאר זיך אליין. וואָס פאר א יידישער שרייבער האָט עס יונגערהייט כאָטש ניט געשריבן קיין לידער, אריבער צו דערציילונגען, געוואָרן אַן אַרטיקל-שרייבער און כלל-פּאַרזאָרגער? און ביי וועלכן שרייבער ליגט נישט ערגעץ אין אַ שופלאָד א דראַמע, וואָס חלומ׳ט און בענקט נאָך דעם „בעסערן יידישן טעאַטער״? דער יידישער שרייבער איז ניט קיין ענגער און טרוקענער ספּעציאַליסט, נאָר אַן אַלגעמיינער פּראַקטיצירער פון דער יידישער שרייב-קונסט — און דאָס מיינט אַלץ וואָס פינקעלט פאר׳חלומ׳ט אין אַ טראָפּן טינט.

האָט טאַקע געדויערט אַ שטיק צייט, ביז אָט דער שרייבערישער באַהעם האָט באַשלאָסן ביי זיך אַליין, אז ער קען זיין א מיטגליד פון א פּראָפעסיאָנעלער אָרגאַניזאַציע, אז ער קען זיך איינשפּאַנען אין א דיסציפּלינירטן פאַראיין, אַז א חוץ אַ שרייבערישער נשמה פארמאָגט אויך דער שרייבער אַ גוף, וואָס לאָזט זיך ניט אָפּ׳פּטר׳ן מיט דעם גייסטיקן פארגעניגן פון אַן אָנגעשריבן ליד אָדער אַ פּלאַמיק פּובליציסטיש אַרטיקל.

צוויי פּראָבן האָבן יידישע שרייבער געמאַכט זיך צו אָרגאַניזירן און ביידע פּראָבן האָבן זיך אויסגעלאָזט מיט גאָרנישט. די צווייטע פּראָבע האָט אפילו געזשיפּעט אַ צוויי יאָר. דעם דאָזיקן פאראיין איז אפילו באַשערט געווען צו פירן א סטרייק, אבער די דעמאָלטיקע יידישע צייטונגען האָבן מיט פאראייניקטע כחות געבראָכן דעם סטרייק. געשלאָגענע און מיט אַרונטערגעלאָזטע קעפּ זיינען די שרייבער צוריקגעגאַנגען צו זייערע קלעגלעכע שכירות און דער פאראיין וואָס איז דורכגעפאַלן מיט׳ן סטרייק, האָט אויסגעהויכט דעם אָטעם.

אָט די צוויי פרע-היסטאָרישע פּראָבן צו שאַפן אַ שרייבער-פאראיין האָבן שוין כמעט ווי איבערצייגט די יידישע שרייבער אליין, אז מענטשן וואָס ציען חיונה פון דער פּען טויגן ניט פאר א פאראיין. די צייטונג-אַרויסגעבער האָבן אוודאי און אוודאי טריאומפירט. אַנדערע האָבן נאָך „אידעאַליזירט״ זייער קעגנערשאַפט צו אַ פאראיין מיט דער טעאָריע, אַז אַ פּראָפעסיאָנעלער פאראיין וואָלט ממש אונטערגעגראָבן דעם גייסטיקן ניוואָ פון א שרייבער, וואָס דאַרף און מוז זיין א פרייער קינסטלער — פריי צו הונגערן און פריי צו פארלירן זיין שטעלע.

2.

אָבער נויט, זאָגט מען, ברעכט אייזן. אין 1915, ביי דער ערשטער וועלט-מלחמה, האָבן יידישע שרייבער ניט געקענט אויסקומען מיט זייערע מאָגערע פאַרדינסטן. אַמעריקע איז צו יענער צייט נאָך געווען נייטראַל, אבער

דער יקרות האָט געהאַלטן אין איין שטייגן. אונטער דעם דראַנג פון נויט איז ווידער אויפגעלעבט געוואָרן דער געדאַנק פון א שרייבער-פאַראיין.

אין ווינטער 1915 זיינען זיך אויף 206 איסט בראָדוויי צוזאַמענגעקומען שרייבער פון די דעמאָלטיקע דריי גרויסע אידישע צייטונגען — „טאָג", „פאָרווערטס" און „וואַר-הייט" און ס'איז דאָרט אויף אָן אָרט געגרינדעט געוואָרן דער פאַראיין, וואָס איז באַלד באַקאַנט געוואָרן אַלס דער „י. ל. פּרץ שרייבער פאַראיין". דער „מאָרגען-זשורנאַל" האָט זיך געהאַלטן פונווייטנס פון פאַראיין גאַנצע צוויי יאָר, אָבער ער איז ענדלעך אריין אין דער משפחה פון די פאַראייניקטע יידישע שרייבער. מיט אַן אומפאַרשטענדלע-כער קעגנערשאַפט צום פאַראיין האָבן זיך באַצויגן די מיט-אַרבעטער פון „טאָגעבלאַט". אָט די שטעלונג האָבן די קעגנער געהאַט די ביטערע געלעגנהייט אויפריכטיק צו באַדויערן, ווען זייער שיף האָט געהאַלטן ביים זינקען און זיי האָבן זיך דערפילט שוצלאָז. זיי האָבן זיך גע-ווענדט צום פאַראיין נאָך שטיצע און געקראָגן א ברודער-לעכע האַנט. ס'איז איבעריק צו זאָגן, אַז ביים היינטיקן טאָג, איז ניטאָ קיין איין יידישער צייטונגסמאַן (אויסער מיטאַרבעטער פון דער „פרייהייט") וואָס זאָל ניט זיין קיין מיטגליד פון י. ל. פּרץ שרייבער-פאַראיין.

דער י. ל. פּרץ שרייבער-פאַראיין פאַרמאָגט אַן אייגע-נעם היסטאָריקער. אַז ער זעצט זיך אַוועק מיט יינגערע מיטגלידער פון פאַראיין נעמט ער דערציילן די געשיכטע פון דער יידישער שרייבער-פּראָפעסיע אין אַמעריקע, מיט דעם טאָן פון „בילי ליודי וו'נאַשע וורעמיא". דאָס איז אונזער חשוב'ער יוסף מאַרגאָשעס, וועלכער איז געווען סעקרעטאַר פון שרייבער פאַראיין פון 1915 ביז 1926. קאָלעגע מאַרגאָשעס, אַז ער דערזעט יונגוואַרג — און א מיטגליד וואָס איז וויניגער פון 20 יאָר אין פאַראיין, איז ביי אים א נייער צוגעקומענער קאָלעגע — גיט ער א גלעט די פּאַטריאַרכאַלישע באָרד און ער נעמט דערציילן אויף זיין פיינעם גאַליציאַנעריש וועגן 12 דאָלאַרדיקע שכירות, וואָס יידישע שרייבער האָבן אַמאָל געקראָגן; וועגן א מעשה נורא ווי מען האָט יידישע שרייבער אַמאָל געוואָלט צווינגען צו „פּאָנטשן א קלאַק" און וואָס עס איז געוואָרן דערפון; וועגן די קוואָרטערס משטיינס געזאָגט, וואָס ער האָט מיט גרויס שוועריקייטן איינגעמאָנט פון יעדן איינעם באַזונדערן שרייבער, אַלס וועכנטלעכע מיט-גליד-שטייער, אָדער דיוס. גאַנץ אָפט האָט ער געפילט אַז ער איז א נוגש, ווייל א קוואָרטער איז דעמאָלט ביי א יידישן שרייבער געווען א היפּשע מטבע.

אָבער וואָלט דער י. ל. פּרץ שרייבער-פאַראיין בלויז גע-האַט צו פאַרצייכענען א געשיכטע פון עקאָנאָמישער פאַר-בעסערונג, וואָלט ער קיינמאָל ניט געקראָגן דעם פּרעס-טיזש און די אנערקענונג, וואָס די קליינע יוניאָן מיט א קנאַפּער מיטגלידערשאַפט האָט געקראָגן. דער שרייבער-פאַראיין האָט אַלעמאָל געפילט, אַז ער האָט הינטער זיך א פּרעסע און א מעכטיקן וואָפן — דעם איינציקן וואָפן וואָס אונזער פאָלק פאַרמאָגט. דער י. ל. פּרץ שריי-בער פאַראיין האָט שוין אַזוי פרי, ווי אין 1919 געלאָזט פילן זיין איינפלוס אויספּרובירנדיק זיינע כחות.

אין נייעם פּוילן און אין גאַליציע האָבן דעמאָלט אויסגעבראָכן די ערשטע פּאָגראָמען. דער שרייבער-פאַראיין האָט גערופן א גרויסן פּראָטעסט-מיטינג און א טרויער-מאַרש איבער די ניו-יאָרקער גאַסן. א סך יידישע אָרגאַניזאַציעס האָבן געשטיצט דעם רוף פון פאַראיין, און דעם 21-טן מאַי, 1919, איז אויף די ניו-יאָרקער גאַסן פאָרגעקומען דער גרעסטער טרויער-מאַרש, וואָס ניו-יאָרק האָט ביז יענער צייט געזען. מיט דער ריזיקער צאָל פון מאַרשירער איז יענע דעמאָנסטראַציע פאַרטונקלט געוואָרן בלויז דורך דעם אַנטי-היטלער מאַרש, וואָס איז פאָרגעקו-מען אַלס אויסדרוק פון פּראָטעסט קעגן דער ערשטער באָיקאָט- און פּאָגראָם-כוואַליע אין נאַצי-לאַנד. די טרויער-פּראָצעסיע קעגן פּאָגראָמען אין פּוילן האָט זיך פאַר-ענדיקט מיט א פּראָטעסט-מיטינג אין מעדיסאָן-סקוועער גאַרדען. אויפן אַנדערן טאָג זיינען די ענגלישע צייטונגען געווען פול מיט אויפריכטיקן צאָרן קעגן די אַזוי-גערופענע פּוילישע עקסצעסן און מיט שילדערונגען פון דער טרויער-פּראָצעסיע.

דער יונגער י. ל. פּרץ שרייבער-פאַראיין האָט אויף די גאַסן פון ניו-יאָרק זיך געטראָפן פנים אל פנים מיט דעם גייסטיקן כח, וואָס שטייט הינטער דער קליינער יוניאָן פון יידישע וואָרט-פירער.

דער פאַראיין האָט צו יענער צייט אויך אויסגעזוכט דעם לייענער דורך בעלער, וואָס ער האָט אַראַנזשירט ווינטער און דורך פאַרוויילונגען, וואָס זיינען פאָרגעקו-מען אין גאָרטן אין קוני איילאַנד. דאָס געלט וואָס די בעלער האָבן אריינגעבראַכט, איז געגאַנגען אויף צו העלפן נויטליידנדע שרייבער דאָ-הי און אין אויסלאַנד, אָבער אויסער די פאָנדן וואָס די בעלער און פאַרוויילונגען האָבן געהאָלפן שאַפן, האָבן זיי געהאָלפן צוזאַמענברענגען דעם שרייבער מיט זיין לעזער, און ס'איז דורך דעם געקומען צו א גרויסער דערנענטערונג. אָט די קרובה'שאַפט צווישן לעזער און שרייבער האָט געהאָלפן האַלטן דעם פאַראיין אויף זיין אַנגעצייכנטער הויך. די קליינע יוניאָן האָט אין אַזעלכע מאָמענטן געפילט, אַז זי פאַרמאָגט א נשמה יתרה, אַז אויסער דעם וואָס זי איז א קאָלעקטיוו פון שרייבער איז זי אין א העכערן זין אויך דער קאָלעק-טיוו וואָס פאַרטרעט דעם יידישן לעזער.

3.

גלייך נאָך דער ערשטער וועלט-מלחמה, אַזוי גיך ווי די וועלט האָט זיך צוריק געעפנט, האָבן זיך צום שריי-בער-פאַראיין דערטראָגן די ערשטע טרויעריקע גרוסן וועגן דעם חרוב-געוואָרענעם יידישן לעבן. אין אַנגע-זיכט פון דעם איצטיקן יידישן אומגליק קלינגט עס באמת ווי פאַרצייטיקע געשיכטע. דעמאָלט איז אויך חרוב געוואָרן דאָס יידישע לעבן, אָבער ניט ביז צו די גרונטן. די פונ-

# די פּרעזידענטן פון י. ל. פּרץ שרייבער פאראיין


אַלעקסאַנדער זעלדין


הלל ראָגאָף


דר. ב. האָפּמאַן (צבֿיון)


דר. א. ש. זאַקס


דר. א. קאַראַלניק


דר. ל. פאָגעלמאַן


וויליאַם עדלין


דר. ל. הענדין

דאמענטן זיינען געווען גרייט פאר ווידער-אויפריכטונג. דאָס פאָלק איז געבליבן לעבן אפילו ווען ס׳איז דערפון אָפּגעצאַפּט געוואָרן א סך בלוט.

דער י. ל. פּרץ שרייבער-פאראיין האָט גלייך געשאַפן א הילפס-פאָנד פאר יידישע שרייבער אויף יענער זייט ים. דער אַלגעמיינער עולם האָט זיך זייער וואַרים אָפּגערופן אויף דעם דרינגענדן רוף פון שרייבער-פאראיין. דער געזאמעלטער פאָנד איז פאַרטיילט געוואָרן צווישן יידישע און העברעאישע שריפטשטעלער אויף יענער זייט ים. אזוי האָט אויך די אלמנה פון י. ל. פּרץ געקראָגן חודש׳לעכע שטיצע פון פאראיין, ביז פאקטיש דעם לעצטן טאָג פון איר לעבן.

ס׳איז אויך אינטערעסאנט צו פאַרצייכענען, אז דער פאָנד פאר הונגעריקע יידישע שרייבער אויף יענער זייט ים האָט זיך געעפנט מיט אן אייגנאַרטיקן באַנקעט. דער באַנקעט איז ניט געווען דער געוויינלעכער באַנקעט פון געבראָטענע טשיקנס, סטעיקס און מארצעפּאַנעס, נאָר א באַנקעט פון ברויט מיט הערינג. דער „הונגער-באַנקעט“ האָט צו יענער צייט געמאַכט א רושם. יידישע שרייבער האָבן ביי זיך ניט געקענט פועלן צו זיצן ביי רייך-געדעקטע טישן און זאַמלען געלט פאר הונגעריקע קאָלעגן. זיי האָבן ביים באַנקעט געשאַפן די אילוזיע, אז זיי זיצן ביי די טישן מיט זייערע ברידער אויף יענער זייט ים און גיבן א האַרציקן האַנט-דרוק די חברים אומעטום, וואו נאָר מען איז געשטאַנען גרייט צו טראָגן דעם ליבן עול פון יידישן וואָרט.

די שפּעטערדיקע סעקרעטאַרן פון פאראיין, ד. ל. מעקלער, תלוש און מ. ריבלין האָבן אויך זייער א סך צו דערציילן וועגן דער אנטוויקלונג און וואוקס פון שרייבער-פאראיין. מ. ריבלין, למשל, באַטאָנט א פאַקט, מיט וועלכן דער דורכשניטלעכער מיטגליד פון פאראיין איז ניט גאָר שטאַרק באַקאַנט. דער י. ל. פּרץ שרייבער-פאראיין, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין 1915, האָט באַדאַרפט קעמפן פאר אנערקענונג ביז דעם אָנהויב פון די דרייסיקער יאָרן. דאָס הייסט דורך די יאָרן פון בארג-אַרויף פון דער יידישער פּרעסע, דורך דער גאַנצער צייט פון איר גלאַנץ-פּעריאָדע און די גרויסע געלטער, וואָס אַרויסגעבער האָבן געמאַכט, איז דער פאראיין בלויז טאָלערירט געוואָרן. די אמת׳ע אנערקענונג מצד די פּאַבלישערס, אין דעם זין ווי מיר פאַרשטייען עס איצט, דאָס הייסט ווי א קאָלעקטיווע קערפּערשאַפט, וואָס איז באַרעכטיקט צו רעדן אין נאָמען פון אַלע קאָלעגן שרייבער, איז ערשט געקומען אין אָנהויב פון די דרייסיקער יאָרן. ביז דעמאָלט זיינען דער פאראיין און די פּאַבלישערס געווען אין קאַלטע באַציאונגען איינער מיטן אַנדערן. זיי האָבן אויסגעמיטן רייבונגען, אָבער סיי פּאַבלישערס און סיי רעדאַקטאָרן האָבן באַטראַכט דעם פאראיין ווי אן אנטי-שרייבערישע אָרגאַניזאַציע.

אין שייכות דערמיט איז כדאי צו דערציילן א כמעט טראַגי-קאָמישן עפּיזאָד. ווען דער י. ל. פּרץ שרייבער-פאראיין האָט ענדלעך יאָ אַרויסגעפּאָדערט — געטשאַלענדזשט בלע״ז — יעדע באַזונדערע רעדאַקציע, און ענדלעך געקראָגן די פולע אנערקענונג, אלס דער קאָלעקטיווער פאַרטרעטער פון די שרייבער, האָט איין רעדאַקטאָר געהאַט טרערן אין די אויגן. ווען ער איז געקומען אונטערצושרייבן די אָפיציעלע אנערקענונג פון דער שרייבער-יוניאָן, האָט ער געזאָגט, אז איצט איז די עקזיסטענץ פון דער צייטונג אין סכנה. אזוי טיף-איינגעוואָרצלט איז געווען דער געדאַנק אז א שרייבער-יוניאָן איז א פרעמדער אָנוואוקס, וואָס איז עלול צו שעדיקן די גאַנצע פּראָפעסיע.

איצט איז דער פאראיין דער אנערקענטער קאָלעקטיוו פאר אַלע דריי גרויסע טעגלעכע צייטונגען, פון „פאָרווערטס“, „מאָרגען-זשורנאַל“ און „טאָג“. דערביי עקזיסטירט נאָך ביים פאראיין א באַזונדערע סעקציע פון פּובליסיטי שרייבער, וואָס טוען אַרבעט פאר פאַרשידענע יידישע אָרגאַניזאַציעס, אינסטיטוציעס און יוניאָנס.

מען טאָר אויך ניט אויסלאָזן צו דערציילן וועגן א טראַגישער געשעעניש אין לעבן פון אונזער פאראיין. אין 1929 זיינען די מיטאַרבעטער פון „פרייהייט“ אויסגעשלאָסן געוואָרן פון פאראיין, פאר זייער שטעלונג צו די אַראַבישע פּאָגראָמען אויף יידן אין ארץ ישראל. דאָס איז ניט געווען קיין פּאָליטישע אַקציע מצד דעם פאראיין, וואָס האָט זיך כסדר באַמיט צו זיין אומפּאַרטייאיש. די אויסשליסונג איז געווען פאר נאַציאָנאַלן פאַרראַט. אַלע געדענקען ווי די גאַנצע יידישע גאַס האָט ממש געברענט מיט צאָרן קעגן דער שטעלונג פון דער „פרייהייט“, דער פּרץ פאראיין האָט נישט נאָר אויף זיין אייגענער אחריות זיך אָפּגעטיילט פון די „פרייהייט“ מיטאַרבעטער, נאָר ער האָט אויך דערמיט געטאָן דעם ווילן פון דער יידישער עפנטלעכקייט. דאָס איז געווען א פּיינלעכע פּראָבע, אבער דער פאראיין האָט זיך דערהויבן צו זיין אייגענער ווירדע, אלס א נאַציאָנאַלע יידישע קערפּערשאַפט דורך אָפּגרעניצן זיך פון מענטשן, וואָס האָבן באַגריסט פּאָגראָמשטשיקעס.

איין הויך-פּונקט אין דער אנטוויקלונג פון שרייבער-פאראיין מוז נאָך דערציילט ווערן, איידער מיר שליסן די געשיכטע פון זיין דרייסיק-יאָריקער עקזיסטענץ. דאָס איז דער טרויעריקער צוזאַמענשטויס מיט דעם „ניוספּייפּער גילד“. אינטערעסאַנט איז, אז די אמעריקאַנער שרייבער האָבן געגרינדעט זייער יוניאָן גאַנצע צוואַנציק יאָר, נאָך דער גרינדונג פון י. ל. פּרץ שרייבער פאראיין, די גרינדונגס-קאָנווענשאָן איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין קליוולאַנד. דער גרינדער פון „גילד“ איז געווען העיוואָוד ברון. ברון האָט אויך געהאַט צו קעמפן קעגן דער אַלגעמיין-אָנגענומענער מיינונג, אז א יוניאָן איז ממש סם-המות פאר דער שרייבער-פּראָפעסיע. ברון האָט געהאַט פאר זיך איין מאָדעל, און דאָס איז געווען דער י. ל. פּרץ שרייבער-פאראיין. צו דער גרינדונגס-פאַרזאַמלונג אין קליוולאַנד האָט ברון איינגעלאַדן וויליאַם עדלין, דעם דע-

# 75 יאָר יידישע פרעסע אין אמעריקע

## באַאַמטע פון י. ל. פרץ שרייבער־פאראיין אין פארשיידענע צייטן



מ. ריבלין
וויצע־פרעזידענט



דניאל טשאַרני
סעקרעטאר־קאַסירער



עטל ריפקין
אָפיס־סעקרעטארין



תלוש
געוועזענער סעקרעטאר



י. מארגאָשעס
ערשטער סעקרעטאר

מאָלטיקן פרעזידענט פון דער „יידיש רייטערס יוניאָן" (דער י. ל. פרץ שרייבער-פאראיין, וועלכער איז אָנגעשלאָסן אין די „פאראייניקטע יידישע געווערקשאַפטן", האָט פאר 1935 געהייסן אָפיציעל „דזשואיש רייטערס קלאָב"). דער פארשטאָרבענער אמעריקאנער שריפטשטעלער האָט אָנגעוויזן אויף עדלינען ווי אויף „עקזיביט נאָמבער וואָן"—אָט איז דער פארטרעטער פון דער ערשטער און איינציקער שרייבער יוניאָן אין לאנד און זאל ער דערציילן וועגן די אויפטואונגען פון יידישן שרייבער-פאַראיין. צו יענער צייט איז דער דורכשניטלעכער געהאלט פון אַ יידישן שרייבער געווען א פיל העכערער ווי דער דורכשניט-געהאלט פון אן ענגלישן צייטונגס-שרייבער.

עדלין האָט פאר דער גרינדונגס-פארזאמלונג פון „ניוספייפער גילד" דערציילט ווי אונזער י. ל. פרץ שרייבער-פאראיין האָט געהויבן דעם עקאָנאָמישן סטאַטוס פון די יידישע שרייבער און זיי געגעבן זעלבסט-ווירדע און אנערקענונג.

דער י. ל. פרץ שרייבער־פאראיין האָט אַלס אויסדרוק פון פריינטשאפט געשיקט דעם שוואכן „ניוספייפער גילד" אַ טשעק, און ווען דער „גילד" האָט געפירט דעם סטרייק אין „ברוקלין איגל", האָט אונזער פאראיין געשטיצט דעם פאראיין מאָראַליש און פינאַנציעל.

דער „גילד" איז געבאָרן געוואָרן אין פריינטשאפט מיט דעם פרץ שרייבער-פאַראיין, ווי מיט אַן עלטערער ברודער-אָרגאַניזאַציע.

נאָך דער גרינדונג פון „גילד" זיינען עטלעכע מאָל אפילו פאָרגעקומען פאַרזוכן צו פאראייניקן ביידע קערפערשאפטן. אבער דער „גילד" איז באַשטאַנען דערויף, אַז די פרץ שרייבער-פאראיין מיטגלידער זאָלן אַריינקומען אין „גילד" ווי יחידים. דאָס וואָלט געהייסן אויפגעבן אייגענע קולטור-אַרבעט און אפילו די יידישע שפראַך ביי די פארזאַמלונגען. דער י. ל. פרץ שרייבער-פאַראיין וואָלט דורך דעם פאקטיש אויפגעהערט צו עקזיסטירן און די מיטגלידער וואָלטן געוואָרן ענגליש-רעדנדיקע גרים אין א פאר זיי פרעמדער אָרגאניזאַציע.

דער „ניוספייפער גילד" האָט דעם י. ל. פרץ שרייבער-פאַראיין „אָפגעדאַנקט" פאַר זיין פריינטשאַפט און אין 1941 האָט ער געמאכט אן איבערפאל אויף אונזער יוניאָן און „געקידנעפט" אַ צאָל מיטגלידער פון פאראיין — מיטארבעטער פון „טאָג" — און זיי געמאכט פאר „גילד" מיטגלידער. דאָס האָט געפירט צו א טרויעריקן ברודער-קאַמף און אַ סטרייק אין „טאָג". דער „גילד" האָט זיך פאַרמאָסטן צוצוברעכן דעם י. ל. פרץ שרייבער-פאראיין, אָבער געענדיקט האָט עס זיך מיט א פולשטענדיקן זיג פאַר אונזער פאראיין. דער „גילד" האָט געמוזט צוריקשיקן די „געקידנעפטע" מיטגלידער, און דער י. ל. פרץ שרייבער-פאראיין איז אַרויס פון דעם קאַמף געשטאַרקט און דיסציפּלינירט. ער האָט דורך דעם גערעכטן קאמף מיטן „גילד" א סך געוואונען אין פרעסטיזש.

4.

דאָס איז, אין קורצן, די געשיכטע פון דער שרייבער-יוניאָן, וואס האָט א גאַנץ אימפּאָזאנטן רעקאָרד, א דאנק דעם וואס זי פארטרעט שרייבער, וועלכע פארטרעטן דעם דעת הקהל פון דער יידיש-אמעריקאנער לעזערשאַפט. דער פאראיין שטייט שטענדיק אויף דער וואַך, אַז דער מאָראַלישער באַראָמעטער פון דער יידישער פרעסע זאָל ניט זינקען.

דער שרייבער-פאראיין איז אויסער אן עקאָנאָמישער אויך א גייסטיקע קערפערשאפט. זיין קולטור-רעקאָרד און זיין רעליף-רעקאָרד זיינען פּראָפּאָרציאָנעל פאר דעם פאַראיין אויסערגעוויינלעך הויכע.

אַזוי גיך ווי די איצטיקע מלחמה האָט אויסגעבראָכן, האָט דער פאראיין געשטיצט פליטים-שרייבער, די סאַמע ערשטע קרבנות פון נאַציזם. ס׳איז גלייך געשאַפן געוואָרן א פאָנד, וואָס האָט געהאָלפן שטיצן יידישע שרייבער אין לענדער וואס זיינען נאָך צו יענער צייט געווען פריי. אַ סך שרייבער זיינען א דאנק דעם פאָנד פשוט אַרויסגעראטעוועט געוואָרן פון די נעגל פון מלאך המות. מיט די געלטער פון דעם ספּעציעלן פאָנד האָט מען זיי

געהאָלפן אויסוואנדערן קיין ענגלאנד, אמעריקע, קאנאדע און ארץ ישראל.

ס׳מעגן נאָך דאָ דערמאָנט ווערן די ווינטערדיקע שבת-צונאָכטסן, וואָס דער פאראיין האָט אָנגעפירט אין משך פון זיבעצן יאָר, פון 1926 ביז 1943, פריער אין „האיאס" און שפּעטער אין ליבאָר טעמפּל. די הכנסה פון די אָוונטן איז געגאנגען פאר ארבעטסלאָזע און נויט-לײַדנדע שרייבער. אבער די שבת-אָוונטן זײַנען געוואָרן אַן אייגנאַרטיקע קולטורעלע אינסטיטוציע, וואָס האָט צוגעצויגן אַן עולם, וועלכער האָט ממש געדורשט נאָך אַ יידיש וואָרט. צו די סימפּאָזיומס איבער וויכטיקע פּראָבּלעמען, פלעגט דער ליבאָר טעמפּל זײַן קאָפּ-אויף-קאָפּ. מען האָט געזען אַז דער גאַנצער זאַל פלאַקערט ממש מיט אַן אויפריכטיקן ווילן צו לייזן וויכטיקע יידישע פראַגן.

דער עולם איז געקומען צו די שרייבער-אָוונטן הערן אַ לעבעדיקע ציטונג. מען האָט געזען באשיינפּערלעך, אַז צווישן שרייבער אויף דער פּלאַטפאָרמע און דעם אויפמערקזאַמען עולם האָט זיך געוויגט אַ בריק פון פריינטשאַפט און פון קעגנזײַטיקן צוטרוי און דרך ארץ. צוליב מלחמה-באַדינגונגען זײַנען די אייגנאַרטיקע שבת-נאָכטסן צײַטווייליק אָפּגעשטעלט געוואָרן.

אין 1932 האָט דער י. ל. פּרץ שרייבער פאראיין גערופן אַ קאָנפערענץ פאַרן יידישן וואָרט. צו דער קאָנפערענץ זײַנען געקומען פארטרעטער פון יידישע קולטור-און-דערציאונג-אָרגאַניזאַציעס.

ווי אַן ארויסוואוקס פון דער קאָנפערענץ איז מיט זעקר יאָר שפּעטער געגרינדעט געוואָרן די צענטראַלע יידישע קולטור-אָרגאַניזאַציע (ציקאָ), אין וועלכער עס זײַנען אויסער דעם י. ל. פּרץ שרייבער-פאראיין אויך אָנגעשלאָסן דער ארבעטער-רינג און דער יידיש-נאַציאָנאַלער ארבעטער פאראיין.

דער פּרץ שרייבער-פאראיין איז שטאָלץ, וואָס די געשיכטע פון פאראיין איז ניט קיין טרוקענער רעקאָרד פון עקאָנאָמישע דערגרייכונגען, נאָר אַ געשיכטע, וואָס איז אינטים פארבונדן מיט דעם שטראָם פון יידישן לעבן. ווען מען ווארפט אַ בליק צוריק אויף 30 יאָר טעטיקייט פון אונזער פאראיין איז זיך באמת שווער פאָרצושטעלן, אַז דאָס אַלץ איז געטאָן געוואָרן דורך אַ יוניאָן, וואָס פאַרמאָגט בלויז אַ פּאָר הונדערט מיטגלידער. ווי אַ יידישע אָרגאַניזאַציע העלפט דער פּרץ פאראיין יעדע קאָנסטרוקטיווע יידישע באַוועגונג, וואָס גיט זיך אָפּ מיט קולטורעלער הילף אָדער נאַציאָנאַלער ארבעט.

דער י. ל. פּרץ שרייבער-פאראיין איז אָנגעשלאָסן אין דער אמעריקאַנער יידישער קאָנפערענץ, געווערקשאַפטן קאַמפּעין פאר דער יידישער ארבעטערשאַפט אין ארץ-ישראל, ארבעטער-קאָמיטעט, וואָס טוט הילפס-ארבעט פאר יידן אין לענדער אויסער ארץ-ישראל. דער פאראיין העלפט אויך מיט רעגלמעסיקע בייטראָגן דעם פאראייניקטן יידישן אַפּיל, „אָרט", „האיאס", ווי אויך פארשידענע צדקה, קולטורעלע און דערציאונג-אינסטיטוציעס אין לאַנד.

פון דעם ערשטן מיטינג אויף איסט-בראָדוויי אין 1915, ביזן היינטיקן טאָג, זײַנען, ווי מען זאָגט, אַ סך וואַסערן פארפלאָסן. ס׳איז טאקע מער ניט ווי געזאָגט, ווייל אין דער אמת׳ן איז אָפּגעפלאָסן אַ סך בלוט און דערהויפּט יידיש בלוט, פיל מער ווי ווען עס איז אין אונזער געשיכטע פון בלוט און טרערן. דער צורר, וועמענס נאָמען זאָל פארזונקען ווערן אין טומאה אויף אלע דורות, האָט זיך פארמאָסטן אומצוברענגען ניט אנדערש ווי דאָס גאַנצע יידישע לעבן. מיט אַ צעבראָכן הארץ פארצייכענען מיר אַלץ וואָס איז אָפּגעראַטעוועט געוואָרן פון חורבן און אַלץ וואָס לעבט נאָך אין אַזעלכע לענדער, וואו דער מערדער האָט ניט ארויפגעלייגט זײַן לאַפּע.

אין דעם גייסטיקן אינווענטאַר פון יידישן פאָלק פארנעמט דער י. ל. פּרץ שרייבער-פאראיין אַ גאַנץ באַדייטנדיק און אייגנאַרטיק אָרט. דער י. ל. פּרץ שרייבער-פאראיין וועט זיכער נישט פארפעלן צו טאָן זײַן פליכט צו העלפן בויען דאָס יידישע לעבן אויף די חורבות פון דעם אומגעבראַכטן און פארטיליקטן.

לאָמיר האָפן, אַז ווען דער י. ל. פּרץ שרייבער-פאראיין וועט פייערן זײַן 50-טן יובל, וועט ער עס קענען טאָן מיט אַ פרייליכער הארץ און מיט דעם באַוואוסטזיין, אַז אַ רואיקערע צייט האָט כאָטש אַביסל טרייסט פאר דעם יידישן אומגליק.

די איצטיקע יובל-פייערונג אין אונזער טראַגישער צייט איז אונטערגענומען געוואָרן, נישט בלויז צו פארצייכענען אַ וויכטיקע קולטור-דאַטע פון 75 יאָר יידישער פּרעסע אין אמעריקע, נאָר אויך צו שאַפן אַ פאָנד פאר דעם צוריק-אויפבוי פון דער יידישער פּרעסע אין דער חרוב-געוואָרענער אייראָפּע. דאָס איז נויטיקער אָפּטימיזם פאר דעם טרויעריקן יידישן לעבן. דער י. ל. פּרץ שרייבער פאראיין האַלט עס פאר זײַן חוב צוצולייגן אַ האַנט צו דער אויפבויאונג פון דער יידישער צוקונפט. דער י. ל. פּרץ שרייבער-פאראיין פילט אַז מיט דער אויפלעבונג פון יידישן וואָרט אין דער חרובער אייראָפּע וועט געלייגט ווערן דער ווינקל-שטיין פאר אַ נײַ יידיש לעבן.

---

דעם אַמט פון פּרעזידענט אין פאראיין האָבן ביז איצט געהאַלטן, עטלעכע פון זיי מער ווי איין טערמין, אלעקסאַנדער זעלדין, הלל ראָגאָף, דר. ב. האָפּמאַן (צביון), דר. אַ. ש. זאַקס, דר. אַ. קאַראַלניק, דר. ל. פאָגעלמאַן, וויליאַם עדלין, און דר. ל. הענדין.

די סעקרעטאַרן פון פאראיין זײַנען געווען : יוסף מאַרגאָשעס, חיים ליבערמאַן, אַ. תלוש, ד. ל. מעקלער, מ. ריבלין, משה שטאַרקמאַן און דניאל טשאַרני.

דעם אַמט פון קאַסירער האָבן געהאַלטן : מאָריס ווינטשעווסקי, ש. יודסאָן, צביון, ד. ל. מעקלער, אַלטער עפּשטיין און ב. לעוויטין.

צווישן די וויצע-פרעזידענטן זיינען געווען: ישראל פרידמאַן, קלמן מרמר, מענדל אָשעראָוויטש, יעקב פישמאַן, מרדכי דאַנציס, וויליאַם פּאַכאַצקי, יוסף אָפּאַטאָשו, אהרן גלאַנץ און מ. ריבלין.

דעם „רעקאָרד“ פון לענגסטער מיטגלידערשאַפט אין דער אַדמיניסטראַציע פון פאַראיין האָט דער פאַרשטאָרבענער חנן י. מיניקעס. הגם אַליין ניט קיין פּראָפעסיאָנעלער שרייבער, האָט מיניקעס געאַרבעט מיט בוכשטעבלעכער מסירת נפש פאַר׳ן פאַראיין ביז׳ן לעצטן טאָג פון זיין לעבן אין 1932.

# מיטגלידער פון י. ל. פּרץ שרייבער פאראיין

ר. אבראמאָוויטש
י. אבראמאָוויץ
י. אדלער
א. אויערבאך
מ. אונגער
ד. איגנאטאָוו
ד. איידעלסבערג
ר. אייזלאנד
ד. איינהאָרן
א. אלמי
א. אלפּערין
ב. אלקוויט
י. אפּאטאשו
ה. אקערמאן
מ. אראָנסאָן
מ. אָשעראָוויטש
ב. באָטווינניק
י. באנק
ל. באָראָדולין
א. ל. באראן
א. בארבאראש
מ. באָריישאָ
י. באשעווים
ג. בובליק
א. בוקשטיין
ב. י. ביאלאָסטאָצקי
דר. ש. ביקל
מ. בירשטיין
י. בעלער
ל. בערמאן
ד. בערנשטיין
מאני לייב בראהינסקי
מ. בראון
י. גאָסדאן
ל. גאָטליב
ח. גאָטעספעלד
ב. צ. גאָלדבערג
ב. י. גאָלדשטיין
דר. ה. ל. גאָרדאָן
ג. ה. גאָרווין
ה. גוטמאן
ב. גלאזמאן
י. גלאטשטיין
א. גלאנץ (לעילעס)
נ. גראָס
וו. גראָסמאן
מאיר גראָסמאן
א. ל. גרינבערג
מ. דאנציס
דר. ב. דובאָווסקי
מ. דוכאָווני
ס. דינגאָל
ה. דרימער
דר. ב. האָפמאן (צביון)
י. האָראָוויץ
ה. א. הורוויטש
פּ. הירשביין
דר. ל. הענדין
מ. ווינאָגראד
דר. מ. וויינרייך
ב. וויינשטיין
בעריש וויינשטיין
ש. וועבער
נ. זאלאָוויץ
י. זאר
ז. זילבערצווייג
א. זעלדין
ש. צ. זעצער
י. חייקין
א. טאבאטשניק
י. טונקל
ב. טעלער
י. ל. טעלער
ד. טשארני
מרדכי' יאפע
ש. יודסאָן
א. ק. יזרעאלי
חיענע יפה
ק. יפה
דר. צבי כהן
מ. כינאָי
דר. מ. כמעלניצקי
אלעף כץ
י. לאָלא
ה. לאנג
א. לוצקי
ז. ליבין
ח. ליבערמאן
ד. ליבערסאָן
נ. ב. לינדער
ה. לייוויק
ראָזע לעבענסבוים
רחל לעווין
י. מ. לעווינסאָן
י. לעשצינסקי
מ. מאָזעס
קאדיא מאָלאָדאָווסקי
י. מארגאָשעס
דר. ש. מארגאָשעס
ה. מאָרגענשטערן
דר. א. מוקדוני
נ. ב. מינקאָוו
ב. מיימאן
מ. מלמד
ד. ל. מעקלער
ש. ניגער
א. ניסענזאָן
מ. נירענבערגער
דר. ב. מ. סייקין
ב. סמאָלאר
סארא ב. סמיט
ש. ספיר
וו. עדלין
י. ענטין
ב. עפּעלבוים
א. עפּשטיין
ש. ערדבערג
ה. ערענרייך
וו. פּאָכאָצקי
ש. פּאָליאקאָוו
א. י. פּארסקי
ד. פּינסקי
י. פאָגעל
דר. ל. פאָגעלמאן
ש. פארבער
י. פאשקא
ל. פיינבערג
ב. פינקל
ל. פינקעלשטיין
י. פישמאן
מ. פישער
ח. נ. פישערמאן

ל. פליישמאַן
מ. צ. פּראַנק
י. י. פרידמאַן
משה פרענק
רעגינא פרישוואסער
וו. צוקערמאַן
ש. ז. צוקערמאַן
א. צייטלין
ה. י. קאָהן
מ. קאָסאָווער
ד. קאפּלאַן
י. פּ. קאַץ
דר. מ. קויפמאַן
ל. קוסמאַן
י. קיסין
י. קירשענבוים
ל. קעסנער

ז. מ. קערשטיין
ל. קרישטאָל
מ. קרישטאָל
י. קרעפּליאַק
ל. ראַבינס
ה. ראָגאָף
מ. ראַוויטש
ש. ראָזען
ש. ראָזענבערג
ה. ראָזענפעלד
א. מ. רובין
פּ. רודאָי
מ. ריבלין
ב. ריווקין
א. רייזען
שרה רייזען
י. רייך

א. רייכמאַן
א. רעוואָוצקי
וו. רעזוויק
ב. רעסלער
ד. שוב
ז. שוסטער
מרדכי שוואַרץ
מ. שווייד
מ. שטאַרקמאַן
ש. ל. שניידערמאַן
ב. שעפּנער
ז. שער
ב. שערמאַן
וו. ז. שפּיגעלמאַן
ל. שפּיזמאַן
תּלוש

# „פאָרווערטס"

די גרעסטע אידישע צייטונג אין
דער וועלט באַגריסט דעם
י. ל. פּרץ שרייבער פאַראיין פאַר
דורכפירן די פאָלקס פייערונג
צו דער געלעגענהייט פון 75 יאָר
אידישע פּרעסע אין אַמעריקע.

# דער טאָג

# אַ צוזאַג אין 1914 — אַ פאַקט אין 1944

דעם 5-טן נאָוועמבער, 1914, ווען דער „טאָג" איז געגרינדעט געוואָרן, האָט ער אין זיין פּלאַטפּאָרמע צוגעזאָגט די לעזער:

> „אַז ער וועט זיין פּאָלשטענדיק פריי און אומאָפּהענגיק; ער וועט ניט זיין דער אָרגאַן פון וועלכער עס איז פּאַרטיי, גרופּע אָדער קלאַסן פון אידישן פּאָלק. ער וועט ענערגיש און אומערשראָקן ארויסטרעטן קעגן יעדער צעשטערנדער און רואינירנדער קראַפט אין אמעריקאנער אידישן לעבן. אומפּאַרטייאיש, ריין אין פּאָליטיק, צוגעפּאַסט צו דעם גייסט פון דער צייט, פּינקטלעך און רייך אין נייעס סיי פון אמעריקע, סיי פון אויסלאנד . . ."

אין 1914, ווען דער „טאָג" איז געגרינדעט געוואָרן, איז דאָס געווען א צוזאַג, אָבער אין 1944, ווען די צייטונג האָט געפייערט איר 30 יאָריקן יובילײ, איז דער צוזאַג געוואָרן א פאקט; דער „טאָג" האָט באַוויזן מיט דעם וויכטיקן פלאַן, וואָס ער פאַר-נעמט אין דער אידישער פּרעסע, אַז ער פירט דורך דאָס, וואָס ער האָט צוגעזאָגט די לעזער אין זיין פּלאַטפּאָרמע, ווען ער איז געגרינדעט געוואָרן.

איצט, ווען עס ווערט געפייערט דער 75 יאָריקער יובילײ פון דער אידישער פּרעסע אין אמעריקע, איז דער „טאָג" שטאָלץ, וואָס ער האָט מיט זיין עקזיסטענץ איינגעשריבן איינעם פון די שענסטע קאַפּיטלעך אין דער געשיכטע פון דער אידישער פּרעסע און זיינע גרויסע פאַרדינסטן ווערן פון אלעמען אָפּגעשאַצט.

דער 30 יאָריקער יובילײ פון „טאָג" און דער 75 יאָריקער יובילײ פון דער אידי-שער פּרעסע אין אמעריקע פאַלט אויס אין א שווערער און פינסטערער צייט פון אונזער געשיכטע, דערפאַר איז אונזער יום טוב אויסגעמישט מיט טיפן צער און מיר קאָנען זיך ניט פרייען מיט די דערגרייכונגען פון דער אידישער פּרעסע בכלל און פון דעם „טאָג" בפרט. עס איז אָבער אונזער טיפער בטחון, אַז עס וועט ניט נעמען לאַנג און מיר וועלן פייערן דעם גרויסן זיג איבער אונזערע שונאים; דאָס אידישע פּאָלק וועט אויפגעריכט ווערן צוזאמען מיט די אַנדערע פעלקער; די אידישע פּרעסע וועט ווערן רייכער און שטאַרקער און דער „טאָג" וועט פאָרטזעצן זיין עקזיסטענץ טריי די פּרינציפּן, וואָס ער האָט אויסגעדריקט אין זיין פּלאַטפּאָרמע, ווען די צייטונג האָט זיך געגרינדעט.

באַגריסונג פון דער

# דזשאָינט דיסטריביושאָן ־קאָמיטע

די דזשאָינט דיסטריביושאָן קאָמיטע שיקט צום י. ל. פּרץ שרייבער פאראיין איר הארציקסטע באַגריסונג לכבוד דער פייערונג פון 75 יאָר אידישע פּרעסע אין אַמעריקע.

אין די 30 יאָר פון אָנגעשטרענגטער טעטיקייט מצד די אמעריקאנער אידן דורכן „דזשאָינט" צו לינדערן די ליידן פון אונזערע ברידער אויף יענער זייט ים, האָט די גאנצע אידישע פּרעסע און אלע אידישע שרייבער נאָכאַנאַנד געוועקט דאָס געוויסן פון די אמעריקאנער אידן צו טאָן זייער פליכט צו אונזערע ברידער מעבר לים.

אויב די אמעריקאנער אידן שטאָלצירן, און מיט רעכט, מיט די אויפטואונגען פון „דזשאָינט", מיט זיין גרויסן פּרעסטיזש, וואס ער האָט זיך דערוואָרבן אין משך פון זיין עקזיסטענץ ניט נאָר ביי די אידן איבער גאָר דער וועלט, נאָר אויך ביי אונזער רעגירונג און ביי אַלע אַנדערע רעגירונגען, מיט וועלכע דער „דזשאָינט" איז געקומען אין בארירונג, קומט גרויס אנערקענונג פאר די „דזשאָינט" פאַרדינסטן אויף דער אידישער פּרעסע, וועלכע איז שטענדיק אויף דער וואַך און אנטוויקלט די נויטיקע באַ־ציִאונג פון חשיבות צום „דזשאָינט". אָן אָט דער הילף מצד דער אידישער פּרעסע וואָלטן די אמעריקאנער אידן ניט געקענט געוועז אַנטוויקלען אַזאַ וויכטיקן אַפּאַראַט פאַר רעטונג, הילף, אויפבוי און רעהאביליטאַציע.

## דזשאָינט דיסטריביושאָן קאָמיטע

**דזשאָזעף סי. היימאן,**<br>
עקזעקוטיוו וויס־טשערמאן

# באַגריסונג פון פּרעזידענט פון צדקה פעדעראַציע

די אידישע פּרעסע אין אמעריקע איז געווען אַ ווירקזאמער כּוח אין בויען אַ קהל׳ יש אידיש לעבן אין נייעם לאַנד. די אידן אין אַמעריקע האָבן גרויסע אידישע געמיינדעס געבויט, מוסטערהאַפטע געזעלשאַפט־לעכע און קולטור אינסטיטוציעס אָרגאַניזירט, אַ ברייט־פאַרצווייגט אידיש לעבן פאָרמירט — מיט אַ קהל׳שן באַוואוסטזיין, מיט אַ געמיינדע צובונד.

אין אָט דער פּיאָנערן ארבעט האָט די אידישע פּרעסע איר כּשר פאַרדינטן חלק. אין פאַרלויף פון איר עקזיסטענץ האָט זי טאָג־טעגלעך געוועקט און גערופן צו שטיצן אַלע אידישע צוועקן, אַלע אידישע נויטן; טאָג־טעגלעך האָט זי פאַר הונדערטער טויזנטער אידן פאַרטייטשט אַלע אידישע פּראָבלעמען, אַלע אידישע אינטערעסן.

דורך איר דערציערישער און אויפקלערישער אַרבעט האָט די אידישע פּרעסע אין אַמעריקע געהאָלפן שאפן אַ בעסערע פאַרשטענד־ניש צווישן גרופּן און גרופּן, צווישן שיכטן און שיכטן, און מיט דעם געווירקט אין דער ריכטונג פון אחדות אין אידישן לעבן.

דער דערציערישער איינפלוס פון דער אידישער פּרעסע לאָזט זיך באַזונדערס פילן אויף דעם געביט פון סאָציאַלער וועלפעיר אַרבעט. אויף אַ באַלערנדן אופן פאַרטייטשט זי פאַר אירע הונדערטער טויזנטער לייענער די „סאָשעל סוירוויסעס”, וואָס ווערן געגעבן פון די 116 אידישע אינסטיטוציעס פון דער צדקה פעדעראַציע, וועמעס גייסט איז דער אַלטער, און אייביק־נייער באַגריף פון אידישע צדקה, נאָר צוגעפּאסט צו די נייע מעטאָדן, באַגריפן און פאָרשריט פון דער מאָדערנער צייט.

עס איז קיין וואונדער ניט וואָס דער יום טוב פון דער אידישער פּרעסע איז דער יום טוב פון אלע גרופּן און שיכטן אין אידישן לעבן. און עס איז כאַראַקטעריסטיש, וואָס אָט דער יום טוב ווערט געפייערט מיט זאמלען אַ פאָנד פאַר אזא נאָבעלן צוועק ווי העלפן אידישע שרייבער און אינטעלעקטואלן אויף יענער זייט ים, און העלפן אויפבויען די חרוב־געוואָרענע אידישע צענטערן פון קולטור און לומדות.

דזשאָרדזש ז. מעדאַליע,

פּרעזידענט צדקה פעדעראַציע.

# באַגריסונג פון אַמעריקען דזשואיש קאָמיטע

•

די אמעריקען דזשואיש קאָמיטע איז געגרינדעט געוואָרן אין 1906. אירע הויפּט צילן זיינען:

1) צו באַשיצן די בירגערלעכע און רעליגיעזע רעכט פון אידן אין אַלע לענדער.

2) צו באַקעמפן אנטיסעמיטיזם אין די פאראייניקטע שטאַטן.

3) צו העלפן אנטוויקלען א אידישן קיבוץ אין אמעריקע וואס זאָל אָנהאַלטן זיין אידישע אייגנאַרטיקייט און גלייכצייטיק זיין אריינגעפּאסט אין דער אלגעמיינער ראם פון דער אמעריקאנער ווירקלעכקייט.

די קאָמיטע האַלט, אַז אין דער איצטיקער צייט איז די דערגרייכונג פון פול־שטענדיקער גלייכהייט פאר אידן אומעטום די סאמע וויכטיקסטע אויפגאבע. די ספּעציפישע אידישע פּראָבלעמען וועלן קאָנען געלייזט ווערן נאָר אין א וועלט וואו דער איד איז אנערקענט ווי א גלייכער און פולבאַרעכטיקטער מענטש און בירגער.

גלייכצייטיק פארנעמט זיך די קאָמיטע מיט די ברענענדיקע אידישע נויטן פון אונזער צייט, ווי די ווידער־אויפריכטונג פון אידישן לעבן אין אייראָפּע און די אויפבויאונג פון ארץ ישראל.

דער קאמף קעגן אנטיסעמיטיזם דאָ אין לאנד ווערט אָנגעפירט פון דער קאָמיטע דורך א ברייטע דערציאונגס־פּראָגראם און דורך אלע מיטלען פון עפנטלעכער אויפקלערונג: פּרעסע, ראדיאָ, פּלאַטפאָרם, בראָשור און בוך. די קאָמיטע האַלט, אַז דער קאמף קעגן אנטיסעמיטיזם איז ענג פארבונדן מיט דעם קאמף פאר דער אויפהאַלטונג און אויסברייטערונג פון אמעריקאנער לעבנס־שטייגער און פון דעמאָקראַטישן אידעאַל.

ביי דער דזשואיש קאָמיטע עקזיסטירט א „ביבליאָטעק פון אינפאָרמאַציע", וואָס האָט דעם צוועק צו שטארקן דעם אידישן גייסטיקן לעבן אין אמעריקע און העלפן באַקעמפן אנטיסעמיטישע איינפלוסן.

די קאָמיטע פירט אָן א סיסטעמאַטישע אונטערזוכונג פון אַנטיסעמיטישע באַוועגונגען און אָרגאניזאַציעס דאָ אין לאנד.

די קאָמיטע העלפט דריי הונדערט אידישע געמיינדעס איבערן לאנד אין זייערע לאָקאלע קאמפן קעגן פיינדלעכע טענדענצן.

די קאָמיטע פירט אָן א סיסטעמאַטישע פאָרשונג פון אידישע פראַגן נאָך דער מלחמה, און א שטאַב פון עקספּערטן פאַרעפנטלעכט פון צייט צו צייט בראָשורן און ביכער וועגן די פראַגן.

די פּעריאָדישע אויסגאבן פון דער קאָמיטע זיינען: „קאָנטעמפּאָרערי דזשואיש רעקאָרד", א צוויי־מאָנאטלעכער זשורנאל, וואס באהאנדלט אידישע פּראָבלעמען; „קאָמיטע רעפּאָרטער", א נייעס־בולעטין, און שטעלט צוזאמען דעם אמעריקאנער אידישן יאָר־בוך, וואס איז א קוואל פון אינפאָרמאַציע וועגן אידישן לעבן אין אַלע לענדער.

דורך די אויסגאבן שטרעבט די קאָמיטע צו שאפן א גוט־אינפאָרמירטע אידישע עפנטלעכע מיינונג און געבן ריכטיקע אויפקלערונג ניט־אידן וועגן אידן און אידישן לעבן.

צום י. ל. פּרץ שרייבער פאראיין,
175 איסט בראָדוויי
ניו יאָרק.
חשוב'ע פריינט:

פון גאנצן הארצן באגריסן מיר אייער באמת גרויסע נאַציאָנאלע אונטערנעמונג — די פייערונג פון 75-יאָריקן געבורטסטאָג פון דער אידישער פּרעסע אין אמעריקע.

מיר גלויבן, אז די פייערונג האָט א דריי-פאַכיקע וויכטיקייט. זי איז וויכטיק פארן אידנטום פון אמעריקע, זי איז וויכטיק צוליב דער גרויסער אויפטרייסלונג פון אונזער פאָלק און זי איז וויכטיק צוליב דעם פּראקטישן ציל, וועלכן איר האָט אין זינען — דעם פאָנד פארן ווידער-אויפבוי פון דער אידישער פּרעסע אין די באַפרייטע לענ-דער פון אייראָפּע.

די אידן אין אמעריקע האָבן אין פארלויף פון לעצטן יאָרהונדערט געשאפן פיל גרויסע, פיל מעכטיקע נאַציאָנאלע אָרגאניזאַציעס, אָבער עס וועט ניט זיין קיין אי-בערטרייבונג ווען מיר וועלן זאָגן, אַז די מעכטיקסטע אינסטיטוציע איז דאָך די אי-דישע פּרעסע פון אמעריקע. מיר זעען ניט קיין שטאַרקערן אינסטרומענט פאר נאַ-ציאָנאַלער פארבינדונג, דערציאונג, פאר נאַציאָנאלער מאָביליזאַציע פון אידישן פאָלק פון אַמעריקע, ווי עס איז געווען די אידישע פּרעסע. די אידישע פּרעסע איז אויך געווען דער אינסטרומענט, וואס האָט טאָג-טעגלעך פארבונדן די אידן פון אמעריקע מיט די ליידן און פריידן, מיט די חלומות און האָפענונגען פון אידישן פאָלק. דער 75-יאָריקער געבורטסטאָג איז, דעריבער, א גרויסער נאַציאָנאלער טאָג פאר די אידן אין אמעריקע. די פייערונג איז, דעריבער, וויכטיק צוליב דעם אליין.

די פייערונג וועט אבער פאָרקומען אין יאָר 1945, אין דעם יאָר, וואס, לויט אונזער טיפן גלויבן און גרויסער האָפענונג, וועט זיין פאר אונז, פאר אידן, דאָס יאָר, וואָס דארף הייסן — פון די קאלך-אויוונס פון מאידאנעק צום נאַציאָנאלן ווידער-אויפבוי. די שחיטה פון פינף מיליאָן אידן און גאנץ באזונדער די פאַרניכטונג פון דעם שעפּפערישסטן טייל פון אונזער פאָלק אין אייראָפּע — פון פוילישן אידנטום, — מאַכט אונז אלעמען פול מיט גרענעצלאָזן צער, פילט אונז אָן מיט פארצווייפלונג. ווידער-אויפבוי מוז ווערן דער אידישער נאַציאָנאלער באַפעל אין 1945. 10 אידן זיינען אַ מנין, 100 אידן — א קהלה, און ניי אידיש לעבן וועט זיך מוזן צוריק אָנהויבן אומע-טום. די גרויסע פייערונג פון 75-יאָריקן געבורטסטאָג פון דער אידישער פּרעסע גראד אין דער היינטיקער ביטערער, טראַגישער צייט, קאָן דינען אלס אַן ארויסרוף צו אר-בעט, אלס דערמוטיקונג, און דעריבער איז אייער באשלוס דורכצופירן די פייערונג אויף א גרויסן מאסשטאַב ווערט צו באגריסן.

און דאַן קומט די דריטע סיבה. דער י. ל. פּרץ שרייבער-פאראיין וויל מיט דער הילף פון דער פייערונג שאפן א פאָנד פאר דער היילינקער אויפגאבע פון ווידער-אויפבוי פון דער אידישער פּרעסע אין די באפרייטע לענדער פון אייראָפּע. מיר, דער אידי-שער ארבעטער-קאָמיטעט, האָבן צוזאמען מיט אייך, י. ל. פּרץ שרייבער-פאראיין, גע-טאָן וואָס עס איז נאָר מעגלעך געווען פאר הילף און רעטונג פון די פאַרטריבענע איבער אַלע שבעה ימים אידישע שרייבער און קינסטלער. איצט שטייען מיר טאַקע פארן ווידער-אויפבוי פון דער אידישער פּרעסע און אידישער ליטעראטור. אין פראנקרייך דערשיינען שוין ווידער אידישע צייטונגען און וואָכן-בלעטער. דאָסזעלבע אין בעלגיע. מיר גלויבן, אז באלד וועט קומען די צייט פאר א אידישער פּרעסע אין פוילן. מיר ווייסן ווי נאַציאָנאל וויכטיק עס איז צונויפצוקלייבן די פּערלען פון צווישן די אידישע מאַסן-קברים, פון די בערג אידישע שיך, פון די געבליבענע דענקמאלער — די נאַצישע קאלך-אויוונס. דאָס וועט געווים זיין די ערשטע גרויסע מצוה פון די לעבנגעבליבענע אידישע שרייבער אין אייראָפּע. דאָס מאַכט באזונדערס וויכטיק דעם ציל פון דער פייערונג.

אידישער אַרבעטער קאָמיטעט
א. העלד, פּאָרזיצער
יעקב פּאַט, עקז. סעקרעטאר

באַגריסונג פון

# אַמעריקאַנער אידישער קאָנגרעס

דר. סטיפען ס. וויַיז, פּרעזידענט
ראַבּיי אירווינג מילער, טשערמאַן פון דער עקזעקוטיווע

דער אמעריקאַנער אידישער קאָנגרעס ווי אַן אָרגאַניזאַציע און באַוועגונג, וואָס איז געבויט אויפן אידישן באַוואוסטזיין פון אונזערע מאַסן, שאַצט אָפּ די גרויסע ראָלע פון דער אידישער פּרעסע אין אויפהאַלטן און שטאַרקן דעם דאָזיקן באַוואוסטזיין.

זינט איר גרינדונג מיט 75 יאָר צוריק איז די אידישע פּרעסע געוואָרן דער בריק צווישן די אינטערעסן פון איינגעוואַנדערטן אידן ווי אַ איד און זיינע אינטערעסן ווי אַן אַמעריקאַנער. זי איז אויך געווען און געבליבן דער בריק צווישן אונזער לעבן דאָ און דעם לעבן און ליידן פון די אידן איבער דער גאָרער וועלט. דורך איר טאָג-טעגלעכער אַרבעט, דורך די נייעס און אַרטיקלען, אין וועלכע אַלע פּראָבלעמען פון אידישער עקזיסטענץ ווערן פאַרהאַנדלט, האַלט די אידישע פּרעסע אויף דעם באַגריף פון אונזער היסטאָרישער גאַנצקייט און דער פאָלקס-איינהייט פון אַלע אידן איבער דער וועלט.

אין דער קורצער געשיכטע פון אונזער מאַסן-לעבן אין אַמעריקע איז די אידישע פּרעסע דעריבער געווען איינע פון די מעכטיקסטע כוחות, וואָס האָבן אויסגעפורעמט און געשטאַלטיגט אונזער לעבן, שוין אָפּגערעדט דערפון, וואָס זי האָט געהאָלפן אַנט-וויקלען און אויפהאַלטן די אידישע דערציאונג, די אידישע ליטעראַטור, דעם אידישן טעאַטער, האָט זי אויך אַ גרויסן חלק אין דעם אויפבוי און אויפהאַלט פון דער ברייטער און פאַרצווייגטער אידישער געזעלשאַפטלעכקייט. זי האָט געהאָלפן פורעמען אונזער נעכטן און היינט, און דער אידישער באַוואוסטזיין, וואָס זי פאַרשפּרייט דאַרף אויך ווערן אַ ווינקלשטיין פון אונזער מאָרגן.

מיט דעם סוף פון דער מלחמה קומען גרויסע און אחריות׳דיקע יאָרן פאַר׳ן אי-דישן קיבוץ אין אַמעריקע. נישט בלויז וועט אויף אונז פאַלן דער אויפבוי פון אידישן חורבן אין אייראָפּע נאָר אויך די פאַרזיכערונג פון פעסטע פּאָזיציעס פאַר אונזער ווייטערדיקן לעבן אין אַמעריקע. ווי דער גרעסטער צווייג פון אידישן פאָלק אין דער וועלט, שטייען מיר פאַר אויפגאַבעס, וואָס וועלן פון אונז מאָנען מער אידישן באַוואוסט-זיין און מער קלאָרקייט פון אידישן טראַכטן ווי ווען עס איז. אין אָט די יאָרן איז די אידישע פּרעסע באַרופן צו שפּילן אַ נייע און וויכטיקע ראָלע. צו איר 75-יאָריקן יובילייַ ווינטשט דער אַמעריקאַנער אידישער קאָנגרעס דער אידישער פּרעסע אין אַמעריקע כוח, אויסדויער און מוט צו שטיין פעסט אויף איר פּאָזיציע און וועקן דעם אידישן מענטש צו אחריות׳דיקע מעשים פאַר דער צוקונפט פון אונזער פאָלק.

# מזל טוב
# דער אידישער פּרעסע אין אַמעריקע
# צו איר 75־טן יובּילײ

דער 75־טער יובילײ פון דער אמעריקאנער אידישער פּרעסע דאַרף זײן אן אמת׳ער יום־טוב פאר דער באַוואוסטזיניקער אידישער עפנטליכקײט אין אמעריקע.

די אידישע פּרעסע איז די אלע יאָרן דאָ געווען אײנע פון די וויכטיקסטע פאקטאָרן אין דער פאראײניקונג פון אלע אידישע שיכטן, אין וועקן זײער אינטערעס צו די העכסטע אידעאַלן און טראַדיציעס פון אונזער פאָלק, אין דער דערנענטערונג צו די גרויסע עקאָנאָמישע, סאָציאלע און קולטורעלע ווערטן, וואָס אידן האָבן געטראָפן דאָ אין לאנד.

די ציוניסטישע באַוועגונג, פונקט ווי אלע אנדערע גרויסע באַוועגונגען אויף דער אידישער גאַס, האָט הויפּטזעכלעך צו פאַרדאנקען דער אידישער פּרעסע פאר איר וואוקס און פאר דער אויפוואַכונג פון די אידישע מאַסן צו דער נויטווענדיקייט פון אויפבויען די אידישע נאַציאָנאלע הײם און צו די גרויסע דויערענדע ווערטן וואָס ווערן געשאפן אין ארץ ישראל.

באַגריסנדיק די אמעריקאנער אידישע פּרעסע, אירע ארויסגעבער, טוער און באַזונדערס דעם פּריץ שרייבער פאראיין, אין וועלכן עס זיינען אָרגאניזירט די שענסטע קרעפטן פון אידישן וואָרט, זיינען מיר זיכער, אז די מיסיע פון דער אמעריקאנער אידישער פּרעסע איז נאָך ווייט ניט פאַרענדיקט און אז אונזער פּרעסע וועט אין די נאָענטסטע דורות נאָך ווייטער זיין די פירערן און די באַגייסטערן פון די אידישע מאַסן אין אמעריקע.

# אַמעריקאנער ציוניסטישער עמוירדזשענסי קאונסיל

342 מעדיסאָן עוועניו

ניו יאָרק

*Greetings from . . .*

# ZIONIST ORGANIZATION OF AMERICA

DR. LOUIS HENDIN, President
MR. M. RIVLIN, Vice-President
Yiddish Writers Union

Dear Friends:

We give the wholehearted support of our organization to the forthcoming celebration of the 75th Anniversary of the Yiddish Press in America.

It is needless for me to assure you that the Zionist Organization of America is vitally interested in the welfare of the Yiddish Press in this country. The Yiddish Press has played and continues to play a major role in the furtherance of our movement among the Jewish masses and has contributed in a decisive measure to the progress recorded by our organization in very field of Zionist and national Jewish endeavor.

It is indeed symbolic of the purposes of your celebration that the event will be dedicated to the rehabilitation of the Yiddish Press in the ravaged countries abroad. The Zionist Organization of America is in wholehearted sympathy with this great and vital project.

With warm regards and best wishes,

Faithfully yours,
ISRAEL GOLDSTEIN

120 טויזנט מיטגלידער זיינען אָנגעשלאָסן אָן דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין אמעריקע, און עס ווערט דערוואַרט אז די צאָל זאל היינטיקן יאָר פאַרגרעסערט ווערן ביז 200 טויזנט.

די טעטיקייטן זיינען פאַרגרעסערט געוואָרן און אויסגעברייטערט געוואָרן אויף אַלע געביטן — אויפ׳ן עקאָנאָמישן, קולטורעלן און געזעלשאַפטלעכן. די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט זיך אונטערגענומען צו פאַרטיפן דעם אַלגעמיינעם אידישן באַוואוסטזיין ביי אירע מיטגלידער, צו פאַרשפּרייטן אידישע דערציאונג און צו פאַרבינדן פּערזענלעך אזויפיל וויפיל נאָר מעגלעך אידישע יחידים אין אמעריקע מיט דער אַרבעט פון בויען ארץ ישראל.

דער הייי־יאָריקער עקספּאַנסיע פאָנד פון 350 טויזנט דאָלאַר נעמט אַריין די פאָלגנדע אכט פּראָיעקטן: 1) קאָמיטעט פאַר אייניקייט ארום ארץ ישראל; 2) אַ ראַדיאָ פּראָגראַם וועגן ארץ ישראל; 3) ביכער און בראָשורן אין אידיש און אין ענגליש; 4) טעטיקייטן צווישן דער יוגנט; 5) דערציאונגס טעטיקייטן; 6) עקאָנאָמישע פּראָיעקטן; 7) ארבעט צווישן אוניווערסיטעט־סטודענטן; 8) העברייאישער טעאַטער און קונסט פּראָיעקטן.

באַגריסונג פון

# נאַציאָנאַלער ארבעטער קאָמיטעט פאר ארץ ישראל

מיר באַגריסן דעם י. ל. פרץ שרייבער פאראיין צו דער פייערונג פון 75-יאָריקן געבורטסטאָג פון דער אידישער פרעסע אין אמעריקע.

אין דער איצטיקער שרעקלעכער צייט, ווען אין דער אַלטער וועלט ווערן מיליאָנען אידן אומגעבראכט און גרויסע גייסטיקע אוצרות צושטערט, איז דער אָנהויב פון דער אידישער פרעסע אין דער נייער וועלט, מיט דריי פערטל יאָרהונדערט צוריק, אַ דעמאָנסטראציע פון דעם אייביקן קיום פון דעם אידישן פאָלק, טראָץ אלע זיינע שונאים און רוצחים.

מיט 75 יאָר צוריק זיינען מיר געווען איינע פון די קלענסטע אידישע קהילות אין דער וועלט; איצט זיינען מיר די גרעסטע אין צאָל און אין מאַטעריעלער און גייסטיקער עשירות. פון דאנען ווערט אויסגעשטרעקט די הילפנדיקע האנט צו דער שארית הפליטה פון אונזער פיל געפּלאָגטן פאָלק.

דער י. ל. פרץ שרייבער פאראיין פארדינט דעם גרעסטן דאנק פון אלע אידן.

נאַציאָנאַלער אַרבעטער קאָמיטעט פאר ארץ ישראל

**יוסף שלאָסבערג, פאָרזיצער**

**אייזיק העמלין, סעקרעטאר**

---

# באַגריסונג פון דער פּיאָנערן פרויען אָרגאַניזאַציע

## פון אַמעריקע און קאַנאַדא

די פּיאָנערן פרויען אָרגאַניזאַציע, אַלס אוואַנגאַרד פון פּראָגרעסיוון אידישן פרויענטום, שטייט אויף דער וואַך אין דער דערציאונג און דערהויבונג פון דער אידישער פרוי צו אירע נאַציאָנאַלע פאַראַנטוואָרטלעכקייטן, דורך דעם ווידעראויפבוי פון אידישן פאָלק און זיין היימלאַנד, דורך דעם קאַמף פאר דעמאָקראַטיע און אַ גערעכטער סאָציאַלער אָרדנונג. די פּיאָנערן פרויען אָרגאַניזאַציע וועמענס פּראָגראַם איז באַזירט אויף דער דערציאונג פון יעדן מיטגליד און איז פאַרוואָרצלט אין דעם קולטור און דערציאונגס-וועזן אין אַמעריקע, זוכט דורך דער באַקאַנטשאַפט מיט די מקורות פון אונזערע קולטור אוצרות צו דערנעענטערן אירע מיטגלידער צום היגן אידישן נאַציאָנאַלן לעבן.

צו דער אידישער פרעסע וועלכע האָט דורכגעפירט אַ גרויסע און וויכטיקע אויפגאַבע אין אַמעריקאַנעם אידישן לעבן — צו דערהויבן די אידישע מאַסן צו אַ העכערער קולטורעלער מדרגה און רופן זיי צו נאַציאָנאַלער אחריות און באַטייליקונג אין אידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן — שיקט די פּיאָנערן פרויען אָרגאַניזאַציע איר גרוס צו איר 75-יאָריקן יובילייאום. מיר ווינטשן דער אידישער פרעסע ווייטער צו שטיין אויף דער וואַך און דינען דער אידישער עפנטלעכקייט: צו קעמפן פאר די אינטערעסן פון כלל ישראל פאר אַ בעסערער און גערעכטערער וועלט און דעם אויפבוי פון אַ אידישער קאַמאַנוועלטה אין ארץ-ישראל.

**נאַציאָנאַלע עקזעקוטיווע פּיאָנערן פרויען אָרגאַניזאַציע**

דבורה ראָטבארד, נאַציאָנאַלע סעקרעטאַרין

## די מזרחי אָרגאַניזאַציע פון אַמעריקע

באַגריסט דעם פּרץ שרייבער פאַראיין צום 75 יאָריקן יובילי פון דער אידישער פּרעסע אין אמעריקע.

פּראָגראַם פון מזרחי:

דער מזרחי אלס ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע פון רעליגיעזע אידן שטרעבט:

א) אויפצובויען ארץ ישראל אלס א אידישע מדינה ברוח התורה והמסורה.

ב) צו באַפעסטיקן דעם טראַדיציאָנעלן אידנטום און פאַרשטאַרקן זיין איינפלוס אין אַלע גלות לענדער.

## הסתדרות המזרחי באמעריקה

1133 בראָדוויי, ניו יאָרק

ארי׳ ליב געלמאַן, נשיא — מרדכי קירשבליום, סגן-מנהל

---

Greetings from THE WOMEN'S LEAGUE FOR PALESTINE on the 75th Anniversary of the Yiddish Press in America. The American Yiddish press has exerted a far-reaching educational influence in this country. We take this opportunity to express our gratitude to the Yiddish press for its helpfulness in stimulating an awareness of the Jewish problem and of the vital, constructive work of the Women's League for Palestine as well as other Jewish organizations. May it continue to serve as an important factor in shaping public opinion and strengthening Jewish life in America.

MRS. WILLIAM PRINCE,
President

MRS. DAVID L. ISAACS,
Chairman, Palestine Committee

---

## NATIONAL COUNCIL OF YOUNG ISRAEL

200 WEST 40th ST. — NEW YORK 18, N. Y.

The National Council of Young Israel extends heartiest greetings to the Yiddish Writers Union on the occasion of the 75th Anniversary of the Yiddish Press in America.

We wish you continued success, and we join with you in the prayer that you will always have good news to report.

EDWARD S. SILVER, President

---

באַגריסונג פון

## פּועלי ציון - צעירי ציון

די פּאַרטיי פּועלי ציון-צעירי ציון שיקט אירע וואַרעמסטע באַגריסונגען צום י. ל. פּרץ שרייבער פאַראיין צו דער פייערונג פון דעם 75-יאָריקן יובילײ פון דער אידישער פּרעסע אין אמעריקע. די דאָזיקע דאַטע דאַרף אונז אַלעמען דערמאָנען וועגן דער גרויסער דערציערישער ראָלע וואָס די אידישע פּרעסע און דער אידישער שריפטשטעלער און זשורנאַליסט האָבן געשפּילט אין׳ם אויספורעמען דאָס פּנים פון עטלעכע דורות אידן אויפן אמעריקאַנער קאָנטינענט.

מיר לעבן איצט אין איינער פון די קריטישסטע מאָמענטן אין דער אידישער געשיכטע. זאָל דאָס באַוואוסטזיין פון דער צייט פּאַרטיפן און דערהויבן צו אחריות און שליחות-געפיל פון די שאַפער פון דער אידישער עפנטלעכער מיינונג אין אמעריקע.

**צענטראַל קאָמיטעט פּועלי ציון - צעירי ציון**

דוד ווערטהיים, סעקרעטאַר

---

## די מזרחי פרויען אָרגאַניזאַציע פון אַמעריקע

שיקט האַרציקע ברכות צום 75 יאָריקן יובילײ פון דער אידישער פּרעסע אין אמעריקע.

——:——

די מזרחי פרויען אָרגאַניזאַציע מיט אירע 30,000 חברות פון די סיניאָר און דזשוניאָר טשאַפּטערס ווידמען זיך צום אויפבוי פון דער אידישער מדינה אין ארץ ישראל דורך קאָנסטרוקטיווער אויפבוי-אַרבעט אין ישוב, וואו זיי האָבן אויפגעבויט א נעץ פון פאַך-שולן, קינדער-היימען און צענטערס, און באַשעפטיקן זיך מיט 32 פאַרשידענע בוי-פּראָיעקטן, איינשליסנדיק א קינדער-קאָלאָניע און פאַרם-סקול פאַר 400 אידישע פליכטלינג-קינדער, וועלכע זיינען אַרויסגעראַטעוועט געוואָרן קיין ארץ ישראל.

**מזרחי פרויען אָרגאַניזאַציע פון אַמעריקע**

1133 בראָדוויי, ניו יאָרק

בלומע יהודית (מרס. סעמיועל) גאָלדשטיין, פּרעז.

*Greetings from*

Bnai Zion is happy to join in the observance of the 75th Anniversary of the Yiddish press in America.

The commemoration of this important cultural milestone is a source of joy to Bnai Zion, because the fostering and support of Jewish culture, both in Yiddish and in Hebrew, has been one of the primary functions in the program of our fraternal Zionist organization ever since its founding 36 years ago.

We salute the pioneers and builders of the Yiddish press—the publishers, the editors, and the journalists, whose idealism and tenacity have made possible the survival of the written Yiddish word on American soil.

## BNAI ZION

**The fraternal Zionist Organization of America**

LOUIS LIPSKY, National President
A. A. REDELHEIM, First Vice President
N. BEN DOV WALDMAN, Second Vice Pres.
HERMAN Z. QUITTMAN, National Secretary
JACOB ISH-KISHOR, Treasurer
HYMAN J. FLIEGEL, Counsel
DR. HARRIS J. LEVINE,
Chief Medical Examiner

*Greetings from*

## HADASSAH

**The Women's Zionist Organization of America**

Greets the Yiddish Writers' Union on the occasion of the Seventy-fifth Jubilee of the Yiddish press, certain that this distinguished and zealous body of Yiddish writers will progress, and grow, and continue to give many more decades of service to the Jewish people.

Greetings from

**JUNIOR HADASSAH**

In appreciation of the great role played by the Yiddish Press on its 75th Anniversary

**Junior Hadassah**

The Young Women's Zionist Organization of America

1819 B'WAY NEW YORK 23, N. Y.

## הסתדרות העברית באמריקה

שמחה להשתתף בחג העתונות היהודית באמריקה למלאת לה שבעים וחמש שנה.

מעת הוסדה ועד עתה נשאה העתונות היהודית את בשורת התקומה היהודית להמוני עמנו, בשמשה פה לתנועת התחיה הלאומית ושופר לגיוס הכחות לעזרת העם בכל מושבותיו.

ומי יתן ותתעורר יהדות אמריקה, שניצלה מחורבן ימינו, להבין את ערכה ומקומה של העתונות היהודית בארץ הזאת בבנין הריסות החיים ובתיכון עתידו של העם היהודי, ברוח התרבות הלאומית בלשון העברית.

Greetings from

FRIENDS OF

**Mr. and Mrs.**

**DAVID EIDELSBERG**

# אַ באַגריסונג

## צו דעם וואנדערער׳ס גייסטקין וועג-ווייזער
## פאר 75 יאָר — די אידישע פּרעסע
## פון  ה א י א ס — זיין פיזישער וועג-ווייזער
### איבער 60 יאָר !

האיאס — די „היברו שעלטערינג ענד אימיגראנט עיד סאָסייעטי״ — איז א פאראייניקונג פון צוויי אינסטיטוציעס: „היברו שעלטערינג (הכנסת אורחים), געגרינדעט אין 1884, און „היברו אימיגראנט עיד סאָסייעטי״ (פון וועלכע די ענגלישע ראשי תבות שטעלן צוזאמען דעם נאָמען „האיאס״), געגרינדעט אין 1902. די פאראייניקונג איז פאָרגעקומען אין 1909. היינט איז האיאס באקאנט איבער דער גאַנצער וועלט אַלס די פאָלקס-אינסטיטוציע פון אמעריקאנער אידנטום פאר „רעטונג דורך עמיגראציע״.

די „רעטונג דורך עמיגראציע״ ארבעט אין אלע לענדער פון דער וועלט ווערט געטאָן דורך „היצעם״ אָדער „היקעם״ — די פאראייניקונג פון האיאס מיט דער אידישער קאָלאָניזאַציע געזעלשאפט איקא. פאר דעם אויסברוך פון דער איצטיקער מלחמה האָט האיאס-איקא געהאט אָפיסעס אין 32 עמיגראציע לענדער, דורכפאָר לענדער, און אימיגראציע לענדער. איצט ווערט די ארבעט אָנגעפירט דורך איר איראָפּייאישער העדקוואַדערס אין פּאָרטוגאל, מיט אָפיסעס אין מאָראָקאָ, אלשזיר, טוניסיא, ארץ ישראל, טערקיי, רומעניע און פראנקרייך; אָפיסעס און אַנגעשלאָסענע אָרגאניזאַציעס אין אלע דרום און צענטראל אמעריקאנישע רעפּובליקן, און פארבינדונגען מיט די אידישע קאָמיטעטן אין שוועדן און אין דער שווייץ, פאר הילף צו אידישע פליכטלינגע אין עמיגראציע אנגעלעגנהייטן.

די אלוועלטלעכע טעטיקייטן פון האיאס האָבן זיך אָנגעפאנגען אין 1917, אונטער דער פירערשאפט פון דזשאן ל. בערנשטיין, וועלכער איז יענעם יאָר געוואָרן פּרעזידענט און ווידערערוויילט פאר דעם אמט יעדן יאָר אין משך פון צען יאָר כסדר. די ארבעט איז פאָרטגעזעצט און פארגרעסערט געוואָרן מיט מר. בערנשטיינ׳ס קאָאָפּעראציע, אונטער דער לייטונג פון זיין פריינט און נאָכפאָלגער אברהם הערמאן, פּרעזידענט פון האיאס זינט 1926 — מיט א גלענצענדן רעקאָרד פון ווידערערוויילונג יעדן יאָר.

די איצטיקע באַאַמטע (1944) זיינען: אברהם הערמאן, פּרעזידענט; אלבערט ראָזענבלאט, סעמיועל א. טעלסי, סאלאמאן דינגאָל, דזשאָזעף פּאָלווערמאכער, סעמיועל קאלעסקי, פרעדעריק ר. מען, אייברעהעם דזשיי. מינקוס, דזשוליוס שעיפער און הערי ק. וואולף, וויים-פּרעזידענטן; הערי פישל, טרעזשורער; נייטן שיינפעלד, אַסאָסיאייטעד טרעזשורער; סעמיועל גאָלדשטיין, ערן-סעקרעטאר, און אייזיק ל. אסאָפסקי, עקזעקוטיוו דירעקטאָר.

---

**75 יאָר פון געדרוקטן אידישן וואָרט**     **75 יאָר פון אידישע מעשים טובים !**

אם אין תורה, אין שמחה.... ווען ניט די לערע, די אויפקלערונג, די אגיטאַציע און קאָאָפּעראציע פון דער אידישער פּרעסע, וואָלט דאָס אמעריקאנער אידנטום ניט געהאט די מערסטע פון זיינע וויכטיקסטע אינסטיטוציעס.

מיינע הארציקסטע גראַטולאַציעס צום 75 יאָריקן יובל פון דער אידישער פּרעסע און די בעסטע וואונטשן פאר איר ווייטערדיקן דערפאָלג נאָך לאנגע, לאנגע יאָרן!

**אברהם הערמאן, פּרעזידענט פון האיאס**
היברו שעלטערינג ענד אימיגראנט עיד סאָסייעטי

# דער לואיס לאַמעד פאַנד
# פאַר אונזער ליטעראַטור אין ביידע שפּראַכן

באַגריסט דעם י. ל. פּרץ שרייבער פאַראיין און אַלע פאַרשטייערס
פונם אידישן וואָרט צו דער פייערונג פון

## 75 יאָר אידישע פּרעסע אין אַמעריקע

אין משך פון די דריי־פערטל יאָרהונדערט האָט די אידישע זשורנאַליסטיק אין אלע אירע פאָרמען געהאָלפן בויען דעם נייעם אידישן צענטער אין אמעריקע. די אידישע פּרעסע איז געווען און געבליבן אַן אויפקלערערישער און קולטורעלער כוח אינם אידישן לעבן, נאָר באַזונדערס גרויס איז איר באַדייטונג, ווי א פאַרמיטלערין צווישן דעם אידישן לעזער־עולם און אונזער ליטעראַטור אין ביידע שפּראַכן. מיט קליינע אויסנאַמען האָבן אידישע צייטונגען און זשורנאַלן געמיט זיך אויסצודריקן און אויפצוהאַלטן די גאַנצקייט פון אונזער גייסטיקן לעבן. דאָס האָט זיך גאָר באַזונדערס קלאָר ארויסגעוויזן אין דער אנערקענונג פון אונזער ליטעראַרישער צווייִשפּראַכיקייט — דער צווייִשפּראַכיקייט, וואס ווערט אזוי שטאַרק אקצענטירט פון דעם לואיס לאַמעד פאַנד פאַר אונזער ליטעראַטור אין ביידע שפּראַכן.

דער הויפּטציל פון אונזער פאַנד איז — פאַרשטאַרקן און מאַניפעסטירן די נאָענטקייט צווישן די צוויי לייבלעכע שוועסטער, וואס האָבן זיך געהאַט דערווייטערט איינע פון דער אנדערער — צווישן דער אידישער און העברעאישער ליטעראַטור. צוליב אַט דעם ציל טוט דער פאַנד, אָנהייבנדיק פון 1940, אַט די זאַכן:

א) גיט ארויס פיר (לעצטן יאָר — זעקס) יערלעכע פּרעמיעס פאַר די בעסטע צוויי (אָדער דריי) ווערק אין אידיש, ווי אויך אין העברעאיש.

ב) גיט ארויס ביכער, וואס העלפן פאַרשפּרייטן און פאַרטיפן זיין צענטראַלע אידייע. אזוי האָט ער אין 1941 פאַרעפנטלעכט ש. ניגערס „די צווייִשפּראַכיקייט פון אונזער ליטעראַטור", אין 1943 — א גרויסן העברעאישן זאַמלבוך „אחיספר", רעדאַקטירט פון ש. ניגער און מנחם ריבאַלאָוו. איצט גרייט ער צום דרוק „די געשיכטע פון דער העברעאישער ליטעראַטור" אויף אידיש און א גרויסע קאָלעקטיווע ארבעט — אַ אידישע אַנטאָלאָגיע פון אונזער צווייִשפּראַכיקער ליטעראַטור אונטערן נאָמען: „קידוש השם".

ג) זאַמלט נייעס פון אונזער ליטעראַטור אין ביידע שפּראַכן און פאַרעפנטלעכט זיי אין דעם מאָנאַטלעכן זשורנאַל „די צוקונפט" און דעם וועכנטלעכן „הדואר".

דער לואיס לאַמעד פאַנד איז זייער דאַנקבאַר דער אידישער פּרעסע פאַר דער מעגלעכקייט וואס זי גיט אים צו אינפאָרמירן דעם עולם וועגן זיינע צילן און אקטיוויטעטן, און אויך דערפאַר איז איר יום טוב — זיין יום טוב.

ש. ניגער (ניו יאָרק), פאָרזיצער
רבי (איצט טשאַפּלעין) משה אדלער, וויצע־פאָרזיצער
לואיס לאַמעד
שלמה בערקאָוויטש
י. ראָזענשטיין, קאַסירער
מרים דאָמבי, סעקרעטערין, דעטרויט, מיש.

באַגריסונג פון דער

# אינטערנעשאָנאַל ליידיס גארמענט וואָרקערס יוניאָן
## א. פ. אָוו ל.

צום פינף און זיבעציקסטן יובל פון דער יידישער פּרעסע אין אמעריקע שיקן מיר אונזער הארציקן גרוס.

דער דימענט יובילײ פון דער יידישער פּרעסע ביי אונז אין לאנד איז פיל מער ווי בלויז אַ קולטור יום טוב. דורך איר איינפלוס האָט די יידישע פּרעסע פאַרוואַנדלט אונזער אימיג־ראַנטן מאסע אין א זעלבסטבאַוואוסטן, ווירדיקן גליד אין דער געזעלשאפט, וואָס ווערט גע־שעצט פון אנדערע און איבט אוים א נוצלעכן איינפלוס אויף דער געזעלשאפט. די יידישע פּרעסע איז געווען דער אנטשיידנדיקער כוח צו אמעריקאניזירן די יידישע איינוואנדערער אין דעם שענסטן זין פון וואָרט. זי האָט איינגעפלאנצט אין זיי ליבע צו פרייהייט און דעמאָ־קראטי און געוועקט די חשיבות צו זיך אַליין און אונזער גייסטיקע און קולטורעלע ירושה; זי האָט אין יידישן ווינט-מענטשן געשאפן די אכטונג צו פּראָדוקטיווער אַרבעט און געהאָלפן אָרגאניזירן די לוין-ארבעטער און זיי באַוואוסטזיניק מאכן, דערהויבנדיק דורך דעם זייער עקאָ־נאָמישן, אזוי גוט ווי זייער סאָציאלן און פּאָליטישן שטאַנד אין דער געזעלשאפט.

מיר אין דער אינטערנעשאָנאל ליידיס גאַרמענט וואָרקערס יוניאָן שאַצן אָפּ די גרויסע ראָלע וואס די יידישע פּרעסע אין אמעריקע האָט געשפּילט ביים געבורט פון אונזער יוניאָן, אין די שווערע ערשטע יאָרן פון איר אויפבוי און באַפעסטיקונג. מיר שאַצן הויך די סימ־פּאַטיע און הילף וואס די פּרעסע האָט געגעבן מיט א פולער האנט די פּיאָנערן אונזערע אין זייערע שווערע קאמפן קעגן סוועט-שאַפּ, הפקרות און אונמענטשלעכער עקספּלואטאציע און, אין שפּעטערדיקע יאָרן אין אלערליי קריזיסן וואָס מיר האָבן דורכגעמאַכט. מיר באַטראַכטן דעריבער דעם יובל פון דער פּרעסע אלס אונזער אייגענעם יום טוב און שיקן אייך אונזער הארציקן גרוס.

מיר באַגריסן אויך דעם באשלוס פון אייער קאָמיטעט צו ווידמען דעם גאנצן איינ־קונפט פון דער פייערונג צו דעם ווידער-אויפבוי און אויפריכטונג פון דער יידישער פּרעסע אין אייראָפּע, וואס איז פארניכטעט געוואָרן צוזאַמען מיט די מיליאָנען שוועסטער און ברידער אונזערע דורך די נאצי מערדער. די לעבן-געבליבענע קינדער פון אונזער פאָלק אויף יענער זייט ים וועלן, צוזאַמען מיט עקאָנאָמישער הילף און רעקאָנסטרוקציע, זיך אויך נויטיקן אין ווידער-אויפבוי פון זייערע קולטור-אינסטיטוציעס, פון וועלכע די יידישע פּרעסע איז די ערשטע און וויכטיקסטע און עס איז אונזער חוב צו העלפן זיי אין דער וויכטיקער אויפגאַבע.

אינטערנעשאָנאַל ליידיס גארמענט וואָרקערס יוניאָן
א. פ. אָוו ל.

**דוד דובינסקי, פּרעזידענט**

# באַגריסונג פון דעם אידישען נאַציאָנאַל פאָנד

דער י. ל. פרץ פאריין פארדינט ספעציעלע אנערקענונג פאר זיין איניציאטיווע צו פייערן דעם 75-יעהריגען יובילייי פון דער אידישער פרעסע אין אמעריקא דורך פארעפענטליכען אָט דעם זאמעל-בוך.

דער קרן קימת לישראל, דער פאָלקס-פאָנד פאר אויסלייזען דעם באָדען פון ארץ ישראל אלס דאָס אייגענטום פון אידישען פאָלק, איז באליעבט ביי די אידישע פאָלקס-מאַסען, ווייל ער דינט אלס דער אינסטרומענט פון דעם פאָלקס-מענש צו פארווירקליכען א גרויסען אידעאל: דער אויפבוי פון דער אידישער היימלאנד.

די אידען אין אמעריקא האָבען דעם גרעסטען טייל אין די דערגרייכונגען פון דעם קרן קימת אין אמעריקא און אין ארץ ישראל. די אידישע צייטונגען פון כמעט אלע שאַטירונגען האָבען פיעל בייגעשטייערט צו די דערגרייכונגען. אין פארלויף פון די לעצטע פיער צעהנדליג יאָהר האָבען זיי געטריי און טיכטיג אינפאָרמירט זייערע לייענער וועגען די ציעלען און דעם פאָרטשריט פון גאולת הארץ און גערופען צו נעהמען אן אקטיוועז אנטייל אין דער פאָלקס-אַרבייט.

באַגריסענדיג די אידישע פרעסע לכבוד איהר 75-יעהריגען יובילעאום אין דעם לאנד, דריקט אויס די אדמיניסטראציע פון קרן קימת איהר דאנק פאר דער ביז-איצטיגער מיטווירקונג און איהר האָפנונג אז די אידישע פרעסע וועט פאָרטזעצען איהר פרוכטבאַרע אַרבייט פאר דער אידישער קולטור אין אמעריקא, פאר דער ווידעראויפבוי פון אידישען לעבען און פאר דער נאַציאָנאלער אויפריכטונג פון אידישען פאָלק אין ארץ ישראל.

**מאָררים ראָטענבערג, פרעזידענט**
אידישער נאַציאָנאל פאָנד אין אמעריקא

---

# אונזער נאַציאָנאַלע פרייהייט און אונזער פרעסע

די אידישע פרעסע איז געווען א גרויסער פאקטאָר אין וועקען דעם נאַציאָנאַלען באַוואוסטזיין ביי די ברייטע אידישע מאַסען, און די אידישע פרעסע אין אַמעריקע האָט, אין די 75 יאָהר פון איהר עקזיסטענץ, געשפילט א היסטאָרישע ראָל אין דעם עקאָנאָמישען און קולטורעלען אויפבוי פון אמעריקאנער אידענטום, ווי אויך אין דעם אויפהאלט פון אונזערע נאַציאָנאלע אידעאלען און האָפנונגען בייים היגען ישוב.

מיר, וואס קעמפען פאר די עכטע אידעאלען פון אונזער נאַציאָנאלער רענעסאנס, און פאר דער פרעזערווירונג פון די אמת'ע, אומגעפעלשטע ציוניסטישע טראַדיציעס, וועלכע מיר האָבען איבערגענומען פון הערצל און זשאַבאָטינסקי — באגריסען דעם „י. ל. פרץ שרייבער פאראיין" צום 75 יאָהריגען יובילעי פון דער אידישער פרעסע אין אמעריקע.

זאָל אָט דער יום טוב זיין דער אָנהויב פון א ניי און ליכטיג קאַפּיטעל אין דער געשיכטע פון געדרוקטען אידישען וואָרט און פון דער נאַציאָנאלער אויפלעבונג פון אונזער פאָלק אין דער אידישער היימלאנד.

צענטראל קאָמיטעט פון דער אַמעריקאַנער
ציוניסטיש-רעוויזיאָניסטישער אָרגאניזאַציע

(ברית הצה"ר בארצות הברית וקנדה)

מיכאל בערכין, משה גילוני, מרדכי דאנציס, שמואל וואנג, פראָפעסאָר י. י. סמערטענקא, יוסף פינקוס, אהרן קאפעלאָוויטש, רבי ברוך ראבינאָוויץ, רבי ד"ר מ. מ. ראוז, שמואל ראָזען, ג. ה. ראקאוויצקי, הרב י. ב. רוקח, הרב אברהם שטיינבערג.

**ZIONIST-REVISIONIST ORGANIZATION OF AMERICA, Inc.**
140 WEST 42nd STREET — NEW YORK, N. Y.
WIsconsin 7-2595

# די יידישע פּרעסע און די יידישע אַרבעטער

## באַגריסונג פון דער

## קלאוקמאכער דזשאָינט באָארד

די קלאָוקמאַכער יוניאָן באַגריסט דעם י. ל. פּרץ פאראיין לכבוד דעם 75-יעריקן גע-בורטסטאָג פון דער יידישער פּרעסע אין אמעריקע.

די יידישע פּרעסע אין אמעריקע — יעדע צייטונג אויף איר געביט — האָט פיל בייגע-שטייערט צו דעם אויפבוי פון דעם יידישן לעבן אין אונזער צווייטער היים. אפילו יענע יידישע צייטונגען, וועלכע האָבן אין די פריע יאָרן פון דעם יידישן אימיגראנטן שטראָם ניט געשטיצט די יידישע ארבעטער, און מאנכעס מאָל באקעמפט זיי און זייערע פירער, האָבן זיך אויך דערהויבן צו דער מדרגה פון פארשטיין, אז אָן אַן אָרגאַניזירטן אַרבעטער כוח, וואָלטן די יידן אין אמעריקע, אָן אונטערשייד פון קלאַס, ניט געשפּילט די ראָלע וואָס זיי שפּילן.

אויב די יידישע פּרעסע איבט אויס אן איינפלוס אויף דעם עפנטלעכן לעבן און ציי-טונגען אויף אנדערע שפּראַכן רעכענען זיך מיט איר, האָט דער אָרגאַניזירטער אַרבעטער כוח צו דעם בייגעשטייערט א גרויסן חלק, אויב ניט דעם גרעסטן חלק.

אין דער צייט וואס מיר פרייען זיך מיט דעם, וואָס די יידישע פּרעסע האָט דערלעבט דעם איצטיקן יובילײ און מיר ווינטשן, אז זי זאל נאָך לאנג, לאנג לעבן, זיינען מיר גלייכ-צייטיק צופרידן און עס טוט אונז הנאה צו זען די יידישע שרייבער אָרגאַניזירט און פאַר-אייניקט פאר זייערע עקאָנאָמישע אינטערעסן.

מיט טרייד יוניאָן גרוס,

**דזשאָינט באָארד קלאוק, סוט, סקווירט און ריפער מאַכער יוניאָנס**

| | |
|---|---|
| ישראל פיינבערג, דזשענעראל מענעדזשער | לואיס ע. לאנגער, סעקרעטאר |
| רובין צוקערמאן, פּרעזידענט | מאָריס דזש. אשביז, טרעזשורער |

---

*Greetings from*

## CUTTERS LOCAL 10, I.L.G.W.U.

The seventy-fifth anniversary of the Yiddish press in America is an important milestone in the progress of the Jewish people. Rising from humble beginnings in the latter part of the nineteenth century, the Yiddish press developed into an influential factor in all phases of Jewish life and activity.

Coming to a strange land with different customs and traditions, the Jewish emigrants were greatly aided by the Yiddish press which helped them to understand and adjust themselves to their new environment.

The Yiddish press played an important role in the growth of trade unionism, particularly in the garment trades. The struggles, setbacks and victories of the workers in these trades are all mirrored in the pages of the Yiddish press which supported the striving of the workers for higher industrial standards.

We are glad that the celebration is being utilized for the practical objective of raising a fund to rehabilitate the Yiddish press and bring about a revival of the creative work of Yiddish letters abroad. This is as important as the physical rehabilitation of the Jewish people and the restoration of their civil and political rights.

On behalf of Cutters' Union, Local 10 of the I.L.G.W.U., I extend fraternal greetings to the Yiddish Writers' Union, and wish them success in their present and future undertakings.

ISIDORE NAGLER
Manager, Local 10
Vice-President, I.L.G.W.U.

*Greetings from*

# DRESSMAKERS UNION
## Local 22, I.L.G.W.U.

•

To the workers of the needle trades the Jewish press has always been more than merely a purveyor of news and information; more even than merely an agency of popular education. It was the Jewish press that stimulated and fostered the first beginnings of unionism in our industry. It was the Jewish press that forced the general public to become aware of the miserable conditions prevailing in the garment shops of those days. It was the Jewish press that championed our cause through the many bitter struggles that marked the rise of collective bargaining and human relations in the needle trades. It was the Jewish press to which generation after generation of workers continued to look for advice and inspiration, for guidance and encouragement, in their everyday struggle. We acknowledge with gratitude the magnificent part the Jewish press has played in the advance of our movement.

But in celebrating the 75th anniversary of the Jewish press in America we are not merely paying tribute to past services. We are thinking also of what the Jewish press is doing today in bringing an understanding of American democratic institutions to its readers, in mobilizing the Jewish masses for victory and post-war reconstruction, above all in giving voice to the agony of the Jews throughout so much of Europe at this darkest moment of their history.

To the Jewish press of America we extend our best wishes and most sincere respects. May the first three-quarters of a century of life and endeavor be but the harbinger of many decades of fruitful service to the Jewish people, to America and to the world.

DRESSMAKERS UNION, LOCAL 22, I.L.G.W.U.
CHARLES S. ZIMMERMAN, Secretary-Manager

# די יידישע פּרעסע האָט געהאָלפן אויסצוקעמפן אַ בעסער לעבן

באַגריסונג פון דער

יונייטעד קלאוק, סוט, אינפענטס ענד טשילדרענס קאוט אפּערייטאָרס ענד סעמפּל מעיקערס לאָקאל 117

א. ל. ג. וו. י.

●

דער קלאָוק און ריפער אָפּערייטאָרס לאָקאל 117 פון דער א. ל. ג. וו. י., איז זייער צופרידן אָנצונעמען די איינלאַדונג פון דעם י. ל. פּרץ שרייבער פאַראיין צו באטייליקן זיך אין דער פאָלקס-פייערונג פון 75 יאָר יידישע פּרעסע אין אמעריקע.

אונזער לאָקאל, וואס זיין גרויסע מערהייט באשטייט פון יידישע אימיגראַנטן, איז פאר די 58 יאָר פון זיין עקזיסטענץ דער בעסטער עדות, אז די יידישע פּרעסע אין אמעריקע האָט זייער פיל מיטגעהאָלפן די יידישע ארבעטער אימיגראנטן אויסצוקעמפן א בעסער לעבן, די רעכט צו זיין אָרגאַניזירט, און געהאָלפן אין זייער קולטורעלער אנטוויקלונג.

מיר פילן דערפאר, אז די פייערונג פון 75 יאָר יידישע פּרעסע איז אויך אונזער גרויסער יום טוב.אנשטאט אייך צו באַגריסן, לאָמיר זיך אלע באַגריסן.

מיט הארציקער צופרידנקייט טראָגן מיר צו אונזער ביישטייערונג צו העלפן צוריק אויפבויען די יידישע פּרעסע אין די באַפרייטע לענדער פון אייראָפּע.

פונקט ווי ביי אונז אין אמעריקע, זיינען מיר איבערצייגט, אז די צוריק-אויפגעבויטע יידישע פּרעסע פון אייראָפּע וועט שפּילן א גרויסע ראָלע אין ווידער אויפשטעלן דעם עקאָ-נאָמישן, קולטורעלן און געזעלשאַפטלעכן לעבן פון אונזערע לײדענדע ברידער און שוועסטער, וועלכע האָבן זיך געראַטעוועט פון די נאַציישע מערדער.

מיר ווינטשן און האָפן, אז ביי דער פייערונג פון 100 יאָר יידישע פּרעסע וועט מען קענען גלייכצייטיק פייערן 25 יאָר פון א בעסערער און שענערער וועלט, א וועלט פריי פון מלחמות, פון דיקטאַטור, פון נויט און עקספּלואַטאציע, א וועלט פון פרייהייט, דעמאָקראַטיע און גלייכהייט פון אלע מענטשן און פעלקער.

**קלאוק אפּערייטאָרס, ריפער און סעמפּל מאכער לאָקאל 117, א. ל. ג. וו. י.**

**ר. צוקערמאַן, טשערמאַן**

**בענדזשאַמין קאַפּלאַן, מענעדזשער-סעקרעטאר**

# אייער יום טוב איז אויך אונזער יום טוב

## באַגריסונג פון קלאוק, סקוירט און דרעס פּרעסערס

לאָקאַל 35, א. ל. ג. וו. י.

•

די פייערונג פון 75 יאָר אידישע פּרעסע אין אַמעריקע איז אַ יום-טוב פון דער גאַנצער אידישער אַרבעטער באַוועגונג. דער י. ל. פּרץ שרייבער פאראיין דאַרף באַגריסט ווערן פאַר נעמען אויף זיך די איניציאטיוווע צו פייערן דעם יום טוב אויף אַ ווירדיקן אופן.

די אידישע אַרבעטער באַוועגונג האָט אלעמאָל אָפּגעשאצט די גרויסע ראָלע, וואָס עס שפּילט די אידישע פּרעסע אין דעם לעבן פון די אידישע אַרבעטער מאַסן און דעריבער פילט זי זיך ווי אַ גאָר נאָענטער מחותן ביי דער איצטיקער שמחה.

דעם פונדאמענט פאר דער אידישער פּרעסע אין אמעריקע האָבן אוועקגעלייגט מענטשן מיט סאָציאליסטישע אידעאלן, וועלכע האָבן געשטרעבט צו פארבעסערן די לאגע פון די אַרבעטער. די אידישע פּרעסע האָט געהאָלפן בויען די טרעיד יוניאָנס, וואָס זיינען איצט אַזאַ וויכטיקער כוח אין דעם אידישן לעבן.

ניט געקוקט אויף אלע שווארצע נביאים, וועלכע האָבן כסדר פאָרויסגעזאָגט דעם אונטערגאַנג פון די אידישע צייטונגען, האָט די אידישע פּרעסע דערלעבט צו פייערן איר 75 יעריקן יובליי. אין פאַרלויף פון די אַלע יאָרן האָט אָנגעהאלטן אַ פריינדלעכע באַציאונג צווישן דער אידישער פּרעסע און דער אידישער אַרבעטער באַוועגונג. עס איז אונזער וואונטש, אַז אין פארלויף פון די קומענדיקע 75 יאָר זאָלן די ווארעמע באַציאונגען ווייטער אָנהאלטן.

דזשאָזעף ברעסלאו, מענעדזשער

מ. קופּערמאַן, טשערמאַן

**UNDERGARMENT & NEGLIGEE WORKERS UNION**

Local 62, I.L.G.W.U., Affiliated with A. F. of L.

**873 BROADWAY, NEW YORK CITY**

On this 75th Anniversary of the Yiddish press in America, an occasion which should be a Diamond Jubilee is celebrated with solemn and tragic consciousness of the suffering of Jewry in Europe. This anniversary is a fateful moment for renewed resolve and determination to revive the Yiddish press in Europe. Jews have always been the bearers of the Word. For centuries their culture has been passed on to each succeeding generation for the betterment of the world.

In America, the Yiddish press had a unique task. It was the sole means of transmitting news and enlightenment to thousands of newly arrived immigrants. Emerging from the ghetto life of the Old World, they depended here on the Yiddish press to acquaint them with their new home, with their roles in an unprejudiced democracy. How well the Yiddish press succeeded is history now, for the contributions of these readers and their children have enriched the national life of our country. From the Yiddish press they learned what democracy is, how it functions and what their duties and obligations are in America. Many American-born Jews are unaware of the contributions of the Yiddish press to our national culture. It taught Americanization to millions of friendless, but eager, immigrants. It brought hope and spiritual values into their drab lives.

The Yiddish press has been an integral part of European Jewish life. It must be revived again now. There are hundreds of thousands of Jews scattered over Europe who must depend on the Yiddish press for news and encouragement which will enable them to lift their heads again, to assume their lives as citizens of their respective countries.

A revived Jewish press in Europe will literally give new life to those suffering Jews who have survived there. It will again affirm the survival of man's eternal spirit, and those basic values that always emerge stronger from their cruelest trials and tribulations. The Yiddish press will be a living, breathing proof that the Nazis may kill Jews, but they cannot kill Jewry.

This century is not the only one which has witnessed the cruel slaughter of Jews. There have always been tyrants and oppressors who have slain Jews with sword and gun. But the great integral of Judaism lives on, nourished in suffering, strengthened in privation, fed in secret from the well-springs of the soul.

The flame of the Word has never died. It may have burned low. But its eternal light will never be extinguished.

SAMUEL SHORE,
Manager

באגריסונג פון

# דרעס פּרעסערס יוניאָן, לאָקאל 60, א. ל. ג. וו. י.

די דרעס פּרעסערס יוניאָן, לאָקאל 60, א. ל. ג. וו. י., באַגריסט די יוניאָן פון אידישע שרייבער (דעם י. ל. פּרץ שרייבער פאראיין) צו דער פייערונג פון 75 יאָר אידישע פּרעסע אין אמעריקע.

די דרעס פּרעסערס יוניאָן, ווי אלע אַנדערע אידישע יוניאָנס אין אמעריקע, האָט צו פארדאנקען איר עקזיסטענץ און אנטוויקלונג צו דער אידישער פּרעסע און צו די אידישע שרייבער.

די דרעס פּרעסערס יוניאָן האָט אויסגעקעמפט פאר אירע מיטגלי-דער אנשטענדיגע שכירות, קורצע ארבעטס-שטונדן, אַ מעגלעכקייט פאר בילדונג און פארוויילונג און אַ סך אַנדערע אויסבעסערונגען. אַ גרויסן חלק אין אָט די אלע אויסבעסערונגען האָט די אידישע פּרעסע, וועלכע האָט אלעמאָל קלאָר ארויסגעבראכט די גערעכטע פאָדערונגען פון די ארבעטער פאר דער גאנצער וועלט.

מאַקס קאָהען, מענעדזשער

דרעס פּרעסערס יוניאָן, לאָקאל 60, א. ל. ג. וו. י.

# לעבן

(שטימונגען)

## פון י. י. העלער

(וויס־פּרעזידענט א. ל. ג. וו. י. און מענעדזשער פון לאָקאל 105, א. ל. ג. וו. י.)

א.

לעבן: — טייערסטע מתנה פון גאָט,
פון זעלביקן ווערט אין דאָרף און אין שטאָט,
צום מאָס געשאפן פאר יעדער פּערזאָן,
און דער וועלכער שטעלט איין דיך אין קאָן,
פאר פריייהייט, פאר גלויבן אָדער שוץ פון זיין פאָן,
פאַר לעבן פון פאָלק און רעכט פון נאציאָן,
וועט דיך — לעבן צוריק קיינמאָל ניט קריגן,
אפילו ווען זיינע מחנות וועלן דעם שונא באזיגן,
אויב ער נאָר אליין וועט פאלן אין שלאכט —
אין הערויאישן ווידערשטאַנד גענן טיראנישער מאכט.

לעבן — קומט נאָר איין מאָל אין לעבן צו איינעם.
צוויי לעבנס — ווערן ניט געגעבן צו קיינעם.
אפילו פאר די וועלכע האָבן אין לעבן גערימט,
ווערט נאָר א מצבה — א מצבה א גרויסע באשטימט . . .

ב.

לעבן: — רירעוודיקער, צאפּלדיקער לעבן,
מיט גאָט׳ס אייגענע האנט, יעדן מענטשן געגעבן.
אייביק האָסטו מיט פייערדיקער ליידנשאפט הערצער אָנגעפילט,
און אין טיפע, פארשלייערטע סודות דיין וועזן איינגעהילט.
דערקוויקענדיקער קוואל פון געפילן און פארלאנגען,
עמפינדלעכע סטרונע פאר דער נשמה׳ס רעגנדע געזאנגען,
איך וויים דיין צוועק, איך פארשטיי דיין ציל: —
הייליקע, ריינע, ליבע — געוויקלט אין צארטלעכן געפיל.
פונק פון גאָט׳ס פייער — פון זיין קראפט, פון זיין מאכט,
דורך מלאכים געפליגלטע — פון הימל אראָפּגעבראכט.

דיך קען קיינער קיינמאָל ניט פארניכטן,
ניט וועלט, מלחמות, און ניט קיין קריגס־געריכטן.
יעדער טראָפּן דיינער — זיסער, צארטער לעבן,
וועט צו דורות, נייע, יונגע — ווערן אָפּגעגעבן.

## GREETINGS FROM LOCAL 66

**Bonnaz and Hand Embroiderers, Tuckers, Stitchers and Pleaters Union.**

**I.L.G.W.U.**

Congratulations to the Yiddish Press and the Yiddish Writers' Union on the occasion of the 75th Anniversary of the Yiddish Press.

The officers and members of our union are aware of your great work in the past for the masses in general and for the Jewish masses in particular. We are certain that you will continue in the same spirit.

We wish you great success in your efforts to help rebuild the Yiddish press in the liberated countries of Europe.

ZACHARY L. FREEDMAN, President

---

באַגריסונג פון

### קלאוק פינישערס לאָקאל 9
א. ל. ג. וו. י.

צוזאמען מיטן י. ל. פּרץ שרייבער פאראיין און אלע אידישע אָרגאניזאַציעס פייערן מיר דעם 75-טן געבורטסטאָג פון דער אידישער פּרעסע אין אמע-ריקע.

מיר האָפן, אז עס וועט זיך אונז איינגעבן אין די באפרייטע לענדער צוריק אויפצובויען א פרייע אידישע פּרעסע, וואס זאל אויפהויבן דעם קולטו-רעלן מצב פון די אידישע פאָלקס-מאסן און זיין די פאָרקעמפערן פאר זייערע אידעאלן און אספּירא-ציעס.

**לואיס היימאן, מענעדזשער-סעקרעטאר**

**סעם בערמאן, טשערמאן**

---

Greetings from

**LOCAL 142, I.L.G.W.U.**

JOSEPH TUVIM
Manager

Greetings from

**BLOUSE &**
**WAISTMAKERS' UNION**

LOCAL 25, I.L.G.W.U.

**Affiliated with A. F. of L.**

134 WEST 32nd STREET

NEW YORK CITY

CHARLES KREINDLER, Manager

---

באַגריסונג פון

**סקוירט מאַכער יוניאָן, לאָק. 23**
**א. ל. ג. וו. י.**

כאָטש מיר זיינען ניט קיין גרויסע יוניאָן, און אונזער בייטראג צו דעם פאָנד וואס דער פּרץ שרייבער פאראיין שאפט אויפצוריכטן די אידישע פרעסע אין די באפרייטע לענדער פון אייראָפּע קען אויך ניט זיין קיין גרויסע, דאָך שטיצן מיר אונטער אייער פיינע ארבעט און מיר זאָגן צו, אז צוזאַמען מיט דער אָרגאניזירטער ארבעטערשאפט וועלן מיר טאָן אלץ וואס איז נאָר אין אונזערע כוחות דורכצופירן די וויכטיקע מיסיע.

לואיס גאָרדאָן, טשערמאן
לואיס ריס, מענעדזשער

---

Greetings from

**Eastern Out of Town Department**

**INTERNATIONAL LADIES GARMENT WORKERS' UNION**

HARRY WANDER, Manager

---

Greetings from

**EXECUTIVE BOARD, LOCAL 20, I.L.G.W.U.**

1181 BROADWAY

NEW YORK CITY

Joe Kessler, Mgr.

David Massin, Chairman

---

Greetings from

**CLOAK & DRESS DRIVERS**
**& HELPERS UNION**

Local 102, I.L.G.W.U.

SAM BERGER, Manager-Secretary

---

Greetings from
**Examiners & Floor Workers Union,**
**Local 82, I.L.G.W.U.**
131 WEST 33rd STREET NEW YORK CITY
Charles Bernstein, Manager

---

*Greetings from*

**LOCAL 99, I.L.G.W.U.**

151 WEST 40th ST. NEW YORK CITY

Louis Dworkin, Manager

*Greetings from*

## NATIONAL COAT & SUIT INDUSTRY RECOVERY BOARD

The National Coat and Suit Industry Recovery Board joins in tendering wholehearted congratulations to the Yiddish Press on the great service it has rendered since its inception three-quarters of a century ago.

The coat and suit industry is, indeed, grateful for the constructive attention so consistently accorded it by that great branch of journalism. It has reported, with admirable accuracy and understanding, the absorbing saga of this trade from its humble origin to its present distinguished role in the economy of the nation and the service of the public. The Jewish people have made a truly significant contribution to that progress. They take understandable pride in that development and in the role of this trade in making the American woman the best-dressed in the world.

They are fittingly gratified that the coat and suit industry has pioneered so many notable advances in industrial relationship. The trade has, indeed, an illustrious history of collective bargaining that dates back to the famous Protocol of Peace written in 1910 by the late Justice Louis Dembitz Brandeis, then chairman of the industry's first Board of Arbitration.

Other notables whose interest and counsel have been factors in rearing the industry's distinguished structure of collective relationship have included Julius Henry Cohen, Morris Hillquit, Hamilton Holt, Felix Adler, Jacob Schiff, Louis Marshall, Alfred E. Smith, Franklin D. Roosevelt, Herbert H. Lehman, Raymond V. Ingersoll and George W. Alger. Their efforts have had cumulative fruition in the formation of the Recovery Board.

After years of painstaking strides toward a stabilized industry, the depression that began in 1929 imperilled the whole structure of collective relations and labor standards. The menace of a possible reversion to unsavory labor conditions had become increasingly serious when, in 1933, the National Industrial Recovery Act was passed. The coat and suit industry, quickly sensing the potential benefits of this measure, prepared its Code of self-government under the Act. It was the fifth Code to be approved by the President. It was the first to call for a label, and one of the few to give labor representation on the Code Authority. It established the 35-hour week for the industry as a whole. It gave official cognizance of the industry's trade regulations designed to curb abuses in buyer-seller relationship.

The industry, having achieved a high degree of stability under the NRA, was understandably dismayed by the nullification of the Recovery Act by the United States Supreme Court in May, 1935. Labor and management acted promptly to perpetuate, on a voluntary basis, the program that had been so helpful to sound industry operation and to the safeguarding of wholesome labor standards. This attitude received tangible expression in the formation of the National Coat and Suit Industry Recovery Board in June, 1935, by the employers' associations and the cloakmakers' unions of the International Ladies' Garment Workers' Union in all markets throughout the country.

As stated, it was patterned upon the Code of Fair Competition under the NRA and was directed by an Executive Committee of composition and duties similar to those of the Code Authority. Today, nine and a half years after its founding, the Recovery Board is recognized as an established institution, indispensable to

the welfare of its field and of unmistakably constructive meaning to the consuming public.

The Recovery Board has aptly been called the "Parliament of the coat and suit industry."

It maintains fair labor standards and fair trade practices in the coat and suit markets throughout the nation—markets that produce more than ninety-five per cent of the industry's total output.

Through the Recovery Board, fifty thousand workers and fifteen hundred employers are fostering their common welfare, harmoniously and constructively.

A "Consumers' Protection Label" identifies the garments as being produced under the enlightened working and other conditions of the Recovery Board. The label has been endorsed by women's organizations comprising millions of members and by various government agencies.

It is significant to note that the Recovery Board is serving as a medium for effective support of patriotic and relief endeavors. The Refugee Relief Fund of the Coat and Suit Industry of New York, financed through the label machinery of the organization, has contributed almost $1,500,000 during the past five years to humanitarian causes.

The Yiddish press has shown a keen and sympathetic awareness of the Recovery Board's achievements and of its broad significance in the field of industrial relations. It has accorded generous attention, not merely to the activities of the orgnization, but also to the fostering of public interest in its "Consumers' Protection Label", urging women to confine their purchases of women's and children's coats and suits to garments so earmarked.

We are profoundly grateful for this help, which, we know, typifies the spirit of helpfulness that has been a basic attribute of the Yiddish Press throughout its seventy-five years of existence.

# THE YIDDISH PRESS SERVED OUR NATION

by M. ZARITSKY, President

**United Hatters, Cap and Millinery Workers International Union**

The decision of the Yiddish Writers' Union to commemorate the 75th Anniversary of the Yiddish press in America would have been one well worth making and executing even if it did no more than recall the contribution which that press has made to the spiritual, cultural and material progress of millions of people who looked to that press for inspiration and leadership. The Yiddish press, it is almost unnecessary to add, served our nation no less than the millions of people who depended upon it for information and education.

But by utilizing the occasion which the 75th anniversary celebration offers to help create a fund to reconstitute and revive the Yiddish press abroad the Yiddish Writers' Union has taken the leadership in one of the most important ventures for the salvation of Jewry throughout the world. It is too late to save the millions of Jews whose destruction constitutes the greatest crime in the long series of crimes which make up man's inhumanity to man. But they have left for those who survive an imperishable spiritual heritage. For their sake, and for the sake of those who may survive the carnage, and who will have to rebuild on the blood-stained fields of Europe their shattered hopes and homes, a reconstituted and revived Yiddish press will be indispensable. More than ever they will need the hope and inspiration and culture with which such a press can provide them.

In a field that might otherwise have been neglected, the project of the Yiddish Writers' Union can render inestimable benefit to world Jewry. May it enlist the support of all who retain faith in the capacity of the Jewish people to emerge from the greatest ordeal they have ever been subjected to with their ideals intact and their glory unimpaired.

# A MESSAGE TO THE YIDDISH WRITERS UNION:

•

We heartily join you in commemorating the 75th Anniversary of the Yiddish Press. Your endeavor to dedicate this anniversary to the raising of funds for the rehabilitation of the Yiddish Press in the countries liberated from Nazi tyranny, is indeed praiseworthy and deserving of our wholehearted support.

To the Jewish masses in many parts of Europe, the Yiddish Press was more than a mere source of information. It reflected many fundamental aspects of their cultural life and served as the medium for their political and national aspirations.

During this war, the Yiddish Press in Europe was destined to meet the same tragic fate as befell the Jewish masses in all Nazi occupied countries. Now, that the hour of final liberation is at hand it is appropriate that simultaneously with our aims for the restoration of the Jewish people's civil, economic and political rights, their press, the free expression of a democratic people, be re-established as well.

To this end, we offer our best wishes for the success of your noble effort.

JOINT BOARD, MILLINERY WORKERS UNION

NATHANIEL SPECTOR, Manager

A. MENDELOWITZ,

MAX GOLDMAN,
Co-Managers

ALEX ROSE, Sec'y-Treasurer

# Retail, Wholesale and Chain Store Food Employees Union

152 WEST 42nd STREET • NEW YORK 18, N. Y. LOCAL 338 CIO TELEPHONE • WISCONSIN 7-7365

*President*
MURRAY J. KUDISH
*First Vice-President*
MEYER WINOKUR
*Second Vice-President*
EDWARD P. WALSH
*Third Vice-President*
LOUIS IACONO
*Editor*
E. SCHWARTZMAN
*Business Agents*
JULIUS SUM
NORMAN ESELSON
SAMUEL KARSCH
AL TRIBUSH
*BEN BENTON
(*on leave with U. S. Army)

Dec. 12, 1944

Dr. Louis Hendin, Pres.
Yiddish Writers Union
175 East Broadway
New York 2, N.Y.

My dear Dr. Hendin:

Please convey to the members of the Yiddish Writers Union our best wishes and congratulations on the occasion of the 75th Anniversary of the Yiddish press in America.

The Yiddish press has played a role in the life of the Jewish people during three-quarters of a century which no other cultural institution in the history of our people can equal. It was the chief factor in integrating our people with America; of interpreting the great democratic traditions of our country to the Jewish people, and it implanted a love in the Jewish people and a devotion to these traditions.

Tens of thousands of our boys who are now dying in defense of American democracy can attribute their understanding and love of America to the influence of the Jewish press. Without the Jewish press there would have been no Jewish unions. It was perhaps the most important factor in the organization of hundreds of thousands of Jewish workers, in elevating their living standards and in creating for them economic, social, cultural and political opportunities which are indeed on a very high level. The Jewish press was responsible for the development in the United States of hundreds of Jewish schools. It stimulated the creation of vast literature. It aided in establishing institutions of research and scholarship.

You may well celebrate the 75th Anniversary of the Jewish press with a feeling of pride in your achievements.

Sincerely,

Murray J. Kudish
President

באַגריסונג פון דער

# ניו יאָרקער פּאַקעטבוק אַרבעטער יוניאָן

די פּאַקעטבוק ארבעטער יוניאָן אין ניו יאָרק באַטייליקט זיך מיט פרייד אין דעם גרויסן יום טוב פון 75 יאָר אידישע פּרעסע אין אמעריקע. מיר באַגריסן דעם י. ל. פּרץ שרייבער־פאראיין מיט זיין אונטערנעמונג צו העלפן דעם ווידערגעבורט, אויפקום און ווידעראויפבוי פון דער אידישער פּרעסע אין אייראָפּע.

פּאקעטבוק אַרבעטער יוניאָן, ניו יאָרק

**אָסיפּ וואָלינסקי**, עקזעקוטיוו דירעקטאָר

**פּיליפּ לובלינער**, סעקרעטאר־טרעזשורער

## די פּאקעט־בוק אַרבעטער יוניאָנס אין ניו יאָרק פון 1886 ביז 1945

**59 יאָר פון אויפקום, אומקום און ווידעראויפלעבונג**

פון **אָ ס י פּ   ו ו אָ ל י נ ס ק י**

(עקזעקוטיוו דירעקטאָר, פּאקעט־בוק מאכער יוניאָן, ניו־יאָרק)

אַ רייכע פארגאנגענהייט, אַן אינטערעסאנטע געשיכטע — די געשיכטע פון די פּאקעט־בוק ארבעטער יוניאָן אין ניו יאָרק. איז אבער די צייט א שווערע, טאָ ווער קימערט זיך היינט וועגן א געשיכטע פון א יוניאָן? ווילט זיך שטאַרק גלויבן, אז קומען וועט א טאָג און די געשיכטע פון די פּאקעט־בוק ארבעטער יוניאָנס וועט נאָך די ליכטיקע וועלט דערזען! באנוגענען מיר זיך דערווייל, צו דער געלעגנהייט פון 75 יאָר אידישע פּרעסע אין אמעריקע מיט א פּאָר נאָטיצן פון א רייכן מאטעריאל, וואס איך האָב לעצטנס אָנגעזאמלט פאר דער יוניאָן.

די ערשטע יוניאָן פּיאָנערן און אָרגאניזערס פון אונזער טרייד זיינען געווען דייטשע און אידישע סאָציאַליסטיש־געזאָנענע פּוירס־מאכער. איז טאקע די ערשטע יוניאָן קאָנסטיטוציע, באשטאנען פון עלף בלעטלאך, אָפּגעדרוקט געוואָרן אין דייטש, אין דער דרוקעריי פון דזש. פינק און סאָן, פּרינטערס, 639 זעקסטע סטריט, נ. י.

דער אַרטיסטישער שער־בלאט פון דער קאָנסטיטוציע לייענט זיך ווי פאָלגט: „קאָנסטיטוציע דער פּוירס־מייקערס יוניאָן פון ניו יאָרק און אומגעגנט, אָרגאניזירט דעם ערשטן פעברואר, 1886.

אַרטיקעל צוויי, סעקשאָן איינס פון דער באַטרעפנדער קאָנסטיטוציע איז ניט נאָר אינטערעסאנט, נאָר אמת מאָדערן און לייענט זיך ווי פאָלגט:

1. די יוניאָן באַצוועקט נאָכצוקומען די מאַטעריעלע און גייסטיקע פאָדערונגען פון די מיטגלידער.

2. די יוניאָן זוכט צו דערגרייכן דעם צוועק דורך פאָלגנדע מיטלען:

א) קעגנזייטיקע אויפקלערונג איבער דער לאַגע פון די אַרבעטער אין טרייד.




ב) אומענטגעלטלעכע אַרבעטס-נאָכווייזונגען.

ג) דורך אונטערשטיצונג מיט געלט-מיטלען.

ד) אין ערלערנען זיך די מלאכה.

ה) הילף אין קראַנקהייטס-פאַלן.

ו) אין גייסטיקער באַציאונג דורך פאָרטראַגן און דיס-קוסיאָנען איבער פאָלקס-ווירטשאַפט, סטאַטיסטיק און דאָס גלייכן.

אזוי זיינען די ערשטע יוניאָן-פּיאָנערן אין אונזער טרייד געווען אמת'ע אינטעליגענטע מענטשן.

זאָל דאָ גלייך באַמערקט ווערן, אַז שוין מיט 59 יאָר צוריק האָבן די דייטש-שפּרעכנדע אינטעליגענטן אין אונ-זער פאַך איינגעזען די נויטיקייט צו אַדרעסירן די אידישע אַרבעטער אין טרייד אין אונזער מאַמע-לשון. איז טאַקע די פּרייז-ליסטע פאַר אַלע שטיק-אַרבעטער פּוירס מאַכער אָפּגעדרוקט געוואָרן אין אידיש.

די פּרייז-ליסטע איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן פון אמת גוטע בעל מלאכות און האָט ארומגענומען גאַנצע 122 פאַרשידענע נומערן פון פּוירסעס.

אין 1887 האָט די יוניאָן, אונטער דער פירערשאַפט פון א קאָמיטע מיט א געוויסן הענרי פּאַסטער אַלס טרע-זשורער, אָרגאַניזירט א קאָ-אָפּערייישאָן צו שטאַרקן די יוניאָן און פאַרפעסטיקן דעם באָדן פון די אָרגאַניזירטע אַרבעטער אין טרייד.

די סוועט-שאַפּ באַדינגונגען אין טרייד, די פאַר-צווייפלטע לאַגע פון די אַרבעטער, די אַנטווישונגען פון די יוניאָן פּיאָנערן, דער אויפקום, אומקום און תחית-המתים פון די אַלע יוניאָנס אין טרייד און דאָס גלייכן, קענען מיר דאָ ניט באַהאַנדלען.

עס קען נאָר געזאָגט ווערן, אַז די פּוירס און פּאַקעט-בוק אַרבעטער אין ניו-יאָרק האָבן פילע מאָל געביטן די נעמען פון זייערע טרייד יוניאָנס, גלויבנדיק אין משנה-שם, איז משנה מזל.

פון די שפּעטערע נעמען פון אונזערע יוניאָנס, זאָלן דאָ דערמאָנט ווערן: „די פּענסי לעדערגודס וואָרקערס יוניאָן" אין 1910; „די טראַוועלערס גודס און לעדער נאָ-וועלטי וואָרקערס יוניאָן" אין 1915; און ווידער „די פּענסי לעדער גודס וואָרקערס יוניאָן" אין 1918; „די אינטערנעשאָנעל פּאַקעט-בוק וואָרקערס יוניאָן" אין 1923; — און די נעמען פון די יוניאָנס אין טרייד פון היינט — „די פּאַקעט-בוק אַרבעטער יוניאָן אין ניו יאָרק" איז אונ-זער יונייטעד פּאַקעט-בוק לעדער גודס און נאָוועלטי וואָר-קערס אין אמעריקע און די אוט-אָוו-טאַון יוניאָנס אונ-טערן נאָמען „די אינטערנעשאָנעל לײדיס הענד בעגס, לאָ-געדזש, בעלט און נאָוועלטי וואָרקערס יוניאָן".

איז א גרויסער המשך פון 1886 ביז 1945 — אזוי פיל דורכגעלעבט און דורכגעמאַכט! דערפאַר איז אָבער די יוניאָן זינט 1918, ווען דער שרייבער פון די שורות האָט אונטערגעשריבן דעם ערשטן קאָלעקטיוון אַגרימענט מיט די מאַנופאַקטשורערס אין טרייד, געבליבן לעבן טראָץ אַלע שטורמס און קאַמפן.

איז „די פּאַקעט-בוק אַרבעטער יוניאָן אין ניו יאָרק" פאַרבליבן א אידישע יוניאָן אונטער א אידישער פירער-שאַפט. ציילט היינט די יוניאָן קרוב 8,000 מיטגלידער, און א פערטל מיליאָן דאָלאַר אין דער קאַסע, און דער טרייד איז אויסגעוואַקסן צו צוויי הונדערט מיליאָן דאָלאַר. כן ירבו!

# באַגריסונג פון די פאראייניקטע אידישע געווערקשאַפטן

די פאראייניקטע אידישע געווערקשאפטן, וועלכע איז די מוטער-אָרגאניזאַציע פון אלע יוניאָנס, באַטראכט דעם 75-יאָריקן יובילײ פון דער אידישער פּרעסע אין אמעריקע ווי איר אייגענעם יום-טוב.

די געווערקשאַפטן באַגריסט די היסטאָרישע פאַרדינסטן וואָס די אידישע פּרעסע האָט פאר דער ענטוויקלונג פון אונזערע יוניאָנס און פאר אלץ וואס האָט אן ענגן שייכות מיט דער אַמעריקאנער-אידישער אַרבעטער באַוועגונג.

עס איז דעריבער א פרייד פאר די פאראייניקטע אידישע געווערקשאפטן צו באַגריסן דעם 75-יאָריקן יובילײ פון דער אידישער פּרעסע און דורך דעם אויסדריקן איר ענגע פארבינדונג מיט דעם אידישן וואָרט און מיט דער אידישער קולטור.

מיר זיינען באזונדערס צופרידן וואס דער י. ל. פּרץ שרייבער פאראיין, וועלכער איז אָנגעשלאָסן אָן אונזער אָרגאניזאַציע, האָט פארבונדן דעם יובילײ פון דריי-פערטל-יאָרהונדערט עקזיסטענץ פון דער אידישער פּרעסע, מיט דער היסטאָרישער אויפגאַבע צו העלפן צוריק אויפריכטן די אידישע פּרעסע אין אייראָפּע.

רובין גוסקין, פּרעזידענט

מאָרים טיגעל, וויים-פּרעזידענט

וויליאם וואָלפּערט, עקזעקוטיוו סעקרעטאר

---

# International Ladies' Handbag, Luggage, Belt and Novelty Workers Union

**Affiliated with American Federation of Labor**

**265 WEST 14th STREET** **NEW YORK 1, N. Y.**

On this occasion of the 75th Anniversary of the Jewish Press, the International Ladies' Handbag, Luggage, Belt and Novelty Workers Union sends its warmest greetings.

In America, the land of freedom, liberty and a free press, the written word assures the preservation of these fundamental rights and is the strongest instrument and weapon against oppression, Nazism, Fascism and totalitarianism. The dissemination of truth and knowledge by a free and untrammeled press will serve as a guiding spirit throughout the world to check and eradicate any and all reactionary oppressors.

We must use the free written word to build a better world — a world of freedom, liberty and justice for all people and all nations and for every race, color and creed.

INTERNATIONAL LADIES' HANDBAG, LUGGAGE
BELT & NOVELTY WORKERS UNION, AFL

General Executive Board
Samuel, Reinlib, President

באַגריסונג צום י. ל. פּרץ שרייבער פאראיין
— פון —
# ניו יאָרק דזשאָינט באָארד
## אמאלגאמייטעד קלאָדינג וואָרקערס אָוו אמעריקע

די ניו יאָרקער דזשאָינט באָארד פון דער אמאלגאמייטעד קלאָדינג וואָרקערס אָוו אמעריקע שליסט זיך אָן מיט אלע אנדערע אידישע אָרגאניזאַציעס אין דער פייערונג פון 75 יאָר אידישע פרעסע אין אמעריקע.

אין דעם לעבן פון די אידישע אימיגראנטן און אין דעם קאמף, וואס זיי האָבן געפירט פאר א בעסערן לעבן, האָט די אידישע פרעסע געשפּילט א גרויסע ראָלע.

דעם י. ל. פּרץ שרייבער פאראיין קומט פיל אנערקענונג פאר דער גרויסער קול־טור ארבעט וואס ער טוט בכלל און פאר אויפהויבן דעם אינטערעס פון די אידן אין אַמעריקע צו דער אידישער פּרעסע בפרט.

היינט־צו־טאָג, ווען די אידישע קהילות אין אייראָפּע זיינען חרוב, ווען דאָס אידישע וואָרט איז פארשטומט און די אידישע פרעסע איז אונטערדריקט, איז אמע־ריקע דאָס איינציקע ווינקל וואו די אידישע פרעסע שפּילט א קאָלאָסאלע ראָלע אין דעם אידישן געזעלשאפטלעכן לעבן.

די אמאלגאמייטעד אָרגאניזאַציע, וואס איז געבויט געוואָרן און ווערט אויפגע־האלטן מיט דער הילף פון אידישע ארבעטער, האָט ביז היינט געהאט אַ פּאָזיטיווע שטעלונג צו אידישע קולטור ארבעט און האָט געהאט א באַזונדערסווארעמען געפיל צו דער אידישער פרעסע. און די ענגע פארבינדונגען וועלן מיר אויך ווייטער אָנהאלטן.

מיר באגריסן די אידישע פרעסע צו איר 75 יאָריקן יובילייִ און דעם י. ל. פּרץ שרייבער פאראיין פאר דעם קולטור אויפטו פון פייערן די וויכטיקע געשעעניש.

לואיס האָלענדער, } דזשענעראל מענעדזשערס
דזשאָזעף קאטאלאנאָטי }
אב. מילער, סעקרעטאר־טרעזשורער

---

באַגריסונג פון

## לאָקאל 10, א. ק. וו. א.

די מיטגלידער פון לאָקאל 10, אמאלגאמייטעד קלאָדינג וואָרקערס אָוו אמעריקע באגריסן דעם י. ל. פּרץ שרייבער פאראיין צו דער פייערונג פון דעם 75־יאָריקן יובילייִ פון דער אידישער פּרעסע.

דייוויד אראנסאָן, טשערמאן
דזשייקאָב הערשלאָק, טרעזשורער
דזשאָזעף שוסטער, רעקאָרדינג סעקרעטאר
בארנעט גאָרדאָן, פינאַנס סעקרעטאר

## די פּענטס מאכער טרעיד באָארד אָוו גרעיטער ניו יאָרק

באַגריסט הארציק דעם פּרץ שרייבער פאראיין צו דעם 75־יאָריקן יובילייִ פון דער אידישער פּרעסע, און פאר נעמען אויף זיך די איניציאטיוו צוריק אויפצובויען די אידישע פרעסע אין אייראָפּע. מיר זיינען שטאָלץ בייצוטראָגן אונזער קליינעם חלק צו דער הייליקער ארבעט.

ה. ווערניק, טשערמאן
דזש. יעלאָוויץ, רעק. סעקרעטאר
א. אויערבאך, פינאַנץ סעקרעטאר
מ. בלומענרייך, מענעדזשער

## לאָקאל 25, אמאלגאמייטעד באַגריסט די אידישע פרעסע

צוזאמען מיט דער גאנצער אידישער קולטור־משפּחה, באגריסט לאָקאל 25 פון דער אמאלגא־מייטעד קלאָדינג וואָרקערס אָוו אמעריקע די אידישע פּרעסע אין אמעריקע, צו איר 75־יאָריקן יובילייִ.

צווישן די אלע יובילייאומס וואס מיר פייערן דאָ אין אמעריקע, איז דער יובילייִ פון דער אידי־שער פרעסע אונז אידישע ארבעטער אם נאָענטסטן.

אין דעם קאמף וואס מיר הילפלאָזע, צושראָ־קענע אידישע אימיגראנטן האָבן געפירט קעגן שקלאַפעריי אין די סוועט־שעפּער, קעגן אומוויסנ־הייט און פאר א בעסערן און שענערן עקאָנאָמישן און גייסטיקן לעבן, האָט די אידישע פרעסע גע־שפּילט אן אויסערגעוויינלעך וויכטיקע און דערציע־רישע ראָלע. מיר זיינען דערצויגן געוואָרן אויף דער אידישער פּרעסע; דערפאר איז דער 75 יאָרי־קער יובילייִ פון דער אידישער פרעסע אין אמע־ריקע אונזער יום טוב.

מיר באגריסן דעם י. ל. פּרץ שרייבער פאראיין פאר דעם פיינעם אויפטו. אין אונז מיטגלידער פון לאָקאל 25, אמאלגאמייטעד, וועט די אידישע פּרע־סע אין אמעריקע ווי בכלל די אידישע קולטור, שטענדיק געפינען אן אָנשפּאר.

עקזעקוטיוו באָארד, לאָקאל 25, אמאלגאמייטעד
אייב גאָלדשטיין, פּרעזידענט
דזשאָו דאָרפמאן, פין. סעקרעטאר
הענרי סאבאטקא, פראָט. סעקרעטאר

Greetings from

**ASSOCIATED MUSICIANS OF GREATER NEW YORK**
**Local 802, A. F. of M.**

•

1267 SIXTH AVENUE

NEW YORK CITY

---

Our sincere greetings to the Yiddish Writers' Union on the occasion of the 75th Anniversary of the Yiddish Press. Best wishes for success in your undertaking to restore and rehabilitate the Yiddish press in Europe.

**SUIT CASE, BAG & PORTFOLIO MAKERS' UNION**
**Local 60, I.L.H., L.B. & N.W.U.**
**Affiliated with A. F. of L.**

Jack Wieselberg, Manager
Isidore Bokal, President
Simon Gothelf, Vice-President
Charles Blank, Secretary-Treasurer
Harry Schneider, Recording Secretary
and EXECUTIVE BOARD

---

באַגריסונג פון דער

## אידישער אקטיאָרן יוניאָן

די אידישע אַקטיאָרן יוניאָן איז גליקלעך זיך צו באטייליקן אין דער פייערונג פון 75 יאָר אי-דישע פּרעסע אין אמעריקע.

די צוויי וויכטיקסטע אידישע קולטור אינסטי-טוציעס — די אידישע פּרעסע און דער אידישער טעאטער — זיינען אויף דעם נאָענטסטן אופן פארבונדן איינע מיט די אנדערע. מיר האָפן אז ביידע וועלן נאָך לאנגע יאָרן דינען די אידישע מאסן.

ר. גוסקין, מענעדזשער

---

זייט באגריסט!

**קעיק בעקער יוניאָן, לאָקאל 51**
ניו יאָרק

נ. ערליך, מענעדזשער
ה. האָראָוויץ, פּרעזידענט

---

Greetings from

**Local 124, Food Packers, Condiment & Pickle Workers Union, A. F. of L.**
I. Hovitz, President
153 CHRYSTIE ST. NEW YORK 2, N. Y.

---

מיט גרויסן דרך ארץ באגריסן מיר דעם 75-יאָריקן געבורטסטאָג פון דער אידישער פּרעסע אין אמעריקע.

מיר, אין דער קאפּן-מאכער יוניאָן, האָבן שטענדיק ווי געהעריק אָפּגעשאצט די גרויסע ראָלע וואָס די אידישע פּרעסע שפּילט אין דעם געזעל-שאַפטלעכן און קולטורעלן לעבן פון לאנד. מיר אלס איינע פון די עלטסטע אידישע יוניאָנס אין אַמעריקע שאצן באזונדער אָפּ דעם גרויסן פאר-דינסט פון דער אידישער פּרעסע אין העלפן שאפן און בויען די אידישע ארבעטער באוועגונג.

מיר באגריסן אויך הארציק אייער ערנסטע און צייטיקע אונטערנעמונג צו העלפן ווידער אויפ-בויען די חרוב-געוואָרענע אידישע פּרעסע אין איי-ראָפּע. דאָס אידישע וואָרט וועט מונטערן און געבן מוט די פארבליבענע אידן צוריק אויפצו-ריכטן זייער לעבן אויף פּראָדוקטיווע און גייסטיקע יסודות.

זאָל אייער אונטערנעמונג זיין געקרוינט מיט דערפאָלג.

**קעפּמאכער יוניאָן לאָקאל 2, ניו יאָרק**

ס. הערשקאָוויטש, מענעדזשער
י. ראָבערטס, סעקרעטאר

---

Greetings from

**SOFT DRINK WORKERS UNION**
Local 812, I. B. T.
799 BROADWAY NEW YORK CITY

# אידישע שריפטזעצער יוניאָן

נומער 83

אַ. טי. יו.

## באַגריסט

די פּייערונג פון 75 יאָר אידיישע פּרעסע אין אַמעריקע — אַ שמחה אויף וועלכער זי באַטראַכט זיך אַלס אַ נאָענטע מחותנת׳טע.

56 פון די דאָזיגע 75 יאָר האָט די אידיישע שריפטזעצער יוניאָן געהאָלפן דורכטראָגן די פריידן און ליידן, די נע־בורט־ווייען און טויט־אַנגסטן, דעם אויפ־שוואונג און דעם אונטערגאַנג פון אַ באַדייטנדער צאָל אידיישע צייטונגען און זשורנאַלן וואָס האָבן זיך באַטייליגט אין דעם לאַנגן פּאַראַד פון 75 יאָר אידישע פּרעסע אין אַמעריקע.

די אידיישע שריפטזעצער יוניאָן—אפשר צוליב עגאָאיסטישע מאָטיוון — האָט אַ סך מאָל אונטערגעשטעלט אירע ברייטע פּלייצעס און געהאָלפן אידישע פּעריאָדישע אויסגאַבן בייצוקומען אַ שווערן קריזיס, אָדער וועניגסטנס צו פאַרלענגערן זייער לעבנס־שפּאַן.

און איצט, אין דער טראַגישסטער פּע־ריאָדע פון דער אידישער געשיכטע, זעען מיר אַ שטראַל פון האָפענונג אין דעם פאַקט וואָס, טראָץ אַלע פּעסימיסטישע נביאות פון אונזערע שוואַרץ־זעער אין די פריערדיגע דורות, לויט וועלכע די אידיי־שע פּרעסע און ליטעראַטור אין אַמעריקע האָט שוין לאַנג געדאַרפט זיין בלויז אַן ערינערונג, איז די צאָל פון אידישע צייטונגען און ביכער, וואָס ערשיינען דאָ איצט, ניט קיין קלענערע ווי זי איז געווען אין וועלכער־עס־איז צייט אין די לעצטע 75 יאָר.

לאָמיר האָפן, אַז דער דאָזיגער צושטאַנד וועט זיך נאָך פאַרבעסערן נאָך דער מלחמה דורך אַ פאַרשטאַרקטן באַוואוסטזיין און דורך אַ באַדייטנדן צופלוס פון אידיש־ריידנדיגע אימיגראַנטן.

היימאַן בלום, פּרעזידענט
יעקב פישמאַן, וויים־פּרעזידענט
נייטען אפרת, סעק.־טרעזשורער
מאָרים ראָזענמאַן, פּראָט. סעק

---

באַגריסונג פון

# אידישע ראַדיאָ גילד פון אַמעריקע

(אָנגעשלאָסן אין די פאַראייניקטע אידישע געווערקשאַפטן)

דאָס גערעדטע אידישע וואָרט פון דער ראַדיאָ באַגריסט דאָס געדרוקטע אידישע וואָרט צום 75־טן יובילייאום פון דער אידישער פּרעסע אין אַמעריקע.

אָסקאַר גאָרין, פּרעזידענט
מיכל גאָלדשטיין
אַרנאָלד י. יאפּע } וויצע־פּרעזידענטן
מאַקס באַדין
מיכל לעוויצקי, קאַסירער
צבי סקולער, סעקרעטאַר

---

GREETINGS FROM . . .

**HANDBAG & LEATHER NOVELTY WORKERS UNION, LOCAL 1, A. F. of L.**

HARRIS RUBINSKY, Manager
LOUIS GOULET, President

1440 BROADWAY NEW YORK CITY

---

מיר באַגריסן מיט גרויס אָנערקענונג דעם י. ל. פּרץ שרייבער פאַריין פאַר זיין גרויסע ראָלע אין דער ענטוויקלונג פון דער אידישער פּרעסע אין אַמעריקע, און פאַר זיין ביישטייער צו דער גייסטיקער ענטוויקלונג פון דער אידישער מאַסע בכלל.

## לאָקאַל 261, בראָדערהוד אָון פּיינטערס

פּנחס באַראָן, פּרעזידענט
מאָרים גרינינגער, רעק. סעקרעטאַר
מאַקס גאַפט, פינאַנץ סעקרעטאַר

---

**To Help the Seltzer Workers Maintain Their Union Conditions, Demand This Union Label**




MEYER G. WOLPERT, Manager

**SELTZER WATER WORKERS UNION, LOCAL 23181**

---

**VEST MAKERS UNION, LOCAL 32, A.C.W.A.**

31 WEST 15th STREET NEW YORK CITY

SAM REICH, Manager

